## לענא קיכלער

---

# מיינע קינדער



דאָס בוך „מיינע קינדער" איז אָנגעשריבן געוואָרן
אין דער פוילישער שפּראַך. די יידישע איבערזעצונג
איז פון אהרן צפנת.

# הקדמה

אַ סך ביכער מכּל המינים זענען שוין דערשינען אין משך פון די קנאַפּע דריי יאָר זייט דער מפּלה פון היטלערן. פיל פון זיי וואַרפן אַ שיין אויף דער דאָזיקער טראַגישער תּקופה, וואָס האָט אפשר נישט איר גלייכן אין דער געשיכטע פון דער מענטשהייט, און זיכער נישט אין דער געשיכטע פון אונזער פאָלק.

די דאָזיקע דאָקומענטן באַלייכטן וואָס אַמאָל מער די אַזוי נאָענטע פאַרגאַנגענהייט. מיר זענען אָבער נאָך ווייט, זייער ווייט, פון באַקומען אַ קלאָר בילד, וואָס זאָל אונז מעגלעך מאַכן צו פאַרשטיין, תּופס צו זיין דאָס, וואָס עס איז פאָרגעקומען, וואָס איז געשען מיט דער מענטשהייט, און דער עיקר מיט די לעבעדיקע נפשות — נישט נאָר פיזיש, נאָר אויך גייסטיק; וועלכע זיינען געווען די געפילן, די געדאַנקען, די שטימונגען פון די מיליאָנען יידישע מענער, פרויען, זקנים און קינדער אין די לעצטע מאָמענטן פון זייער לעבן. ווי האָבן דעמאָלט אויסגעזען זייערע פּסיכישע איבערלעבענישן?

ביסלעכווייז בלויז הייבן מיר אָן דורך די ביז איצט דערשינענע דאָקומענטן, דערציילונגען, גבית עדות, אויספירלעכע באַריכטן און באַשרייבונגען, צו זען, אָבער בלויז אַביסל. און דעריבער וואַרטן מיר מיט אַזוי פיל אומגעדולד אויף יעדן נייעם וואָרט, וואָס פירט אונז אַריין אין דער אַטמאָספערע פון נאָענטן עבר. און גאָר, גאָר טייער איז פאַר אונז דאָס וואָרט, וואָס קומט פון אונזערע קינדער. און דאָס איז בלי ספק אַמשווערסטן צו באַקומען. אויב מיר קענען נאָך אַריינדרינגען אין די נשמות פון דערוואַקסענע מענטשן,

אָנשטרענגען אונזער פאַנטאַזיע און מיט דער הילף פון די דערשינענע דאָקומענטן זיך פאָרשטעלן זייער לעבן, זייערע געפילן, זייערע געדאַנקען, זייערע רעאַקציעס, איז דאָס אָבער זייער שווער, ווען עס האַנדלט זיך וועגן אונזערע קינדער, באַזונדערס די פיצעלעך, וואָס זענען אין דער מלחמה-צייט אַלט געווען דריי, פיר, פינף יאָר.

דאָס אַריינדרינגען אין די יונגיטשקע נשמהלעך פון די דאָזיקע קינדערלעך איז איינס פון די שווערסטע אָבער הייליקסטע אויפגאַבן.

דאָס איז געלונגען אין אַ זייער הויכער מדרגה דער פרוי לענאַ קיכלער אין איר בוך „מיינע קינדער". זי באַנוצט זיך מיט דעם בעסטן מיטל: זי לאָזט די קינדערלעך אַליין רעדן, אַליין דערציילן — פשוט אָן קונצן, אָן „ליטעראַטור", אויפן קינדערשן אופן.

לענאַ קיכלערס קינדער שטעלן מיט זיך נישט פאָר קיין איינהייטלעכן טיפ — זיי זיינען פאַרשידנאַרטיק. יעדעס פון די ניין קינדער, וואָס רעדן, דערציילן און שילדערן זייערע איבערלעבונגען, שטעלן מיט זיך פאָר אַ באַזונדערע וועלט, אַ וועלט פאַר זיך. די אַכטיעריקע עווא שאַודער קומט פון אַן אינטעלעקטועלער משפחה — מען פילט דאָס פון איר אַרט רעדן און טראַכטן: פיר־פינף יאָר אַלט בשעת די טראַגישע געשעענישן, שפירט מען שוין ביי איר אַן ערנסטע מאָס פון זעלבסטשטענדיקייט און אָריענטירונג, פון פאַרשטיין, וואָס עס טוט זיך אַרום איר — די „אַרישע" אַטמאָספערע; די זעלבע אָריענטירונג באַמערקן מיר ביי די יינגלעך מאַניוש און שימעק — אויך זיי האָבן געלעבט אויף „אַרישע" פאַפירן נאָר אין גאָר אַנדערע באַדינגונגען.

אַ באַזונדער קאַפּיטל זענען די קינדער, וואָס האָבן פאַרבראַכט אין די געטאָס פון וואַרשע און קראָקע, אין די לאַגערן פון אָשוויענטשים, פלאַשאָוו א. אַ. אָדער די קינדער, וואָס זיינען על פי נס לעבן געבליבן אַ דאַנק פשוטע קריסטן, פויערים, ניאַניעס, ווי אויך די קינדער וואָס האָבן פאַרבראַכט אין די פאַרטיזאַנען-וועלדער.

יעדעס קינד האָט זיין געשיכטע, זיינע איבערלעבונגען, זיין סביבה, נאָר דאָך פילט זיך עטוואָס געמיינזאַמעס, נישט בלויז אין זייער גורל, נאָר אויך אין זייער מענטאַליטעט, אין זייערע אינסטינקטיווע רעאַקציעס און האַנדלונגען, אין זייער אופן צו רעאַ-

גירן, אָפּצושאַצן די לאַגע, אין זייערע רעפּלעקסיעס. די אַלע ניין קינדער שטעלן מיט זיך אָבער פאָר, טראָץ אַלע אונטערשיידן, אַ גרופּע פאַר זיך. דאָס זעלבע קען מען זאָגן נישט בלויז וועגן די דאָזיקע ניין קינדער, נאָר אויך וועגן אַלע קינדער, וואָס לעבן צוזאַמען זייט דריי יאָר אין פרוי קיכלערס קינדער-היים. דאָס איז אַן אמתע, סאָלידאַרע משפחה, פאַרבונדן נישט מיט פיזישע, נאָר מיט נשמה-פעדעם, מיט עטוואָס גייסטיקס, וואָס שוועבט איבערן גאַנצן „היים". מער ווי אַלע אַנדערע, דערמאָנט דאָס דאָזיקע היים די קינדער-היימען אין ארץ-ישראל, און נישט בלויז דערפאַר, ווייל די קינדער שפּילן, זינגען, טאַנצן אויפן ארץ-ישראלדיקן אופן.

איך מיין, די קינדער קומען אין ארץ-ישראל, נישט פון די „סאַברעס", נאָר פון יענע קינדער, וואָס זענען אין די לעצטע יאָרן אַהין געקומען פון נאַציסטן גיהנום. דאָס קינדערהיים פון פרוי קיכלער קען און דאַרף אַלס גאַנצע, איינהייטלעכע משפחה אַריבערגעפירט ווערן קיין ארץ-ישראל, ווו זי וועט זיך אויף אַ נאַטירלעכן אופן שנעל אַריינפּאַסן אין דער היימישער סביבה.

דאָס בוך „מיינע קינדער" איז פון יעדן שטאַנדפּונקט — סיי פּסיכאָלאָגישן, סיי היסטאָרישן — איינס פון די וויכטיקסטע ביי-טראגן, וואָס העלפן אונז אַריינצודרינגען אין דער געשלאָסענער פאַר אונז נשמה-וועלט פון אונזערע טייערע קינדערלעך.

דאָס איז אַ גרויסער בייטראַג פאַר ספּעציאַליסטן, פאַר קינדער-פּסיכאָלאָגן און היסטאָריקער, פאַר שרייבער און קינסטלער.

עס רעדן און דערציילן די קינדער אַליין — עס פילט זיך אָבער דערין שטאַרק דער טאַלאַנט פון פרוי לענאַ קיכלער, וואָס האָט די דאָזיקע דערציילונגען אַזוי פיין, אַזוי קינסטלעריש צונויפגעשטעלט, איבערלאָזנדיק די גאַנצע פּשטות און ספּאָנטאַנישקייט פון די קינדער, זייער אייגן אַרט-דענקען און כאַראַקטעריסטישן סטיל.

אַ דאַנק דעם טאַלאַנט פון דער אויטאָרין, וועלכע האָט אונז אַזוי סובטעל און אמתדיק איבערגעגעבן די בילדער פון אירע קינדער, האָבן מיר די מעגלעכקייט אַריינצודרינגען אין דעם נשמה-לעבן פון יידישן קינד אין יענע שווערע טעג.

**מ. יאַרבלום**

# מיינע קינדער

מיינע קינדער — דאָס איז אַ קליין הייפעלע יידישע יתומים, וואָס זענען אַרויסגעריסן געוואָרן ביים דייטשן פאַרברעכער פון טויט.

וואָס פאַר אַ טויט?

לאָמיר בעסער נישט פרעגן!

ווייל עס אַנטפּלעקן זיך פאַר אונזערע אויגן אַזעלכע שוידער־האַפטע בילדער, אַז דער מענטשלעכער פאַרשטאַנד איז נישט ביכולת זיי צו באַגרייפן...

פון די קנוילן שוואַרצן, בייסיקן רויך, אויפן פאָן פון די פלאַנדיקע געמאַ־מויערן שווימען אַרויס פאַרשידענע בילדער.

קליינינקע, מיזערנע קינדערלעך, איינגעשמועלט צו צוויי אין אַ ריי; זיי זענען יום־טובדיק געקליידט און מאַרשירן אויף אַן „אויס־פלוג" אין... גאַז־קאַמער אַריין.

„אויטאָ־אַרויסוואַרפער שליידערן אַרויס אין גרובנס מיט ברע־נענדיקער סמאָלע, אַנשטאָט מיסט... יידישע קינדער.

דאָס „טויט־ברעטל"... אַ געוויינלעך, ווערטיקאַל ברעטל מיט טיילונגס־שטריכן צו מעסטן די הויך. די קינדער שטעלן זיך ביי אים איינס נאָכן צווייטן — ווער עס דערגרייכט נישט דעם באַשטימטן צייכן, יענער גייט צום טויט.

אָרימע, קליינטשינקע קינדישע פיסלעך! אויף די פינגער־שפּיצן שטייען זיי, כדי צו דערגרייכן דעם שטריך, וואָס ראַטעוועט צייטווייליק פון שוידערלעכן אומקום...

אַזעלכע זענען די בילדער פון דער פאַרגאַנגענהייט! אייניקע פון טויזנטער, אייניקע פון צענדליקער טויזנטער...

קען דען דער מענטשלעכער פארשטאנד זיי באגרייפן? קען מען וועגן דעם רויק לייענען? פארטיידיקט זיך דען נישט דער מענטש אויף א נאטירלעכן אופן, ווען ער וויל אזעלכע זאכן נישט גלויבן און שטויסט זיי אפ פון זיך?

און דאך איז אזוי געווען, — אזוי און נישט אנדערש, אזוי און נאך ערגער. ערגער ווי מען קען זיך בכלל פארשטעלן; ערגער ווי דאס באריכטן אלע מעגלעכע קוועלן! ס'איז געווען אזוי שוידערלעך, אז דאס מענטשלעכע לשון איז דאס גאר נישט בכוח איבערצוגעבן...

מיינע קינדער — דאס איז א קליין הייפעלע אנטרונענע, וועמען דער גורל, דער צופאל, אדער דער מענטש האט דערלאנגט זיין האנט...

זיי זענען אזוי ווייניק, אזוי צעבראכן, צעקאליעטשעט און צעריבן, אז טרערן שטיקן אין האלז, ווען מען רעדט וועגן דעם...

זיי זענען איבערגעבליבן נישט דערסמטע און נישט דערברענטע פון דער גרויסער מאסע אומגעקומענע.

זיי זענען איבערגעבליבן איינזאם און הילפלאז.

מען האט ביי זיי אויסגעמארדעט דער מאמען און דעם טאטן, דעם ברודער און די שוועסטער. אפט האבן זיי אפילו מיט זייערע אייגענע אויגן געמוזט קוקן דערויף.

זיי זענען איבערגעבליבן אן א דאך איבערן קאפ, מיט קראנקע לונגען, מיט בלינדע אויגן, מיט טיפע וואונדן אין דער נשמה.

מען האט זיי בארויבט פון זייער „ווארימער און שמעקעדיקער" קינדהייט, ווי איינער פון מיינע קינדער, יורעק גאלדמאן, דריקט זיך אויס.

זיי האבן זיך געמוזט אויסלערנען צו זאגן ליגן, צו דרייען און צו שווינדלען, ווייל דער אמת האט זיי געפירט צום טויט.

זיי האבן פארלארן דעם צוטרוי, דעם גלויבן און די ליבשאפט צו מענטשן.

די קליינע, 4-יעריקע עווגיא שאהער, א טעכטערל פון אן אוניווערזיטעט-פראפעסאר, באזיצט אזא טיף-איינגעווארצלטן עקל צו ליגן; זי גלויבט אזוי נאטירלעך, אז „ליגן זאגן איז א זינד", — אז

זי פאַרשטייט נאָר נישט איר מוטערס פּאָדערונג, זי זאָל זאָגן אין דער פּאָליציי, אַז „דער טאַטע איז אַוועק אויף דער מלחמה און איז מער נישט צוריקגעקומען".

ווען מען פרעגט זי שפּעטער, וווּ איז דער טאַטע, ענטפערט זי, ווי דער אמת איז, — אַז ער וווינט באַזונדער...

ערשט מיט צוויי יאָר שפּעטער, ווען זי מוז איינע אַליין שלעפּן איר שווערן גורל; ווען זי איז געצוווּנגען צו שיצן זיך פון מויט דורך שווייגן און ליגן זאָגן, — ערשט דעמאָלט הויבט זי אָן, אין די שלאָפלאָזע נעכט, צו פאַרשטיין, אַז צוליבן אמת האָט זי אַליין „אַרויסגעגעבן דעם טאַטן".

ערשט דעמאָלט ווערט זי „קליגער" און האָט חרטה דערויף, וואָס זי האָט אָפּגעטון — ס'איז שוין אָבער צו שפּעט.

פריער האָט זי דאָס נישט פאַרשטאַנען. זי איז נאָך געווען „אַזאַ נאַרישע, אַזאַ קליינינקע"...

אָט אַזאַ מין לעבנסשול האָבן מיינע קינדער דורכגעמאַכט.

מאַליושיע שטראַסבערג, אַ דאָרפס־קינד, וואָס האָט נישט באַקומען אַזאַ גוטע דערציונג, — איז שוין געווען בעסער צוגעגרייט צום לעבן.

ווען זי האָט דערזען איר פאָטערס אויפנאַמע אין דער האַנט פון אַ דאָרפיש ייִנגל, האָט זי זיך נישט מודה געווען, אַז דאָס איז איר פאָטער, — זי האָט אינסטינקטיוו געפילט, אַז אין אַזאַ פאַל וועט מען אויך איר הרגענען; און ווען איר האָט זיך געוואָלט אויסוויינען נאָך די דערמאָרדעטע עלטערן און ברודער, האָט זי זיך באַהאַלטן אין קאָרן, אַז קיינער זאָל זי נישט זען.

און די דאָזיקע חכמה אירע, האָט זי דערגרייכט אין איר פינפטן לעבנסיאָר!

דאָ וועט דער לעזער — פיל איך — ווידער מאַכן אַ סקעפּטישן זשעסט:

זאָל דאָס אמת זיין? איז דאָס דען מעגלעך? האָט עס אַמאָל דאָס קינד נישט אויסגעטראַכט?

מיר, וואָס האָבן די דאָזיקע זאַכן געזען מיט די אייגענע אויגן, און איבערלעבט אויף דער אייגענער הויט, — מיר צווייפלען נישט דערין.

מיר ווייסן, אַז די ווירקלעכקייט איז געווען נאָך שרעקלעכער, נאָך מוראדיקער, ווי דאָס, וואָס די אָרימע, איינפאַכע קינדישע ווערטער אַנטהאַלטן.

מיר דאַרפן נישט דערויף קיין באַווייזן, — דער בעסטער באַווייז דערצו איז דער אומקום פון הונדערטער טויזנטער יידישע קינדער.

אָבער דער לעזער, וואָס לעבט אין ראַמען פון נאָרמאַלע לעבנס-פאַסירונגען און געוויינלעכע מענטשלעכע ליידן, ער האָט יאָ רעכט צו שטעלן אַזאַ פראַגע. ווער רעדט דער פסיכאָלאָג און דער געזעצגעבער, וואָס קענען די השפעה פון דער פאַנטאַזיע אויפן דענקען און ריידן פון קינד — זיי האָבן אַוודאי רעכט צו צווייפלען אין דער ריכטיקייט פון קינדערישע דערקלערונגען.

אָבער אין דער דאָזיקער זאַמלונג, האַנדלט זיך נישט וועגן די פרטים פון פריוואַטן לעבן און אויך נישט וועגן זייער אַנאַליז — דאָ ווערט גענומען אין באַטראַכט דער אַלגעמיינער היסטאָרישער און פסיכאָלאָגישער אמת, וואָס שטעקט אין די דערציילונגען פון די קינדער, ווי אויך דער איינפלוס פון די קריגס-איבערלעבונגען אויף זייער אַנטוויקלונג.

אין דעם דאָזיקן זין בילדן די דערקלערונגען פון די קינדער דאָקומענטן פון אַ זייער גרויסן ווערט.

און דעריבער האָב איך זיך באַמיט איבערצוגעבן זיי ווי אַמטרייסטן. איך האָב זיך אויך באַמיט צו פאַרפיקסירן דעם כאַראַקטעריסטישן לשון און געדאַנקען-גאַנג פון די קינדער. איך האָב דאָס אַלץ נישט געענדערט; קיין זאַך נישט צוגעגעבן און קיין זאַך נישט אָפּגענומען.

מיר איז געגאַנגען דערין, אַז די בילדער פון דער פאַרגאַנגענהייט, וואָס זענען קאָנסערווירט און אויסגעדריקט געוואָרן דורך די קינדער, זאָלן פאַרבלייבן ווי אַמריינסטן, אומאָפּהענגיק פון זייער נישט-גלאַטן סטיל און ליטעראַרישן ווערט.

איך האָב נישט געהאַט בדעה צו שאַפן ליטעראַטור, נאָר אויסשליסלעך צונויפצוזאַמלען מאַטעריאַלן.

אויב אייניקע דערציילונגען פון קינדער, וואָס איך האָב פאַרנאָטירט, מאַכן, נישט געקוקט דערויף, דעם איינדרוק פון ליטע-

דאַמאָר (ווי, צום ביישפּיל, יורעק גאָלדמאַנס), איז דאָס אויסשליסלעך דער פּאַרדינסט פונם באַטרעפנדיקן קינד און זיין פעיקייט. אין די איבעריקע פאַלן דאַרף מען זיך דורכדרינגען מיטן קינדס איבערלעבונגען און קענען אַרויסלייענען פון זיין איין אומבאַהאָלפן וואָרט אָדער זאַץ יענעם גיהנום פון פּחד, וועיטיק און דערשלאָגנקייט, וואָס דאָס קינד האָט אין די שוידערהאַפטע צייטן איבערגעלעבט.

מיינע קינדער!

האָב איך דאָס רעכט זיי אַזוי אָנצורופן?

יאָ, איך האָב מיר דאָס האַזיקע רעכט גענומען.

איך האָב זיי אַדאָפּטירט מיטן רעכט פון מיין ליבשאַפט, וואָס איך פיל צו זיי; מיטן רעכט פון מיין זאָרגן פאַר זיי; מיטן רעכט פון דער טאָג־טעגלעכער מי, וואָס איך גיב פאַר זיי אָפּ.

איך ווייס, אַז דאָס אַלץ איז פאַר זיי וויניק; אַז זיי זענען אַ סך און איך בין איינע, אַז זיי נויטיקן זיך נישט אין איין מוטער, נאָר אין אַזויפיל, וויפיל זייער צאָל באַטרעפט; אַז זיי דאַרפן האָבן אַ נאָרמאַלע משפּחה, וואָס באַשטייט פון אַ מוטער, אַ פאָטער, ברידער, שוועסטער און נישט אַזאַ ווי אונזערע — פון 60 אָדער 100 קינדער.

איך ווייס, אַז זיי דאַרפן נישט בלויז אַ דאַך איבערן קאָפּ, ברויט, רפואות און אַ שול, נאָר זיי נויטיקן זיך קודם כל אין צערטלעכקייטן, אין ליבשאַפט, ליבשאַפט און נאָכאַמאָל ליבשאַפט.

זיי נויטיקן זיך אין אַ מאַמען אויסשליסלעך פאַר זיך אַליין.

איך ווייס מיט וואָס פאַראַ אויגן זיי קוקן אויף אַ קינד, וואָס דריקט זיך צו צום פאַרמוך פון זיין ליבלעכער מוטער, און קלאַמערט זיך אין איר האַנט.

איך ווייס עס און איך פיל עס; איך פאַרשטיי די קליינע, דורשטיקע קינדערישע נשמה. כ׳וואָלט איר וועלן העלפן און געבן וואָס מער — צי איז דאָס אָבער איר גענוג?

איך וואָלט וועלן פאַרטרעטן מיינע קינדער אַ מוטער, — צי בין איך אָבער ביכולת דאָס אויסצופירן?

איך האָב אויף זיך גענומען אַ טייל פון זייער וועיטיק און לייד

צוזאַמען מיט זיי. איך קעמף מיט די לײדן און מיטן אומצוטרוי, וואָס גריזשעט זיי. איך קעמף מיט די שוואַרצע טאַפּערס פון די דייטשע פאַרברעכער, וואָס שטיקן נאָך אַלץ אונזערע קינדער.

איך וויל זיך נישט אונטערגעבן אינם האָזיקן קאַמף. איך בין נישט מסכּים, אַז מיר האָבן פאַרשפּילט די מלחמה מיט היטלערן אויף אַלע פראָנטן! אויף איין פראָנט פיר איך זי ווייטער, — די נשמה פון יידישן קינד מוזן מיר צוריק געווינען.

ווען איך בין נאָך געווען אין פּוילן האָב איך די מלחמה אויך געפירט, אָבער אויף אַן אַנדערער פלאַך.

דעמאָלט איז געגאַנגען אַ שאַרפער, נאַקעטער קאַמף פאַר לעבן, פאַר ברויט, פאַר דער גאַנצקייט פונם קאָפּ און פאַר אַ דאַך איבערן קאָפּ.

ווען איך האָב באַלד נאָכן קריג, אין יאָר 1945, צונויפגעזאַמלט אין קראָקע, אין די ראַמען פון יידישן קאָמיטעט, די ערשטע גרעסערע גרופּע יידישע קינדער, וואָס זענען לעבן געבליבן פון קריג, כדי זיי צוריקצוקערן צום לעבן און געזונט אונטער די שטראַלן פון דער פּוילישער זון אין זאַקאָפּאַנע, — האָט עס דעמאָלט באַדייטעט אַן „אומדערהערטע יידישע חוצפּה".

וואָס הייסט? יידן וואָס האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אין פינצטערע לעכער און שמוציקע קאַנאַלן; יידן, וועמענס לעבן איז „קיין צוויי פּונט צוקער נישט ווערט געווען"; יידן, וועמען 6—7 יעריקע שקצים האָבן פאַרפאָלגט, אַרויסגעבנדיק זיי, מיט איין פינגערווונק צום טויט, — די דאָזיקע יידן האָבן דעם מוט אַרויסצוקריכן פון זייערע נאָרעס און ווידער לעבן ווי מענטשן אין אַ ליכטיקער, זוניקער ווילע צופוסנס פון די וווּנדערלעך־פאַרשנייטע טאַטרען?

יאָ, יידישע קינדער ווילן ווידער גיין אין שול אַריין. זיי פּרוּוון אָנטון אויף זייערע פאַרקריפּלטע פיסלעך, פון יאָרנלאַנג זיצן אין לעכער, שניי־שיך מיט נאַרטן און באַמיען זיך צו גליטשן ווי אַנדערע, נאָרמאַלע קינדער.

זיי האָבן זייער דאָקטאָר, זייער לערער, זייער עסן, און זייער טרינקען.

זיי ווייזן זיך אין די גאַסן, ריידן, לאַכן.

דאָס איז אַן אומדערהערטע חוצפּה! אזוינס איז שוין לאַנג נישט געהערט געוואָרן! אזא זאַך טאָר נישט דערלאָזט ווערן אין אזא וויכטיקן קוראָרט, ווי זאַקאָפּאַנע!

זאַקאָפּאַנע איז שוין פון לאַנג געווען „יודענריין“, און די אָרטיקע באַפעלקערונג האָט זיך נישט געוואָלט אָפּגעוווינען דערפון.




דאָס קינדער-הויז אין זאַקאָפּאַנע

די דאָזיקע באַפעלקערונג איז געווען דורכגעפּרעסן פון דער דייטשער פּראָפּאַגאַנדע און פונם אַנטיסעמיטיזם, וואָס איז אין יענער געגנט פון שטענדיק אָן געווען זייער שטאַרק.

„ווען איר גרינדעט באַמש דאָס הויז איצטערס — האָט מיר אַמאָל אויטאָמאָטיק געזאָגט, אַ צוגעלאָזענער גמינע-באַאַמטער, — ערגעץ אָן אַ זייט, ערגעץ אין אַ פאַרוואָרפן בערגיק דערפל, איך זאָלט זיך אַזוי נישט וואָרפן אין די אויגן, איז נאָך ווי עס איז, — אָבער דאָ, אין רעכטן זאַקאָפּאַנע, אַ יידיש הויז?“

אַזעלכע באַמערקונגען האָבן אויסגעדריקט די טיפע תרעומות צו

אונז, לעבנגעבליבענע יידן, — וויאזוי האָבן מיר עס בכלל געוואגט איבערצולעבן דעם קריג און פאַריידישן איצט ווידער זייערע „יו דענגרייגע" געביטן.

מען דאַרף די דאָזיקע יידן באַזייטיקן ! — האָבן באַשלאָסן די אַנטיסעמיטישע ספערן אין פּוילן, וואָס זענען אונז גוט באַקאַנט נאָך פון פאַר דער מלחמה.

און ס'האָט זיך אָנגעהויבן אַ סדרה פון איבערפאַלן אויף אונזער קינדערהיים.

טאָג־טעגלעך ווערן אויסגעהאַקט נייע שויבן אין אונזער באַ־גלאָזטן עס־צימער און עס פליען שטיינער איבער אונזערע קעפּ.

ביסלעכווייז מוזן די קינדער אויפהערן אַרויסצוגיין פון שטוב, ווייל זייערע פוילישע „קאָלעגן" פאַרפאָלגן זיי.

איינמאָל האָט אַ גאַנצע באַנדע אָרגאַניזירטע שקצים געוואָלט אַראָפּוואַרפן צוויי יינגלעך אונזערע פון אַ הויכער בריק אין טייך אַריין.

אַ צווייט מאָל זענען קינדער געקומען צו לויפן פון קינאָ און זיך באַקלאָגט, אַז עלטערע שקצים, וואָס זענען געזעסן הינטער זיי, האָבן געשטאָכן זייערע מעסערלעך און געדראָט, אַז זיי וועלן זיי אינדערפינצטער אַריינשטעכן אין נאַקן.

יעדעס מאָל ווען אַ קינד פלעגט זיך אַרויסרייסן פון שטוב און אַריינפאַלן אין אַן אַנדער סביבה, פלעגט עס צוריקקומען אַ פאַר־ווייטיקט מיט אַ ווייטיק אין האַרצן, וועגן וועלכן עס האָט אפילו נישט געוואָלט רעדן — אַזוי איז זיין פאַרוואונדעטע נשמה געווען פאַרקלעמט.

די ערשטע גרופּע יידישע קינדער, וואָס איז אַוועק אין אַ פּוי־לישער שול, איז דאָרט אויפגענומען געוואָרן בלויז מיט איין וואָרט: „זשיד !". אויף די לעקציעס און אויף די הפסקות האָט מען מער נישט געהערט, ווי „זשיד" און „זשיד".

ווען אונזערע יינגלעך פלעגן פאַרלאָזן די שול, פלעגן זיי מוזן דורכגיין, אויף די שטיגן און אויף דער גאַס, דורך שפּאַליערן פון שקצים, וואָס האָבן געהאַלטן אין איין שרייען : „זשיד, זשיד, זשיד"...

די דאָזיקע געשרייען האָבן זיי פאַרפאָלגט ביז דער היים; פאַר־

פאָלגט ביימאָג און ביינאַכט; פאַרפאָלגט, — און וועלן זיי נאָך לאַנג פאַרפאָלגן...

אָבער דאָס איז געווען בלויז אַ קינדערשפּיל קעגן דעם, וואָס עס האָט זיך אָפּגעשפּילט שפּעטער.

שפּעטער האָט זיך אָנגעהויבן אַן אָרגאַניזירטע אַקציע פון דער



קראַנקע קינדער, וועמען מען האָט געמוזט איבערפירן פון ראַבקי קיין זאַקאָפּאַנע, צוליב די אַנטי־יידישע איבערפאַלן.

נ. ס. ז. („נאַראָדאָווע סילי זבראָינע“): ס'האָבן אָנגעהויבן אָנצוקומען דראָאונגס־בריוו מיט טויט־אורטיילן אויף יידן; טויט־אורטיילן, וועלכע זענען אויסגעפירט געוואָרן מיט דער גאַנצער אכזריות.

און ס'איז גאָר קיין וווּנדער נישט.

אין סקאַלנע פּאָדהאַלע, די געגנט ווו זאַקאָפּאַנע ליגט, זענען נאָכן קריג געווען טעטיק די ערגסטע באַנדעס פון נ. ס. ז., צווישן וועלכע עס האָבן זיך געפונען פיל דייטשן.

אין אויגוסט 1945 האָט מען געמוזט ליקווידירן די קינדער־היים אין ראַבקע צוליב די באַוואָפנטע אָנפאַלן, וואָס האָבן זיך גאַנצע דריי מאָל אויף אים איבערגעחזרט. די קראַנקע קינדער זענען דעריבער פון דאָרטן אַריבערגעפירט געוואָרן צו אונז.

אויף דער וועראַנדע פון די קלענסטע קינדער אונזערע, האָט זיך אין איין שיינעם פרימאָרגן, באַוויזן אַ פאַרמאַסקירטער קוילן־וואַרפער, וואָס די דאָרטיקע מיליץ האָט אונז געגעבן. אין גאָרטן האָבן אַרומגעשפּאַצירט צען מאַן פון דער זעלבסטשוץ, באַוואָפנט מיט לאַנג געווער. זיי זענען אָפט פאַרטראָטן געוואָרן דורך עלטערע קינדער.

די מיטאַרבעטער פון קינדערהיים ווידער, האָבן, אויפן פאַל פון אַן איבערפאַל, באַקומען פון דער מאַכט, קורץ געווער און ראַקעטן־פּיסטאָלעטן.

איינמאָל האָט אונז ביינאַכט אויפגעוועקט אַ שיסעריי. בליץ־שנעל האָבן מיר די קינדער אַרויסגעטראָגן פון די באַגלאָזטע צימערן און אויסגעלייגט אין קאָרידאָר אויף דער פּאָדלאָגע.

אונזער וואַך האָט געענטפערט מיט פייער און עס האָט זיך אַנטוויקלט אַ רעגולערער קאַמף. צום גליק איז אונזער זעלבסטשוץ געלונגען די איבערפאַלער אָפּצושטויסן.

די קינדער האָבן אָבער נישט געקענט אַרויס פון שטוב און מען האָט זיי דאָרט טאָג און נאַכט געמוזט היטן.

אין אַזאַ צושטאַנד האָט נישט געקענט זיין קיין רייד, נישט וועגן לערנען און נישט וועגן היילן.

אין אַזעלכע באַדינגונגען האָבן זיי נישט געקענט פאַרגעסן די פאַרגאַנגענהייט זייערע.

די קינדער זענען געווען מאראליש דערשלאגן און אינערלעך צעבראכן. די ווירקלעכקייט האט אפגעלייקנט יעדעס דערמוטיקונגס־ווארט, וואס זיי האבן פון אונז געהערט.



דער 12 יעריקער נחום באגנער באטייליקט זיך אין דער זעלבסטשוץ פון זאקאפאנער קינדערהיים.

די גאנצע דערציונגס־ארבעט איז געווארן צוניש.

די בלוטיקע געשפענסטער פון דער פארגאנגענהייט האבן צו זיי ווידער ארויסגעקוקט פון יעדן ווינקל און אנגעווארפן אן אימה.

מען האט זיי געמוזט ארויסרייסן פונם דאזיקן פארשאלטענעם דערינערונגס־קרייז און שאפן פאר זיי נייע לעבנס־באדינגונגען, כדי זיי זאלן בכלל פעיק זיין צו לעבן.

דעריבער האָב איך באַשלאָסן אַרויסצופאָרן מיט מיינע קינדער קיין אויסלאַנד, שטעלנדיק זיך אַלס ענד־ציל ארץ־ישראל.

ארץ־ישראל איז געוואָרן דאָס טרוים־לאַנד פון מיינע קינדער. דערין זעען זיי די פאַרווירקלעכונג פון זייער בענקשאַפט נאָך אַ היים און אַ פאַמיליע, — דאָס איז זייער אינסטינקטיווע שטרעבונג צו אַ צוקונפט.

אַלע זייערע ליידן פון דער פאַרגאַנגענהייט, אַלע זייערע אַנטוישונגען פון דער קעגנוואַרט, זייער גאַנצער גלויבן אין אַ ליכטיקערן מאָרגן — דאָס אַלץ ווערט קאָנצענטרירט אין דעם דאָזיקן קליינעם שטח, וואָס הייסט ארץ־ישראל.

סיי זיי, די יתומים, סיי מיר, די פאַריתומטע מאַמעס, — אַלע בילדן מיר די רעשטלעך פונם אויסגעמאָרדעטן פאָלק. אונזער לעבן איז נישט מער ווי אַ צופאַל־זאַך און דעריבער געהער׳ט עס מער נישט צו אונז.

מיר באַטראַכטן עס ווי אַ משכון, ווי אַ מתנה, וואָס דער גורל האָט אונז געשענקט, און פאַר וועלכן מען דאַרף דעם פאָלק באַצאָלן.

די יאָרן, וואָס זענען אונז נאָך איבער־געבליבן, ווילן מיר אויסנוצן לטובת די יעניקע קינדער, וועמען אונזער אַרבעט און מי זענען נויטיק.

מיר ווילן זיי פאַרבייטן זייערע עלטערן און געפינען אין זיי אונזערע אייגענע פאַרלוירענע קינדער.

מיר זענען אַרויסגעקומען פונם זעלבן גיהנום. די זעלבע טויט־מאַשין האָט אונז צעקאַליעטשעט און אַרויסגעוואָרפן.

מיר פּרוּוון זיך נעמען פאַר די הענט און אונטערשפאַרן זיך קעגנזייטיק, ווייל אַליין איז אונז שלעכט אויף דער וועלט. אָן אונזערע קינדער פילן מיר זיך איבעריק אין לעבן און צוריקגעשליידערט פון זייערע שליאַכן.

מיר ווילן לייכטער מאַכן זייער יתומים־גורל, ווייל קיינער קען אים נישט אַזוי גוט ווי מיר.

אָט פאַרוואָס איך בין געוואָרן די מוטער פון אַ הייפל לעבנגעבליבענע יידישע יתומים און גיי מיט זיי צוזאַמען צו זייער צוקונפט.

# וואָס דערציילט עווניאַ שאודער

געבוירן אין לעמבערג אין יאָר 1938
(בעתן געשפּרעך 8 יאָר אַלט)



איך פאַרבעט עוור־ניען צו זיך אין צימער און בעט זי, אַז זי זאָל מיר דערציילן וועגן זיך אַלץ, וואָס זי געדענקט.

עווניאַ איז זייער צופרידן. זי פילט זיך אויסגעטיילט דורך מיר און זאָגט־צו, אַז זי וועט מיר אַלץ דערציילן מיט דער גרעסטער גענוי־קייט.

— געוווינט האָבן מיר — הויבט זי אָן — אויף טאַרנאָווסקי־גאַס אין לעמבערג.

מיין טאַטע האָט געגעבן לעקציעס אין אוניווערזיטעט — אַק־צענטירט זי שטאָלץ. — איך געדענק זייער גוט ווי ער האָט אויסגעזען, ער איז געווען הויך און דאַר.

די מאַמע ווידער האָט געהאַט לאַנגע שוואַרצע האָר, אָט אַזעל־בע לאַנגע... — ווייזט זי מיטן הענטל אויף דער טאַליע... — קיין צעפּ פלעגט זי אָבער זיך נישט פאַרפלעכטן; זי פלעגט אויפהויבן די האָר אינדערהויך און פלעגט זיך מאַכן אַ „גרעטקע”.

מיין טאַטע האָט געהאַט אַ באַזונדערן קאַבינעט צו דער אַר־

בעט און דאָרטן פּלעגט ער זיך שלאָפן. איך פּלעג שלאָפן אין אַ צווייטן צימער מיט דער מאַמען.

ווי נאָר די מלחמה האָט זיך אָנגעהויבן, האָט מען אונז באַלד אַרויסגעוואָרפן פון דער וווינונג. עס זענען אַראָפּגעקומען עפּעס פרעמדע, שלעכטע מענטשן, האָבן אַרויסגעשליידערט דעם טאַטנס אַלע ביכער און פּאַפּירן דורכן פענצטער און דאָס מעבל פון זיין קאַבינעט צעהאַקט אויף ברעקלעך.

אונזער מעבל האָט מען אויך ערגעץ צוגענומען. איך ווייס נישט וואָס איז דערמיט געוואָרן, ווייל מען האָט אונז פון דער וווינונג אַרויסגעוואָרפן.

פון אַלץ, וואָס מיר האָבן געהאַט אין שטוב, האָט די מאַמע מיטגענומען נאָר מיין ווייס בעטעלע, צוויי ליאַלקעלעך און אַביסל זאַכן אָנצוטון.

אָבער איך ווייס, לערערין! דאָס זענען גאָר נישט געווען קיין מיליטער־לייט, די וואָס זענען צו אונז געקומען. דאָס זענען גאָר געווען עפּעס ציווילע מענטשן אין קאַפּעליושן. גערעדט האָבן זיי פּויליש...

איך האָב דעמאָלט קיין האָר נישט מורא געהאַט... איך האָב נאָר נישט געקענט קוקן אויפן באַלאַגאַן אין שטוב, און איך האָב בסדר גענודיעט דער מאַמען, אַז מיר זאָלן שוין אַוועקגיין פונדאַנען...

אומעטום איז געווען אַזוי מיאוס... אַלץ איז געווען אַזוי צעוואָרפן, צעשליידערט און אָפן, — איז דאָס מיר נישט געפעלן...

דערנאָך האָבן מיר זיך איבערגעצויגן אויף דער צווייטער זייט טאַרנאַווסקע גאַס, אין אַ מיאוסער וווינונג אַזאַ.

פון דאָרטן האָבן מיר שפּעטער געמוזט אַוועקפאָרן קיין דראָהאָביטש, ווייל מען האָט אונז ווידער אַרויסגעוואָרפן.

מיר האָבן שוין געזאָלט אָפּפאָרן. איז פּונקט דער טאַטע דעמאָלט אַוועק צו זיינעם אַ פריינט נאָך ביכער און איז מער נישט צוריקגעקומען. מיר וואַרטן אַ שעה און צוויי און דריי — און ער איז אַלץ נישטאָ.

דערווייל איז שוין נאָך אונז געקומען אַן אויטאָ. די הערן, וואָס האָבן אונז געזאָלט אָפּפירן, זענען געווען שרעקלעך דענערווירט,

וואָס דער טאַטע סומט נישט און האָבן נישט געוואָלט לענגער וואַרטן.

דעמאָלט איז פּונקט געווען אַ שרעקלעכע „אַקציע" אין לעמ־בערג, האָבן זיי מורא געהאַט...

זענען מיר אוועקגעפאָרן אַליין צו דעם טאַטן.

צום גליק, האָבן מיר פאַרנדיק באַמערקט דעם טאַטן אַרום דעם סטריער פּאַרק, און ער איז צו אונז אַריינגעשפּרונגען אין אויטאָ.

דערנאָך זענען מיר שוין געפאָרן אַלע צוזאַמען ביז מיר זענען אָנגעקומען קיין דראָהאָביטש. אינאָווונט איז דאָס געווען.

דאָרטן האָבן מיר אָבער געוווינט נאָר אַ קורצע צייט — מען האָט אונז ווידער אַרויסגעוואָרפן.

שפּעטער האָט דער טאַטע געוווינט באַזונדער, ווייל ער האָט שרעקלעך מורא געהאַט.

דערנאָך איז געווען דאָס געטאָ...

פאַרטאָג זענען אַראָפּגעקומען זייער פיל פרעמדע מענטשן און זיי האָבן זיך אַריינגעצויגן אין אונזער צימער.

זיי זענען געווען פיל און מיר ווייניק. האָבן זיי דעריבער פאַר זיך צוגענומען אונזער גרויסן צימער און מיר האָבן באַקו־מען אַ העלפט פון אַ קליין צימערל.

דערנאָך האָט מיך די מאַמע אוועקגעגעבן צו איינער אַ פרעמדער פרוי, אַז זי זאָל מיך באַהאַלטן.

די מאַמע האָט זיך באַהאַלטן אויפן בוידעם, די באָבע האָט קיין מורא נישט געהאַט און איז אַרום אויפן באַלקאָן. האָבן „זיי" דער באָבען דערשאָסן...

ווען איך בין שפּעטער געקומען אַהיים, האָב איך באַלד גע־פרעגט: ווו איז די באָבע? האָט מיר די מאַמע לכתחילה געזאָגט, אַז די באָבע איז נישטאָ, זי איז אוועקגעפאָרן קיין לעמבערג, אָבער דערנאָך האָב איך זיך דערוווסט, אַז די באָבע איז דערשאָסן געוואָרן.

איך האָב דעמאָלט גאָר נישט געוויינט, ווייל איך האָב נאָך קיין זאַך נישט פאַרשטאַנען. איך בין נאָך געווען אַ קליינינטשקע.

אָבער ביי יענער פרוי, וואָס האָט מיך אויסבאַהאַלטן, האָב איך זייער געוויינט.

— פאַרוואָס? — פרעג איך עוווניען.

— ווייל זי האָט מיך געהאַלטן אין אַזאַ טונקעלן קעמערל, ווו עס זענען אַרומגעלאָפן מייז און כ׳האָב פאַר זיי מורא געהאַט. דאָרטן איז געווען פינצטער און איך האָב גאָרנישט געזען. שפּילן זיך האָב איך נישט געהאַט מיט וואָס, ווייל ס׳איז נישט געווען קיין שפּילצייג.

איינער אַ הער האָט מיך כסדר געשלאָגן דערפאַר, וואָס איך האָב געוויינט. איך האָב אָבער געמוזט וויינען, ווייל איך האָב גע־בענקט נאָך דער מאַמען.

ביי יענער פרוי געווען געווען פיל קליינע קינדער, אָבער זיי האָבן נישט געוויינט אַזוי ווי איך.

איך האָב זיך דאָרטן זייער שלעכט אויפגעפירט און מען האָט מיך דעריבער נישט געוואָלט האַלטן. די מאַמע האָט מיך געמוזט צוריקנעמען צו זיך.

— און וואָס פאַראַ קינדער זענען עס דאָרט נאָך געווען, עווו־ניאַ? — פרעג איך.

— אַזעלכע פּיטשינקע קינדערלעך אין קישנס... ס׳איז צו לאַכן, לערעריז, וואָס? אַזעלכע קליינטשינקע קינדערלעך האָבן נישט געוויינט און איך, אַזאַ גרויסע מויד, האָב זיך אַזוי צעריט־שעט!...

האָבן זיי מיך טאַקע אַרויסגעוואָרפן און איך האָב זיך אומגע־קערט צו דער מאַמען.

ווען מיר זענען דערנאָך געגאַנגען — איך מיט דער מאַמען — האָבן מיר אויפן וועג געזען, ווי מען טראָגט אַ מת אויף אַ טראָג־ברעטל. האָט זיך די מאַמע אָפּגעשטעלט פרעגן, צי איז דאָס אַמאָל נישט אונזערער אַ באַקאַנטער. אָבער דאָס איז גע־ווען אַ פרעמדער.

שפּעטער האָט מיך די מאַמע באַהאַלטן אין אַ קאַסטן מיט ברודיקן וועש.

געווען איז דאָס אַזוי. מיר האָבן געוווינט צוזאַמען מיט אַנדע־רע מענטשן אין אַ וווינונג, וואָס האָט געהאַט אַ קיך און אַ קליין

צימערל. איז אין צימערל געשטאַנען אַ קאַסטן, און אין דעם דאָזיקן קאַסטן האָב איך זיך אויסבאַהאַלטן.

ווען עמיצער פלעגט קלאַפּן אין דער טיר, פלעגט די מאַמע נאָך נישט עפענען. זי פלעגט מיך פריער באַהאַלטן אין קאַסטן און ערשט דערנאָך פלעגט זי גיין עפענען די קיך־טיר. די טיר איז שטענדיק געווען געשלאָסן און די מאַמע פלעגט זי עפענען זייער לאַנגזאַם, כדי איך זאָל זיך דערוויייל קענען גוט באַהאַלטן אין קאַסטן.

איך האָב אַפילו ליב געהאַט צו זיצן אין דעם קאַסטן. כ'האָב דאָרט געמוזט זיצן שטיל אַזוי ווי אַ מייזעלע. אַפילו אַ ריר טון האָב איך נישט געטאָרט.

ווען ס'פלעגט זיך מיר וועלן, פלעג איך דאָרט פאַרבלייבן לענגער. די מאַמע פלעגט מיר אַהין דערלאַנגען מיטאָג אָדער וואָס עס איז אַנדערש צו עסן.

איך האָב דאָרט געהאַט מיינע צוויי ליאַלקעלעך און פאַרשיידענע שמאַטקעס אויף קליידעלעך פאַר זיי.

איך האָב אויך געמעגט פונאַנדערוואַרפן די וועש און זיך שפּילן דערמיט, אויב קיין פרעמדער מענטש איז נישט געווען אין דער וווינונג. מיר איז דעריבער דאָרט געווען גאַנץ אַנגענעם און איך האָב שוין נישט געוויינט.

אין דעם דאָזיקן האַלבן צימער האָבן מיר לאַנג נישט געוווינט — דאַכט זיך מיר, אַז נאָר אַ פּאָר טעג און אפשר אַ וואָך, איך געדענק נישט גוט. — מען האָט אונז ווידער ארויסגעוואָרפן...

זענען מיר אַוועקגעפאָרן קיין לעמבערג און זיך אַריינגעצויגן אין אַ האָטעל.

דאָרטן זענען מיר געשלאָפן נאָר איין נאַכט — באַלד אויף מאָרגן זענען געקומען פּוילישע פּאָליציאַנטן און געהייסן דער מאַמען זי זאָל זיי ווייזן אירע פּאַפּירן.

די מאַמע האָט זיי דערלאַנגט די פּאַפּירן. די פּאָליציאַנטן האָבן זיי באַקוקט איינמאָל און צוויי מאָל און געהייסן דער מאַמען זיך אָנטון און אָנטון אויך מיך, ווייל מיר דאַרפן גיין מיט זיי אין קאָמיסאַריאַט.

— די רעשט פּאַפּירן וועלן מיר שוין באַטראַכטן אין דער פּאָ־ליציי — האָבן זיי געזאָגט.

איך געדענק זיי גוט. זיי זענען געווען אָנגעטון אין גראַנאַט־מונדירן מיט זילבערנע קנעפּלעך. דאָס זענען געווען פּוילישע פּאָ־ליציאַנטן.

איך האָב זייער מורא געהאַט און די גאַנצע צייט שרעקלעך געוויינט.

דערווייל האָט מיר די מאַמע שטילערהייד, אַז קיינער זאָל נישט הערן, געזאָגט אַזוי:

— ווען מען וועט דיך פרעגן, ווו איז דיין טאַטע, זאָלסטו זאָגן, אַז ער איז אַוועק אויף דער מלחמה און נישט צוריקגעקומען.

שפּעטער, ווען איך האָב אַזוי געוויינט, האָט איין פּאָליציאַנט אַוועקגענומען דער מאַמען אין קיך אַריין און האָט איר דאָרט עפּעס געזאָגט — וואָס, ווייס איך נישט, ווייל איך בין דאָרט נישט געווען.

דערנאָך איז צו מיר צוגעגאַנגען דער צווייטער פּאָליציאַנט און האָט מיך געפרעגט, ווו איז מיין טאַטע.

האָב איך געענטפערט: „ער וווינט באַזונדער".

איך האָב דער מאַמען נישט געפאָלגט און נישט געזאָגט, אַז ער איז אַוועק אויף דער מלחמה.

אַזאַ נאַר בין איך נאָך דעמאָלט געווען — איך האָב קיין זאַך נישט פאַרשטאַנען.

דערצו בין איך דעמאָלט געווען נישט געהאַרכזאַם און נישט געפאָלגט דער מאַמען.

אויב איך וועל זאָגן אַ ליגן, האָב איך זיך געטראַכט, וועל איך האָבן אַ זינד, ווייל מען טאָר קיין ליגן נישט זאָגן. דער טאַטע פלעגט מיר שטענדיק זאָגן, אַז מען מוז זאָגן נאָר דעם אמת.

און דערמיט האָב איך טאַקע אַרויסגעגעבן דעם טאַטן.

מער איז שוין דער טאַטע צו אונז נישט צוריקגעקומען. קיין איינמאָל האָב איך שוין אים נישט געזען...

וואָס האָבן זיי, לערערין, געטון מיטן טאַטן? — רייסט איבער עוווניאַ איר דערציילן, מיט אַ פראַגע — האָבן זיי אים דערהרגעט?

און זי צעוויינט זיך.

— איז דאָס צוליב מיר? — פֿרעגט זי וויינענדיק.

איך באַרויק עוואַניען און דערקלער איר, אַז זי איז דערין נישט שולדיק, אָבער דאָס קינד לאָזט זיך נישט איבערצייגן.

אין אַ ווײַלע אַרום באַרויקט זי זיך אַביסל און דערציילט ווײַטער.

— איר ווייסט, לערערין, — איך האָב דעמאָלט נישט געוווּסט וואָס איך טו.

איך האָב קיין זאַך נישט פֿאַרשטאַנען און אַפֿילו נישט באַדויערט. אַזאַ נאַרישע, בין איך נאָך געווען!

ערשט שפּעטער, ווען איך בין שוין געווען אין אָטוואָצק אין אינטערנאַט, האָב איך זיך דאָס אַלץ דערמאָנט און אָנגעהויבן פֿאַרשטיין, אַז דאָס האָב איך עס אַרויסגעגעבן מײַן פֿאָטער.

איך האָב זיך דערמאָנט אָן דעם טאַטן, אָן דער מאַמען, אָן דער באָבען און ס'איז מיר געוואָרן אַזוי אומעטיק, איך האָב אויף זיי אַזוי רחמנות געהאַט!...

בײַנאַכט האָב איך נישט געקענט אײַנשלאָפֿן, איך האָב כסדר געוויינט.

איך האָב נאָכאַנאַנד געטראַכט וועגן זיי און ס'איז מיר געווען אַזוי טרויעריק אַז איך האָב זיך נישט געקענט שפּילן מיט אַנדערע קינדער.

עוואַניע וויל ווידער וויינען, אָבער זי באַהערשט זיך און דערציילט ווײַטער.

— און שפּעטער ווען מיר זענען אַוועק פֿון דער פּאָליציי און מיר זענען געבליבן אַליין, האָבן מיר שוין בכלל נישט געהאַט קיין אייגענע וווינונג, מיר זענען שוין געגאַנגען שלאָפֿן אין פֿרעמדע הײַזער. יעדעס מאָל ערגעץ אַנדערש.

דערנאָך האָבן מיר זיך באַהאַלטן אין אַ קאַנאַל.

דאָס איז געווען בעת דער אַקציע אין לעמבערג.

ס'איז געווען אַ הײַזל אַזאַ אין לעמבערג, וווּ קיינער האָט נישט געוווינט, ווײַל מען האָט שוין אַלעמען צוגענומען. בײַ דער זײַט איז דאָרט געווען אַ וואַש־שטוב און פֿון דעם וואַש־שטוב איז געגאַנגען אַ קאַנאַל.

לכתחילה איז דאָרט געווען אַ קליינע לאָך אַזאַ. דערנאָך איז

זי געוואָרן אַלס גרעסער און גרעסער. דורך דער דאָזיקער לאָך האָט מען געקענט דורכגיין.

דאָרטן איז געווען פול שטרוי און אַ מיאוסע בלאָטע אַזאַ, וואָס האָט שרעקלעך געשטונקען. וואָס ווייטער מען איז אין קאַנאַל געגאַנגען, אַלץ מער שמוץ און אַלץ פינצטערער איז דאָרט געווען.

און מיר זענען געווען זייער ווייט אין דאָזיקן קאַנאַל.

איך האָב זיך די גאַנצע צייט געהאַלטן אַן דער מאַמען, — אַזוי האָב איך זיך געשראָקן. איך האָב דאָרט גאָרנישט געזען און מורא געהאַט, אַז איך וועל זיך אויסגליטשן און פאַלן.

די פיסלעך זענען ביי מיר געווען פאַרבלאָטיקט ווי גרויס זיי זענען, און אויך אינגאַנצן בין איך געווען ארומגעשמירט. ס'איז געווען פינצטער און גליטשיק, און מען האָט ממש נישט געקענט גיין, — אַזוי שווער איז געווען. די מאַמע האָט מיך כסדר געוואָרנט, אַז איך זאָל זיך האַלטן פעסט, אַז איך זאָל נישט פאַלן, ווייל מיר וועלן ביידע דערטרונקען ווערן.

און אין דאָזיקן קאַנאַל בין איך אָפּגעווען מיט דער מאַמען צוויי וואָכן.

נישט איך האָב דאָרט געקענט שלאָפן, נישט די מאַמע — מיר האָבן מורא געהאַט, אַז מיר וועלן אַריינפאַלן.

ווען מיר זענען פון דאָרטן ארויס, האָט מיך די מאַמע באַלד אוועקגעגעבן אין אַ שפּיטאָל, ווייל איך בין געווען קראַנק אויפן פענכער.

און די מאַמע איז ווידער אוועק זוכן אַ וווינונג.

אין זיבן טעג ארום האָב איך זיך געזאָלט אומקערן צו דער מאַמען — אַזוי האָט זי מיר צוגעזאָגט.

דערווייל איז די מאַמע געקומען אין שפּיטאַל און האָט מיר געזאָגט, אַז זי קען מיך נישט נעמען צו זיך, — זי מוז אוועקגיין. איך האָב זיך פונאַנדערגעוויינט און געפרעגט וווהין זי גייט, האָט זי מיר געענטפערט, אַז זי גייט אַרבעטן אין אַ לאַגער.

אויפן צווייטן טאָג זענען צו מיר געקומען מנישקעס און מיך צוגענומען אין אַ פּוילישן אַנשטאַלט.

זיי האָבן מיך אַריבערגעפֿירט פֿון לעמבערג קיין וואַרשע אויף האַזשע נאָס און איך האָב געוווינט ביי די מנישקעס.

און דאָרט זענען געווען אַזעלכע גרויסע מיידלעך, האָבן זיי מיך כסדר געערגערט.

איך האָב גאָרנישט געוווּסט, אַז איך בין אַ יידיש קינד. דאָס הייסט אַביסל האָב איך יאָ געוווּסט און אַביסל נישט. ווען איך בין נאָך געווען ביים טאַטן און ביי דער מאַמען, האָב איך וועגן דעם קיינמאָל נישט געטראַכט.

און יענע גרויסע מיידלעך האָבן אין מיר אָן אויפהער אַריינגערעדט, אַז איך בין אַ יידישקע. יעדן טאָג פֿלעגן זיי מיך ערגערן און ערגערן.

און איינע פֿון זיי האָט אַזוי געזאָגט:

— „אויב דו וועסט זיך נישט מודה זיין, אַז דו ביסט אַ יידישקע, וועל איך גיין און מעלדן דער געסטאַפּאָ".

איינמאָל אינדערפֿרי איז זי צו מיר צוגעקומען און געזאָגט, אַז ביינאַכט האָט זי דאָס געוואָלט טון. זי איז שוין געווען אינגאַנצן אָנגעטון, אָבער דערנאָך האָט זי זיך אַ טראַכט געטון: „דאָס איז נאָך אַזאַ קליין מיידעלע, זאָל זי נאָך אַביסל לעבן" — און איז נישט געגאַנגען...

די שוועסטער זענען געווען גוט צו מיר. זיי האָבן מיך ליב געהאַט.

איך בין יעדן טאָג געגאַנגען אין דער קאַפּליצע און מתפּלל געווען. מען האָט דאָרט געדאַרפֿט אַזוי פֿיל קניען, אַז די קני האָבן מיר וויי געטון. דער דיל איז געווען אַ שטיינערנער און פֿון לאַנגן קניען, פֿלעגן ווערן אַזעלכע קראַטקעס אויף די קני.

אויף מיטאָג איז שטענדיק געווען אַרבעס, אָדער „שטעכעדיקע קליוסקעס".

לאַנג פֿאַרבלייבן דאָרטן האָב איך נישט געקענט, ווייל די מיידלעך האָבן מיך גערופֿן „פּאַרשיווע זשידוווקאַ" און האָבן געדראָאַט, אַז זיי וועלן מיך איבערגעבן דער געסטאַפּאָ. אָבער איך האָב זיך קיינמאָל נישט געקלאָגט אויף זיי. איך האָב די שוועסטער גאָרנישט נישט געזאָגט. מעגלעך, אַז די שוועסטער האָבן דאָס

אַליין באַמערקט, ווייל זיי האָבן מיך אוועקגעגעבן קיין אַניז, הינ־טער ווארשע.

דאָרטן וואָלט געווען גאָר נישט שלעכט. די קינדער זענען גע־ווען קליינינטשקע, האָבן זיי קיין שום זאַך נישט געוווסט און נישט גערופן מיך מיט קיין צונעמען.

אָבער צום אומגליק בין איך דאָרט קראַנק געוואָרן אויף לונגען־אַנטצינדונג.

קיין דאָקטאָר איז נישט געווען, בין איך לאַנג געלעגן אַליין. מען האָט אָפּגעוואַרט צוויי וואָכן און אפשר מער, כדי צו זען וואָס מיט מיר וועט זיין.

מען האָט געוואַרט אַזוי לאַנג, ביז ס׳האָט זיך אָנגעזאַמלט אייטער אונטער דער לינקער ריפּ. ערשט דעמאָלט האָט מען מיך אַריבערגעפירט אין אַ שפּיטאָל קיין ווארשע.

אין שפּיטאָל בין איך אָפּגעווען פינף חדשים און דורכגעמאַכט צוויי אָפּעראַציעס און פיל פּונקציעס.

צו דעם אַלעם האָב איך נאָך געהאַט קרעץ און ווינטער־פּאָקן. צוויי מאָל האָט מען מיר אָפּגעראַזירט די האָר. בעת דער צווייטער אָפּעראַציע האָט מען מיר אויך אויסגעשניטן אַ פּאָר ריפּן.

און איך בין ווידער צוריקגעקומען אויף האָזשע גאַס, — אַהין, וווּ עס האָבן זיך געפונען יענע גרויסע מיידלעך.

און זיי זענען געווען זייער נישט קיין גוטע, די מיידלעך. ווען די שוועסטער האָט אַכטונג געגעבן אויף מיר, האָבן זיי בלומרשט גענייט קליידלעך פאַר מיינע ליאַלקעס און זיך מיט מיר געשפּילט. און ווען קיינער האָט נישט געזען, האָבן זיי ווידער אָנגעהויבן מיך צו פּייניקן, רופן מיט צונעמענישן און דראָען, אַז זיי וועלן ניין אין געסטאַפּאָ.

איך האָב זייער מורא געהאַט פאַר זיי און נישט געוווסט, וואָס זיי וועלן טון מיט מיר.

די מאַמע איז מיט מיר נישט געווען. זי איז אוועק ערגעץ ווייט, און אַליין האָב איך נישט געוווסט וואָס צו טון. איך האָב געבעטן גאָט, אַז די מאַמע זאָל צוריקקומען און מיך צונעמען פון

די דאַזיקע שלעכטע מיידלעך, די מאַמע איז אָבער נישט צוריק־געקומען.

אויף דעם גאַס פלעג איך קיינמאָל נישט אַרויסגיין. איך פלעג זיך שפּילן נאָר אויפן הויף.

איינמאָל איז עפּעס אַ פרעמדע פרוי דורכגעגאַנגען דעם הויף פּונקט ווען איך האָב זיך געשפּילט. האָט זי אַ קוק געטון אויף מיר און זיך אָנגערופן צו דער שוועסטער:

— דאָס איז דאָך אַ זשידוווקעלע, שוועסטער...

וואָס די שוועסטער האָט איר געענטפערט, ווייס איך נישט. די שוועסטער האָט מיך אָבער שפּעטער צוגערופן און געהייסן זיך שפּילן אויף יענער זייט הויף, ביים מויער, ווו עס גייען נישט דורך קיין פרעמדע מענטשן.

דערנאָך האָט מען מיך ווידער אַוועקגעגעבן קיין אַניז.

אין אַ קורצער צייט אַרום האָבן זיך דאָרטן אָנגעהויבן די פאַרשידענע אָנפליען און באָמבאַרדירונגען. דאָס האָט געדויערט זייער לאַנג און מיר האָבן כסדר געמוזט אַראָפּגיין אין די שוץ־קעלערן, בייטאָג און ביינאַכט.

דאָרטן איז פול געווען מיט קליינע קינדער. דאָס פענצטער איז געווען פאַרהאַנגען מיט אַ שוואַרצער פּלאַכטע און ס'איז געווען שרעקלעך היים. אינדערהויך האָט כסדר געקנאַלט און גע־קנאַלט. די שוועסטער האָבן אונז געהייסן מתפּלל זיין, אַז אונז זאָל נישט טרעפן קיין באָמבע.

דערנאָך האָט מען אונז בכלל נישט דערלויבט אַרויסצוגיין, אַזאַ שרעקלעכע באָמבאַרדירונג איז דאַן געווען. מיר האָבן דאָרט געמוזט זיצן טאָג און נאַכט.

ווען דאָס אַלץ האָט זיך סוף כל סוף געענדיקט און מיר זענען אַרויס פון שוץ־קעלער, איז אונזער הויז שוין נישט געווען, עס זענען פון אים פאַרבליבן בלויז חורבות.

שפּעטער איז קיין אַניז געקומען עפּעס אַ פרוי און האָט מיך געפרעגט, ווי איך הייס און ווי אַלט איך בין.

האָב איך איר געענטפערט, אַז איך הייס עוואַ שאַלדראַווסקאַ און איך בין 6 יאָר אַלט.

איך האָב געוווסט, אַז אינדערהאמתן הײם איך עווא שאודער, אָבער די מאַמע האָט מיר געהײסן זאָגן שאַלדראַווסקא.

דערנאָך האָט מען מיך אָנגעטון און איך בין אַוועקגעפאָרן אין אַן אַנשטאַלט קײן אָטוואָצק.

דאָרטן איז מיר געװען זײער גוט און קײנער האָט מיך נישט גערופן מיט קײן צונעמעניש.

דאָרטן איז געװען די שװעסטער באַשע, איך האָב זי געקענט פון שפּיטאָל. אין שפּיטאָל האָט מען זי אָבער אַנדערש גערופן.

אײנמאָל בין איך צו איר צוגעגאַנגען און געפרעגט:

— שװעסטער, פאַרװאָס זאָגט מען דאָ נישט דעם „פּאַציעזש"?

האָט זי מיר געענטפערט:

— אױך דאָ, אין אַ ײדישן הױז, װילסטו זאָגן „פּאַציעזש"?

האָב איך שױן געוווסט, אַז דאָס איז אַ ײדיש הױז.

פון דאָרטן האָט מען די קראַנקע קינדער אָפּגעשיקט אָדער קײן ראַבקע אָדער קײן זאַקאָפּאַנע. מיך האָט דער דאָקטאָר אַװעק־געשיקט קײן זאַקאָפּאַנע.

אין זאַקאָפּאַנע האָב איך װידער געקרענקט. איך האָב געהאַט מאָזלען און אַ צװײטע לונגען־אָנטצינדונג. איך בין געלעגן זײער לאַנג און בסדר געװײנט.

מען האָט מיר אַן אױפהער געמאַכט אײנשפּריצונגען. דערנאָך האָט מען מיך װידער אַװעקגעשיקט אין אַ שפּיטאָל, און איך בין דאָרט געלעגן און געלעגן.

שפּעטער האָט מען מיך אַװעקגעפירט קײן פראַנקרײך און איך בין װידער געלעגן לאַנג אין אַ שפּיטאָל.

און אַזױ — אָן אױפהער. איך קרענק און קרענק.

איך בין נאָר אַביסל געזונט, שפּעטער קרענק איך װידער לאַנג.

איך װאָלט זײער געװאָלט זײן געזונט און אַרומלױפן װי אַנ־דערע קינדער... איך װאָלט אױך געװאָלט זען מײן מאַמען... זײ־ער... זײער...

צײטנװײז, װען איך קען בײנאַכט נישט אײנשלאָפן, װײל איך הוסט, — דערמאָן איך זיך אַלץ.

און איך טראַכט זיך: — אַך, װי גוט װאָלט געװען, װען די מאַמע קומט איצט צו מיר! זי איז אַזױ געװען צו מיר גוט, זי

פלעגט מיך נעמען אויף די הענט, איך זאָל נישט וויינען. און איך בין געווען נישט ארטיק און געערגערט דער מאַמען...

אָבער אַמקאַמישסטן איז געווען די באָבע. ווייל אַז איך פלעג זיך נישט גוט אויפפירן און די מאַמע פלעגט מיר דערפאַר אַוועקשטעלן אין ווינקל, פלעגט מיר די באָבע שיקן צו דער מאַמען איך זאָל זי איבערבעטן, און אנשטאָט מיר פלעגט זי זיך אַליין אַוועקשטעלן אין ווינקל...

---

## באַמערקונגען וועגן עווע שאַודער

עווע שאַודער איז די טאָכטער פון יוליאַן שאַודער, דעם פּראָפעסאָר פון מאַטעמאַטיק אויפן יאַן קאַזשימיעזש - אוניווערזיטעט אין לעמבערג, און פון דער מוטער עמיליא לעווענטאַל וואָס האָט געשטאַמט פון דראָהאָביטש.

יוליאַן שאַודער איז געווען אַ זייער פעיקער און געשעצטער מאַטעמאַטיקער אין פּוילן. אין דעם בוך א. נ. „די פאַרלוסטן פון דער פּוילישער וויסנשאַפט", וואָס איז דערשינען אין יאָר 1945, פיגורירט זיין נאָמען ווי איינער פון די ערשטע.

ווי ס'איז צו זען פון קינדס דערציילן, זענען איר פאָטער און מוטער אומגעקומען. דעם פאָטער האָט צוגענומען די געסטאַפּאָ אין דראָהאָביטש און „ער איז שוין מער נישט צוריקגעקומען". די מוטער איז העכסט-וואַרשיינלעך אומגעקומען אין לאַגער.

דאָס קינד איז אַזוי אַרום געבליבן אַליין און האָט קיינעם נישט.

קיין זאַקאָפּאַנע איז עווע אָנגעקומען אין יוני 1945 אַ שווער קראַנקע. בעת איר טראַגישן וואַנדערן איז זי קראַנק געוואָרן אויף שווינדזוכט — אין די ביינער און אין די לונגען — און זי קרענקט דערויף ביזן היינטיקן טאָג.

דעם לעצטן יאָר פון דער מלחמה האָט מען איר אויסגעשניטן צוויי ריפּן, און דאָס האָט פולשטענדיק פאַרקריפּלט איר פיגורל.

אָבער עווע גיט זיך נישט אונטער איר קרענק; זי באַמיט זיך צו דעקן אירע פיזישע חסרונות מיט גרויסע גייסטיקע פעיקייטן. זי צייכנט זיך אויס אין מאַטעמאַטיק און אין שפּראַכן; זי באַזיצט אויך אַ וווּנדערלעכן זכרון. זי איז זייער קלוג און גייסטיק ריף נישט לויט אירע יאָרן. דאָך האָבן די שווערע קרענק, די לאַנגע איינזאַמקייט און די טראַגישע איבערלעבונגען גורם געווען ־דערצו, אַז ביי איר זענען אַנטשטאַנען טיפע, אומהיילבאַרע פּסיכישע דעפעקטן, וואָס דערלויבן איר נישט איינצוהאַלטן דאָס גוטמוטיק קינדערישע גלייכגעוויכט.

אַמשרעקלעכסטן זענען ביי איר צוויי קאָמפּלעקסן:
איינער איז — איר איבערצייגונג, אַז זי איז די שולדיקע אין איר פֿאָטערס טויט. און דער צווייטער איז — דער קאָמפּלעקס פֿון איר אומגליקלעכער חולאת, וואָס טיילט זי אויס פֿון אַנדערע קינדער.
דערצו קומט נאָך צו די אויסערגעוויינלעכע, הייסע בענקשאַפֿט נאָך דער מוטער צוזאַמען מיט אַ נישט-קינדערישן געפֿיל פֿון שולד לגבי איר.
אַט האָט איר אייך דאָס גאַנצע בילד פֿון אָרימן, קליינטשיקן וועזן, וועמען די שוידערלעכע מלחמה האָט אַזוי שרעקלעך באַוואָלט.

# וואָס דערציילט מאַליושיע שטראַסבורג

געבוירן אין יאַראָסלאַוו (מזרח-גאַליציע) דעם 20טן אָקטאָבער 1937
(בעתן דערציילן 9 יאָר אַלט)



מיר האָבן געוווינט אין יאַראָסלאַוו. דעמאָלט זענען מיר נאָך אַלע געווען. איך... די עלטערן און צוויי גרויסע ברידער.

דערנאָך האָט אין יאַראָסלאַוו געזאָלט זיין אַ מלחמה — זענען מיר אַוועקגעגאַנגען ווייטער, קיין אוקראַינע, קיין זבאַרוו.

דאָרטן האָבן מיר געהאַט צוויי צימערן. און ס׳איז געווען ביי אונז אַ דינסט, אַן אוקראַינערין. האָט זי אויסגעהאָנגען אַ „מאַטקע באָסקע" אויף דער טיר, אָבער נאָר אין איין צימער. אויף דער טיר פונם צווייטן צימער האָט זי גאָרנישט אויפגעהאָנגען.

דער טאַטע און די מאַמע האָבן זיך באַהאַלטן אונטערן בעט אינם צימער וווּ ס׳איז געווען די „מאַטקע באָסקע". אַהין זענען די דייטשן אינגאַנצן נישט אַריינגעקומען. זיי האָבן נאָר געזוכט אין יענעם צווייטן צימער, וווּ ס׳איז קיין „מאַטקאַ באָסקאַ" נישט געווען. דערנאָך האָט מען די טיר פאַרקלאַפּט מיט טשוועקעס.

אָבער אין דער דריטער נאַכט זענען ווידער געקומען די דייטשן

און אַלעמען צוגענומען: דער מאַמען, דעם טאַטן, די ניאַניע, די ברי־
דער... מען האָט זיי אַלעמען געכאַפּט ווי זיי שלאָפן.

בייגאַכט האָב איך זיך אויפגעכאַפּט און דערהערט ווי מען
שרייט. דערנאָך האָב איך געזען, ווי מען טוט זיך אָן אין דער
פינצטער, און אינדערפרי איז שוין קיינער נישט געווען.

מיך האָט גענומען אַ שכנה צו זיך. זי האָט מיר געזאָגט, אַז
מען האָט זיי צוגענומען אין אַ קרימינאַל.

דאָרטן זענען זיי געזעסן דריי וואָכן. דערנאָך, אַז זיי זענען
צוריקגעקומען, זענען זיי געווען אַזוי שוואַרץ און דאַר, אַז איך
האָב זיי אינגאַנצן נישט דערקענט.

דערנאָך זענען מיר אַריבערגעפאָרן אין דערפל טוסטאָגלאָווי.
דאָרטן האָבן מיר זיך געמוזט אויסבאַהאַלטן אין אַ שטאַל, כדי
מען זאָל אונז נישט דערקענען, ווייל דער טאַטע און דער ברודער
האָבן אויסגעזען ווי יידן. מיר זענען געזעסן אין אַן ענגער לאָך
אַזאַ אונטערן שטאַל. דאָרט האָבן כסדר געדראַפּעט מייז. בלויז
איך אַליין פלעג אַרויסגיין פון דעם לאָך. איך האָב נישט אויסגע־
זען ווי אַ יידיש קינד, פלעגט מען מיך דעריבער שיקן אין דאָרף
אַריין נאָך מילך.

דערנאָך האָבן אַלע געזאָגט, אַז ס'וועט זיין אַן „אַקציע", האָבן
זיך טאַטע־מאַמע זייער דערשראָקן און אַנטלאָפן פון דער באַהעל־
טעניש. מיך האָט מען איבערגעלאָזט מיט אַ קליין קינד אַזאַ, פון
אונזער ניאַניען, און איך האָב עס געדאַרפט כסדר וויגן.

אונזער ניאַניע איז געלעגן אַ זייער קראַנקע אין צימער און
האָט גאָרנישט געקענט רעדן.

נאָכדעם האָבן זיך די עלטערן ווידער אומגעקערט אהיים, ווייל
עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ס'איז נישט געווען קיין „אַקציע",
מען האָט נאָר אַרויסגעלאָזט אַ „פּליאַטקע". זענען זיי אַריין אין
צימער און זיך פאַרשלאָסן.

נאָכמיטאָג האָט מיך די מאַמע געשיקט, איך זאָל ברענגען
מילך. איך קום מיטן מילך, — ערשט די מאַמע איז אַזוי אױ־
מעטיק און דער טאַטע אויך... דער ברודער וויינט... איך גיב אַ
קוק — די ניאַניע ליגט אין בעט און איז אינגאַנצן געל — גע־
שטאָרבן!

ווען די ניאַניע איז געשטאָרבן, האָט די מאַמע זייער מורא געהאַט, אַז מען וועט אונז דערפאַר דערשיסן, ווייל אונזער ניאַ-ניע איז נישט געווען קיין יידישע. האָט זיך דער טאַטע מיט דער מאַמען ווידער באַהאַלטן אין אַ לאָך. דער עלטערער ברודער שמעון איז ערגעץ אַנטלאָפן, און מיין יונגערער ברודערל חיים איז אַוועק מיט די עלטערן.

מיר האָט די מאַמע אַזוי געזאָגט:

— גיי צו אַן אוקראַינערין און זאָג, אַז דו ווילסט פּאַשען קי. זאָג איר אָבער נישט, אַז דו האָסט אַ טאַטן און אַ מאַמען.

בין איך אַוועק צו דער אוקראַינישער שכנטע און געבעטן, זי זאָל מיר געבן צו פּאַשען קי. האָט זי מיך צוגענומען און האָט מיר געגעבן צו פּאַשען אַזעלכע רייזיקע קי. זיי האָבן מיך גאָרנישט געוואָלט פאָלגן, און איך האָב פאַר זיי זייער מורא געהאַט.

די ציגן האָב איך ליב געהאַט, ווייל זיי זענען געווען קליינינקע, איז ווען איך פלעג זיי אונטערטרייבן מיט אַ שטעקעלע, פלעגן זיי גיין. די קי אָבער זענען געווען אַזעלכע גרויסע און שטאַרקע. פלעגן זיי כסדר גיין ערגעץ אַנדערש. איך האָב נישט געוווסט, וואָס צו טון, אַז זיי זאָלן מיך פאָלגן, — האָב איך אַזוי געפיטערט די קי און כ'האָב פון קיין שום זאַך נישט געוווסט.

פלוצלינג האָב איך דערהערט שאָסן. וואָס פאַר אַ שיסעריי דאָס איז, האָב איך נישט געוווסט...

איך גיב אַ קוק, עס גייט אַ שייגעץ און טראָגט דאָס בילד פון מיין טאַטן. זאָג איך צו אים:

— ווו האָסטו דאָס גענומען?

— מען האָט אים דערשאָסן — מאַכט ער — דו קענסט אים?

איך האָב נישט געוואָלט זאָגן, אַז איך קען אים, ווייל ער וואָלט זיך גלייך געכאַפּט, אַז דאָס איז מיין טאַטע, און וואָלט אַלעמען צעפּלוידערט, אַז איך בין אַ יידיש קינד. האָב איך אים געזאָגט:

— ניין, איך קען אים נישט... נאָר מען האָט אים מסתמא נישט געהרגעט, דאָס זאָגסטו נאָר אַזוי...

האָט ער מיך אַוועקגעפירט אין אַ סאָד פון איינעם אַ פּויער און דאָרטן האָב איך דערזען דער מאַמען און דעם טאַטן און מיין ברודער חיים ווי זיי ליגן דערהרגעטע אין אַ פּירקאַנטיקער גרוב אַזאַ.

דאָרטן זענען געלעגן צוואַנציק דערשאָסענע יידן און ס'איז פול געווען מיט בלוט.

דערנאָך איז אָנגעקומען אַ פור אַזאַ און האָט אַלעמען ערגעץ צוגענומען...

די ערשטע צייט האָב איך כסדר געוויינט. איך האָב נאָכאַנאַנד געזען די פאַרשטאַרבענע מאַמע. איך פלעג אַריינגיין אין תבואה און דאָרט וויינען. פאַר מענטשן האָב איך נישט געוואָלט וויינען, אַז איך וויין, כדי זיי זאָלן זיך נישט כאַפּן...

ביי דער אוקראַינערין בין איך אָפּגעווען 3 וואָכן און געפּאַשעט אירע ציגן און קו. איינמאָל אָבער זאָגט זי צו מיר:

— דו ביסט נאָך צו קליין, גיי דיר אין דער וועלט אַריין. איך באַדאַרף אַן אַנדער פּאַסטוך...

בין איך אַוועק... איך האָב זיך אַרומגעדרייט אין פעלד און נישט געוווּסט וואָס צו טון. וואָס צו עסן האָב איך נישט געהאַט, בין איך געווען הונגעריק. אַ גאַנץ וואָך אין פעלד איז געווען תבואה. בין איך אַריין אין תבואה, אַרויסגענומען די קערנדלעך פון דעם קאָרן און געגעסן.

לאַנג לאַנג בין איך אַזוי אַרומגעגאַנגען — אַזוי לאַנג אַז איך געדענק שוין גאָרנישט אַליין. אפשר צוויי טעג, אפשר דריי.

קיין זבאַרוו איז געווען ווייט. ביינאַכט פלעג איך שלאָפן אין תבואה צעגנויפגעדרייט — עס זאָל מיר נישט זיין קאַלט.

דערנאָך האָב איך געפונען אַ צווייטע אוקראַאינקע און כ'האָב אָנגעהויבן פּיטערן אירע קי. ביי איר איז מיר געווען זייער גוט, זי האָט מיר געגעבן צו עסן.

איין מאָל אָבער האָב איך צוריקגעטריבן די קי צו-פרי — איך האָב נישט געוווּסט ווען צוריקצוטרייבן — האָט זי מיך דערפאַר אַרויסגעוואָרפן און איך האָב געמוזט אַוועקגיין.

ווען איך בין שוין געגאַנגען מיטן וועג, האָט מיך אָנגעיאָגט איר מאַן, האָט פון מיר אַראָפּגעריסן דאָס קליידל און דאָס טיכל, וואָס זי האָט מיר געגעבן, און האָט מיך אַזוי צעשלאָגן, אַז איך האָב נישט געקענט גיין. קיין שיך האָב איך אויך נישט געהאַט און די פיס מיינע זענען געווען אינגאַנצן צעקאַליעטשעט.

שפּעטער בין איך געקומען צו זיך און אַוועק ווייטער, אין אַ צווייטן דאָרף.

דאָרטן האָט מיר איינע, אַן אוקראַאינערין, געגעבן געבעקס מיט קעז. שלאָפן האָט זי מיך אין שטוב נישט אַרייַנגעלאָזט. איך האָב געמוזט שלאָפן אויפן הויף און ס'איז מיר געווען זייער קאַלט. ווען איך בין געשלאָפן, האָב איך אינגאַנצן נישט געפילט מיינע פיס — אַזוי בלוי זענען זיי געווען פון קעלט. ס'איז שוין געווען שפּעט אין האַרבסט. קיין תבואה איז נישט געווען, אַז מען זאָל זיך קענען צוטוליען אַביסל צום שטרוי.

דערנאָך האָב איך דערזען, ווי איינע, אַן אוקראַאינערין, אַקערט אין פעלד. בין איך צו איר צוגעגאַנגען און האָב זי גענומען בעטן, אַז זי זאָל מיך נעמען אויף אַרבעט. האָט זי מיך צוגענומען, אָבער עסן האָט זי מיר גאָרנישט געוואָלט געבן. און געהאַט האָט זי אַ קליין קינד אַזאַ, פלעגט זי אים כסדר ברענגען עסן.

געשלאָפן בין איך אין אַזאַ שוואַרצן קעמערל. דאָרטן פלעגן אַרומלויפן שטשורעס און איך פלעג אַ גאַנצע נאַכט מורא האָבן.

צייטנווייז, ווען זיי אַלע פלעגן שוין שלאָפן, און איך האָב נישט געקענט אייַנשלאָפן, ווייל איך בין געווען הונגעריק, — פלעג איך שטילערהייט אויפשטיין און צוגיין צו דער שאַפע נאָך ברויט. צוויי מאָל האָט מען מיך געכאַפּט און שרעקלעך צעשלאָגן. וואָס האָב איך געקענט טאָן, אַז איך בין געווען הונגעריק? אינדערפרי ביים אַרויסטרייבן די קי אין פעלד, פלעגט מען מיר גאָרנישט געבן צו עסן, און אויפן וועג אויך נישט. אין אָונט ערשט, ווען איך פלעג צוריקקומען, פלעגט מען מיר געבן בלויז אַ פּאָר קאַרטאָפל און אַ ביסל וואַסער. קיין ברויט האָט מען מיר נישט געוואָלט געבן. אָנגעהונגעריקטן בין איך געווען אין פעלד, ווו איך פלעג פּאַשען. ס'איז נאָך גוט, וואָס פּאָליאַקן פלעגן מיר צייטנווייז ברענגען עפּעס צו עסן.

איך האָב געהאַט צוויי גרויסע קי און דריי ציגן. אַחוץ דעם האָב איך נאָך געמוזט אַכטונג געבן אויף די הינער.

און ווען זי פלעגט מאַכן אין שטוב בראָנפן, פלעג איך נאָך מוזן הייצן דעם אויוון. נאָכן צוריקברענגען די קי פון פעלד, פלעג איך נאָך פלעכטן צעפּ פון שטרוי און אַרייַנשטופּן דאָס אין אויוון.

א גאַנצע נאַכט פֿלעג איך זיצן אויף אַ בענקעלע ביים אויוון. און הייצן. די אויגן פֿלעגן מיר זיך כּסדר קלעפּן, דער קאָפּ פֿלעגט זיך מיר שאָקלען, און זי פֿלעגט נאָך דערצו אויף מיר אָן אויפֿהער שרייען.

שפּעטער האָבן אַלע פּאָליאַקן געזאָלט פֿאָרן אויף מערב. האָב איך געוויינט, ווייל איך האָב זיך געטראַכט: „זיי וועלן אַוועקפֿאָרן, קיינער וועט מיר שוין נישט ברענגען קיין ברויט אין פֿעלד, וועל איך דאָך אויסגיין פֿון הונגער".

פּלוצלינג איז אָראָפּגעפֿאַלן אַ באָמבע אויפֿן הויף און דערהרגעט אַ פֿערד און אַ קו. ס'איז געוואָרן אַ מלחמה און אַלע זענען דערווייל געזעסן אין קעלער.

בין איך געזעסן אין אַזאַ מין שלעכטן קעלער מיט שפּאַרעס און פּענצטערלעך, און די בעל הביתטע איז זיך אַוועק מיט איר מאַן און קינד אין אַ גוטן קעלער אַזאַ, אַ געמויערטן.

אָבער איך בין נישט געווען קיין נאַר און כ'האָב די גאַנצע צייט געבעטן גאָט, אַז איך זאָל נישט געהרגעט ווערן.

איך בין, זעט אויס, דאָרט גאַנץ לאַנג געזעסן. עס האָט שרעקלעך געדונערט און געהאַקט און איך האָב זייער מורא געהאַט, ווייל איך בין געזעסן איינע אַליין. געשלאָפֿן בין איך אויף קאַרטאָפֿל און דעם קאָפּ האָב איך אַוועקגעלייגט אויף אַ שטאָפּל פֿון קעלער. דאָרט זענען געווען מערן און וואַסער, פֿלעג איך מיר זיי שווענקען און עסן.

אַמערגנכטן איז געווען דאָס, וואָס ס'איז געווען זייער קאַלט און איך האָב נישט געהאַט מיט וואָס זיך צוצודעקן. בלויז איין דינטשיק קליידעלע אַזאַ, ביז די קנעכל, האָב איך געהאַט, פֿלעג איך אין איר אַרומגיין און אויך שלאָפֿן אין איר. איך פֿלעג נאָר וואַרטן אויף איין זאַך — איך זאָל איינשלאָפֿן, ווייל אין שלאָף שפּירט מען נישט אַזוי די קעלט.

איינמאָל פֿאַרטאָג — עס קלאַפּט צו מיר עמיצער אין שייבל.

— „וויכאָדי!" — הער איך אַ שטים אויף רוסיש. איך קום אַרויס, ערשט דאָס זענען שוין רוסן.

איך האָב שוין דעמאָלט נישט געוווסט, אַז איך בין אַ יידיש קינד.

פּלעג איך יעדן טאָג זיך „מאָדליען“ פאַר דער איקאָנע. איך האָב דערביי געמוזט קושן די ערד דריי מאָל א טאָג. דאָרטן איז געווען אַזאַ מין יעזוס, א דורכגעלעכערטער מיט טשוועקעס — האָט יענע אוקראַינערין מיר געזאָגט, אַז איך זאָל זיך „מאָדליען“ צו אים, ווייל די יידן האָבן דערהרגעט יעזוסן. שפּעטער איז געקומען צו אונז עפּעס א מענטש און האָט מיר געזאָגט, אַז ער איז מיין פעטער. איך האָב אים אָבער נישט געוואָלט גלויבן.

— „איך האָב שוין א פעטער“ —האָב איך אים געזאָגט און געוויזן אויף מיין אוקראַינער.

דער מענטש האָט מיך גענומען צורעדן, אַז איך זאָל גיין מיט אים, אָבער איך האָב בשום אופן נישט געוואָלט. האָט ער דער־ציילט דער אוקראַינערין, אַז ער איז א ייד און אַז איך בין אויך א יידיש קינד. זי האָט מיר אָבער שטילערהייט געזאָגט, אַז איך זאָל מיט אים נישט גיין, ווייל די יידן וועלן מיך צונעמען קיין פּאַלעסטינע און דאָרטן וועלן זיי מיך הרגענען.

אויף מאָרגן זענען געקומען א סך מענטשן און געזאָגט, אַז זיי ווילן מיך צונעמען ווייל זיי פאָרן אויף מערב. דערהערט, אַז מען וועט פאָרן, בין איך איינגעגאַנגען. איך בין נאָך קיינמאָל נישט געפאָרן מיט קיין אייזנבאַן, בין איך געווען נייגעריק. אַנדערש וואָלט איך מיט זיי נישט געגאַנגען.

די אוקראַינערין איז געווען בייז און האָט מיך אפילו נישט געוואָלט אָפּוואַשן אויפן וועג. האָב איך מיר אַליין געבראַכט א צעבערל וואַסער פון טייך און זיך אָפּגעוואַשן.

דערנאָך האָבן זיי איר געגעבן 200 זלאָטעס, האָט עס מיר זייער פאַרדראָסן. „וויניק וואָס זי פלעגט מיר נישט געבן צו עסן, שענקט מען נאָך איר געלט“ — האָב איך זיך געטראַכט.

דערנאָך זענען מיר שוין געפאָרן. מיר איז זייער גוט געווען. מען האָט מיר געגעבן שיך און א קליידל. ברויט מיט וווּרשט האָב איך געהאַט וויפיל איך האָב נאָר געוואָלט. כ'איז מיר בלויז א שאָד געווען, וואָס איך האָב נישט געקענט אַזוי פיל עסן, ווייל דאָס בייכל האָט מיר וויי געטאָן. אַמערגסטן איז געווען דאָס, וואָס איך האָב געמוזט לויפן און לויפן, און איך האָב נישט געהאַט

זוו, ווייל מיר זענען כסדר געפאָרן אין אַ לאַסט-וואַגאָן (אָן אַן אָפּטריט).

דערנאָך האָט מען מיך אַוועקגעגעבן אין אַ קינדערהיים אין קראָקע. איך האָב דאָרטן קיינעם נישט געקענט, פלעג איך באַלד איינדערפרי, ווען ס'איז נאָך געווען פינצטער, אַנטלויפן אויף דער גאַס, שטעלן זיך ביי דער טראַמוויי-סטאַציע און וואַרטן אויף באַקאַנטע. פריילין באַסיע פלעגט נאָך שלאָפן, ווען איך פלעג אַרויסגיין, פלעגט זי מיך דערנאָך נישט קענען געפינען.

אָבער קיינער פלעגט צו מיר נישט קומען און איך פלעג צוריקגיין אין אינטערנאַט.

איך האָב זייער געבענקט נאָך דער לאָנקע און נאָך די ציגן. איך האָב געהאַט אַ קליינטשיק, ווייס ציגעלע אַזאַ, וואָס איך האָב אַממערסטן ליב געהאַט, האָב איך געוויינט...

שפּעטער האָט מען מיך געוואָלט שיקן קיין זאַקאָפּאַנע, האָב איך מורא געהאַט אַהין צו פאָרן, אַז מען זאָל מיך דאָרט נישט רופן „זשידוווקאַ-פּאַרשיוויצי". אָבער איך בין סוף כל סוף יאָ געפאָרן, ווייל אַחוץ מיר זענען געפאָרן אויך אַנדערע קינדער.

אין זאַקאָפּאַנע האָבן מיר באַקומען אָנצוטאָן, און דאָרטן איז מיר שוין געווען אינגאַנצן גוט — אַזוי גוט ווי ביי דער מאַמען אינדערהיים. דאָרטן איז געווען גימנאַסטיק, און קליידונג, און עסן און כאַמע גוטע זאַכן.

---

## באַמערקונגען וועגן מאַליושיע שטראַסבערג

וועגן מאַליושיע שטראַסבערג וועל איך זאָגן בלויז עטלעכע ווערטער, ווייל איר דערציילונג און איר אויסזען רעדן שוין אַליין פאַר זיך. מאַליושיע זעט אויס ווי אַ טיפּיש פויעריש קינד, ווי אַן אמתע פּאַסטושקעלע. אַ דאַנק דעם האָט זי זיך טאַקע אָפּגעראַטעוועט.

מאַליושיע האָט זיך צוגעפּאַסט צו דער סביבה, אין וועלכער זי האָט געלעבט, נישט בלויז אויסערלעך, נאָר אויך פיזיש און גייסטיק. זי איז פאַרהאַרטעוועט געוואָרן לגבי הונגער און קעלט, האָט זיך צוגעוווינט צו שווערער דאָרפס-אַרבעט, האָט זיך צוגעבונדן צו אירע ציגן און זיי ליב באַקומען. נאָר מיט די קי איז זי ביזן סוף פאַרבליבן אין קריגס-צושטאַנד, ווייל זיי האָבן זי נישט געוואָלט פאָלגן. זי האָט זיך

אויסגעלערנט צו באַהאַלטן אירע געפילן און פיל שווייגן (אויסצוווייגען זיך פלעגט זי לויפן אין קאָרן). זי האָט אין זיך אויסגעאַרבעט אַ פיפיקייט, אַ באַטראַכטקייט, און אַפילו אַ פויערישע זשעדנעקייט.

דאָס אַלץ האָט זיך ביי איר אויסגעמישט מיט איר קינדיש-רירנדיקער האַרציקער תמימות, מיט איר גוטסקייט און דאַנקבאַרקייט, און געגעבן אין רעזולטאַט אַ מחיתדיק סימפּאַטיש קינד.

אירע דערקלערונגען דעקן זיך פולשטענדיק דערמיט, וואָס עס דערציילט וועגן איר מאַקס שוואַב. דערפון איז געדרונגען, אַז דאָס זעלבסטשטענדיקע אַרויסשלאָגן זיך אין לעבן האָט זיך נאָר מאַליושיען אָנגעהויבן, ווען זי איז אַלט געווען בסך הכל פינף יאָר. שוין דעמאָלט האָט זי געפילט אינסטינקטיוו, אַז זי טאָר זיך נישט אָנערקענען צו די יידן, וואָס מען האָט געמאָרדעט, ווייל אין קעגנפאַל וועט מען אויך איר הרגענען. שוין דעמאָלט האָט זי געפילט איר אָפּהענגיקייט פון דער סביבה. ווו זי האָט נאָר געקענט, האָט זי געזוכט הילף, כדי נישט אויסצוגיין פון הונגער.

אַזוי אַרום האָט זי אַלץ איבערלעבט און אַרויס בשלום. מען קען דרייסט זאָגן, אַז איר לעבן-בלייבן איז אַן אמתער נס.

# וואָס דערציילט מאַקס שוואָב

געבוירן דעם 11-טן יוני 1933
(בעתן דערציילן 13 יאָר אַלט)



ער זיצט אַרום מיר און איך זע אים אין פּראָפיל.

איך בעט אים, אַז ער זאָל מיר דערציילן וועגן זיינע איבערלעבונגען.

— צו וואָס? — וווּנדערט זיך מאַקס אַ ביסל אומגעדולדיק. — ס'איז דאָ אַזויפיל צו דערציילן, אַז עס לוינט גאָר נישט.

איך בעט אים אָבער, אַז ער זאָל דאָס פּאָרט טון, ווייל איך וויל נענטער דערקענען זיין לעבן.

מאַקס גייט איין און הויבט אָן צו דערציילן.

— געוווינט האָבן מיר אין אַ קליין שטעטל, וואָס האָט געהייסן זבאַרזשוו. מיין פאָטער איז געווען אַ בלעכער. איך געדענק אים זייער גוט. איך געדענק אויך מיין עלטערן ברודער בוניען, ער האָט באַזוכט אַ גימנאַזיום. שפּעטער, פאַר די רוסישע צייטן, האָט ער באַקומען די מאַטורע און איז געוואָרן לערער אין אַ דאָרף.

מיך האָט מען נישט געוואָלט אָננעמען אין דער שול, כאָטש

איך בין שוין געווען א יינגל פון זיבן יאָר — איך בין געווען זייער דאַר און קליין.

איך האָב אויך געהאַט א מוטער און א שוועסטער, עטלעכע פעטערס און מומעס, אויך א זיידן האָב איך געהאַט.

זוען די דייטשן זענען אריין אין זבאָרווו, האָבן זיי באַלד בעת דער ערשטער אקציע זיי אַלעמען דערמאָרדעט.

געווען איז דאָס דעם ערשטן יוני 1941.

נישט ווייט פון אונזער הויז, אויף א לאָנקע, איז געווען א ריזיקע גרוב, וואָס איז אויסגעגראָבן געוואָרן דורך א באָמבע. מען האָט זי געזען פון אונזער צימער. אהין האָבן די דייטשן צו־זאַמענגעטריבן אַלע יידן, וואָס האָבן זיך געפונען אין זבאָרוו — א 900 מאַן — און האָבן זיי אויף דעם דאָזיקן אָרט דערשאָסן.

צווישן זיי האָבן זיך אויך געפונען מיין פאָטער, דער זיידע און צוויי פעטערס. דאָרטן זענען אויך געווען אַלע אונזערע שכנים און באַקאַנטע, — אַלץ מענטשן, וואָס איך האָב גוט געקענט, ווייל זיי פלעגן צו אונז אַלע מאָל אַריינקומען. זיי פלעגן מיר ברענגען צוקערלעך, זיך שפּילן מיט מיר, רייצן זיך. איך געדענק זיי זייער גוט.

מאַקס רייסט איבער אויף א ווייַלע און פאַרטראַכט זיך א טרויעריקער. אין א פּאָר מינוט אַרום קערט ער זיך אום צו מיר מיטן גאַנצן פּנים און דערציילט מיט אַן אויפגערעגטער שטים:

— קיינער האָט זיך נישט געריכט, אַז אַזאַ זאַך זאָל קענען פּאַר־קומען. קיינער איז דערויף נישט גרייט געווען. דאָס איז אויף אונז אַראָפּגעפאַלן ווי א באָמבע אין מיטן העלן טאָג.

די ערשטע צוויי טעג נאָכן אַריינקומען פון די דייטשן זענען אַריבער פולשטענדיק רויק. די דייטשן פלעגן נאָר דורכפאָרן פון צייט צו צייט די שטאָט, זיי האָבן אָבער קיינעם גאָרנישט נישט געטון און קיינעם נישט פאַרטשעפּעט.

אויפן דריטן טאָג זענען אָנגעקומען פיל נייע אויטאָס. זיי האָבן זיך אָפּגעשטעלט, ווי געוויינלעך, אויפן מאַרק. קינדער זענען אַרויסגעלאָפן פון די הייזער און גענומען באַטראַכטן מיט פאַר־וואונדערונג די נייע דייטשן.

אויך איך בין דאָרט געװען. איך האָב געזען ווי אַזוי זיי האָבן זיך אַרומגעדרייט אַרום די אויטאָס, ווי אַזוי זיי האָבן זיך געוואַשן האַלב־נאַקעטע. דערנאָך האָבן זיי אָנגעטון שוואַרצע מוגדירן און היטלען מיט מענטשן־שאַרבנס. אויך אויף די קאָלנערס האָבן זיי געהאַט מענטשן־שאַרבנס.

נאָכדעם איז יעדער פון זיי צוגעגאַנגען צום דאָקטאָר און באַקומען אַן איינשפּריצונג אין אָרעם.

דערנאָך האָבן זיך די דאָזיקע שוואַרצע מענטשן אַוועקגעלאָזט איבער די הייזער און גענומען אַרויסשלעפּן די יידן פון די וווינונגען. זיי האָבן דערביי געזאָגט, אַז דאָס נעמען זיי צו דער אַרבעט און דעריבער געהייסן מיטנעמען לאָפּאַטעס.

דער זיידע האָט זיך געהאַט באַהאַלטן אין אַ זייער גוט קעמערל אויפן בוידעם. אָבער ווען ער האָט דערהערט, אַז דאָס נעמט מען צו דער אַרבעט, איז ער אַליין אַראָפּגעגאַנגען און מיטגענומען אַ לאָפּאַטע. דער זיידע האָט פאַר אַרבעט נישט מורא געהאַט, ער איז געװען געוווינט דערצו.

נישט ווייט פון אונז, האָבן די דייטשן אין אַ הייזל געפונען אַ באַהאַלטענעם ייד, וועלכער האָט מורא געהאַט מיטצוגיין מיט זיי. האָבן זיי אים אַרויסגעשלעפּט פון שטוב און פאַר אַלעמען אין די אויגן דערשאָסן. האָבן שוין די איבריקע מורא געהאַט זיך צו באַהאַלטן און זענען אַלע ווי איינער מיטגעגאַנגען מיט די דייטשן.

מיר און דער מאַמען האָבן זיי דערלויבט צו פאַרבלייבן אין שטוב. מיר האָבן זיך אָבער נישט געטאָרט רירן פון אָרט און נישט קוקן דורכן פענצטער.

מיין ברודער האָט זיך נישט געלאָזט אָפּנאַרן און ריזיקירט. ער האָט זיך באַהאַלטן אין אַ קליין קעמערל אויפן בוידעם, אין וועלכן ס'איז געװען אַ קיילעכדיק פענסטערל, אונטערן דאַך. דורכן דאָזיקן פענסטערל האָט ער אַלץ געזען.

ער האָט געזען ווי אַזוי מען האָט צונויפגעטריבן אַלע יידן פון שטעטל און מען האָט זיי אויסגעשטעלט האַרט ביי דער גרוב. קיינער האָט זיך נישט געטאָרט קיין ריר טאָן און נישט אויסריידן קיין וואָרט. בלויז די געשרייען פון די דייטשן האָט מען געהערט. זיי זענען געשטאַנען, די דייטשן, אויף אַ בערגל נישט ווייט פון

דער גרוב. זיי האָבן האַרטן געהאַט אויסגעשטעלט פיל קוילנוואַר־פערס. יעדע פאָר מינוט האָט זיך געלאָזט הערן אַ ביל פון אַן אָפיציר און באַלד נאָכדעם אַ סאַלווע. נאָך יעדן קנאַל פלעגט אַ גרופּע יידן אַריינפאַלן אין גרוב אַריין.

מען פלעגט יעדע ווײַלע צופירן נייע פּאַרטיעס יידן. זיי האָבן אַלע געמוזט שטיין אין דער ריי, צוקוקן און וואַרטן ביז מען וועט זיי אײַנשטעלן ביים ברעג פון דער גרוב.

געדויערט האָט דאָס אַזוי פון צען אַזייגער אינדערפרי ביז צוויי בײַנאַכט.

די גאַנצע שטאָט איז פול געווען מיט שיסעריי-קנאַלן. קיינער האָט נישט געוואָגט אַרויסצוגיין פון שטוב. אַפילו פּאָליאַקן האָבן מורא געהאַט צו באַווייזן זיך אין גאַס.

צוויי אַזייגער בײַנאַכט האָבן זיך די מערדער ווידער אַריינגעלאָזט אין די וווינונגען און באַפוילן, אַז די פרויען זאָלן אַרויסגיין. אַלע האָבן געמיינט, אַז ס'איז שוין געקומען זייער לעצטע שעה. זיי האָבן אָבער שפּעטער באַקומען אַ באַפעל אַרויסצוגיין אין פעלד און פאַרשיטן די גריבער מיט די טויטע קערפּערס.

די פרויען האָבן געאַרבעט אַ גאַנצע נאַכט און נאָך צומאָרגנס אַ גאַנצן טאָג. יעדע פרוי האָט געזוכט אירע קרבנות, יעדע האָט געשלעפּט די טויטע קערפּערס פון אירע נאָענטסטע און געוויינט. אויף אייניקע איז אויסגעפאַלן צו פיר און פינף קערפּערס...

מיין מוטער איז נישט געגאַנגען, די דייטשן האָבן זי באַפרייט. אַנדערע פרויען האָבן פאַר איר אויסגעפירט די אַרבעט. די מאַמע איז געבליבן זיצן אין שטוב.

מאַקס באַהאַלט דאָס פּנים אין די הענט און וויינט.

— פון אַלע ניינציק יידן — זעצט ער פאָר זיין שווידערלעכע דערציילונג — איז געבליבן בלויז איינער. זיין פרוי האָט אים נאָך געפונען אַ לעבעדיקן צווישן די טויטע קערפּערס. זי האָט פון אים אַראָפּגעשלעפּט די דערשאָסענע קערפּערס, וואָס זענען אויף אים געלעגן, און אים געבראַכט צו שלעפּן אין שטוב אַריין.

צו דער דאָזיקער צייט זענען די דייטשן אין שטעטל נישט גע־וועז, זיי זענען אָפּגעפאָרן ווייטער.

צומאָרגנס האָבן די פּאָליאַקן און די אוקראַינער איינגעאָרדנט אַ באַל. זיי האָבן זיך אָנגעטון יום־טובדיק, אין די בעסטע בגדים. זיי האָבן אַראָפּגעבראַכט זייערע אייגענע טעכטער און אַנדערע פרויען. מען האָט צוגעגרייט טישן פון כל טוב — ליקיערן, ווײַן, ביר, די בעסטע שינקעס, ווורשטן. אַלע רעסטאָראַנען זענען פאַר זיי געווען אָפן.

זיי האָבן זיך פאַרזאַמלט פאַר דער תפיסה. דאָרטן איז געווען אַ צווייטע גרוב נאָך אַ באַמבע. האָבן זיי אַרויסגעשלעפּט פון די באַהעלטענישן נאָך הונדערט צען ייִדן און זיי פאַרפּייניקט.

דערוווּסט זיך וועגן דעם האָב איך פון מיין חבר ליאָלעק פּעפּער, וועלכער איז איינער אַליין פאַרבליבן פון דער גאַנצער גרופּע.

און געווען איז מיט אים אַזוי. זיינע עלטערן האָבן געהאַט אַ האָטעל און אַ רעסטאָראַן נישט ווייט פון אונז. די גאַנצע צייט פון דער אַקציע איז ער געווען באַהאַלטן אויפן בוידעם. פּרייטיק אַ גאַנצן טאָג האָט געדויערט די אַקציע (אַלע אַקציעס אין זבאַ־ראַזש זענען פאָרגעקומען פּרייטיק), און שבת איז שוין געווען נאָך אַלעמען. איז ער אַרויסגעקומען פון זיין באַהעלטעניש, אַוועק צו צוויי באַקאַנטע קריסטן, וועלכע פלעגן ביי זיי תמיד עסן און טרינקען, און זיי געפרעגט, צי איז שוין פולשטענדיק רויק. האָבן זיי אים דערויף געענטפערט, אַז ער זאָל מיט זיי מיטגיין, וועט ער זיך איבערצייגן.

זיי האָבן אים אַוועקגעפירט צו דער צווייטער גרוב, וואָס פאַר דער תפיסה. דאָרטן האָט ער געטראָפן פיל אַנדערע ייִדן, וועלכע זענען געשטאַנען מיט פאַרבונדענע הענט. באַלד האָט מען אויך אים געבונדן די הענט. איז ער אַזוי געשטאַנען און צוגעזען ווי מען פירט כסדר ניי־געפונענע ייִדן. די אוקראַינער און די פּאָ־ליאַקן האָבן זיך דערוויייל געלאָזט וווֹיל־גיין מיט בראָנפן און ווורשט.

דערנאָך האָט מען אָנגעהויבן פּייניקן די ייִדן און שיסן צו זיי אויף בלינד, אבי ווּהין. אים האָט מען דאָן בלויז פאַרוווּנדעט,

אָבער אַזױװי ער איז געפֿאַלן, האָבן זײ געמײנט, אַז ער לעבט שױן נישט און אים געלאָזט צורו.

ער האָט מיר דערנאָך דערציילט, אַז װען מען האָט אין אים אױסגעשאָסן, האָט ער געמיינט, אַז ער איז שױן טויט. דערנאָך האָט ער אָבער געעפֿנט די אויגן און האָט דערזען פֿול מענטשן אַרום זיך.

דאָ האָט ער זיך דערמאָנט אַ געװיסע געשיכטע, װאָס ער האָט אַמאָל געזען אין קינאָ, װיאַזױ איינער האָט זיך פֿאַרשטעלט פֿאַר אַ טויטן, האָט ער באַשלאָסן צו טון דאָס זעלבע.

און אַזױ אַרום איז ער ליגן געבליבן...

ביינאַכט, װען אַלע זענען אַװעקגעגאַנגען, איז ער אַרויסגע־קראָכן פֿון גרוב און האָט זיך אַװעקגעשלעפּט אַ היים.

װען ער איז אַריין אין שטוב, האָט זײן מוטער נישט געװאָלט גלויבן אירע אייגענע אויגן. ער איז צוריקגעקומען צו איר פֿון קבר אַרויס.

װאָס איז שייך דער אַקציע גופֿא, איז עס געװען אַזױ:

די דייטשן זענען אַװעק אין דער אוקראַינישער געמיינדע, — דאָרטן איז געװען דער גלח, דער דאָקטער, דער אַפּטייקער — און האָבן זײ פֿאָרגעלייגט אונטערצושרייבן אַן אַקט, אַז זײ זענען מסכים אַלע יידן זאָלן אויסגעראָטן װערן.

איינער אַ ייִנגל, מײן ברודערס אַ חבר, איז פּונקט דעמאָלט פֿאַרבייגעגאַנגען (ער פֿלעגט קערן די גאַסן), און האָט עס אַליין געזען און געהערט דורכן פֿענצטער. ער האָט געזען װי זײ זיצן אַלע אַרום דעם טיש, װאָס איז באַדעקט מיט אַ רויטן געװאַנט. האָט ער פֿאַרשטאַנען װאָס דאָ קומט פֿאָר און זיך באַהאַלטן.

געװען װײס איך נישט, נאָר מיר דוכט זיך, אַז זײ האָבן דעם דאָזיקן אַקט אונטערגעשריבן.

נאָך דעם אַלעם איז אַ װאָך צייט קיינער פֿון שטוב נישט אַרויס. יעדערער האָט מורא געהאַט. יעדערער האָט זיך אויסבאַ־האַלטן. אין די באַהעלטענישן, װוּ עס זענען געזעסן פֿאַרשטעקט די פֿרויען און די קינדער, האָט געהערשט אַ מוראדיקע פֿאַרצװייפֿ־לונג.

אין אַ וואָך אַרום האָט זיך אַלץ באַרויקט.

פון טאַרנאָפּאָל זענען שפּעטער געקומען דייטשן און האָבן אַרויפגעלייגט אויף די יידן אַ קאָנטריבוציע פון אַ האַלבן מיליאָן זלאָטים. זיי האָבן אויך געהייסן צונויפזאַמלען פיל טייערע בילדער, טעפּיכער און מעבל. באַלד איז געשאַפן געוואָרן אַ „יודענראַט", וועלכער האָט די קאָנטריבוציע צו דער צייט צוגעשטעלט.

אין אַ קורצער צייט אַרום האָט מען אין זבאַרוו געשאַפן אַ לאַגער און מען האָט אַהין געבראַכט יידן פון לעמבערג און פון די אַרומיקע געגנטן.

דערנאָך זענען שוין געווען דריי לאַגערן.

קיין זבאַרוו פלעגן כסדר אַריבערקומען עסעסאָוועס און רויבן יידישע וווינונגען און געוועלבער. זיי זענען אַרומגעגאַנגען איבער די קעלערן און די בוידעמס, געזוכט, גענישטערט, און געשלעפּט וואָס עס האָט זיך געלאָזט.

עס פלעגט אויך אַראָפּקומען די דייטשע זשאַנדאַרמעריע מיט געהיים-אַגענטן און אויך זיי האָבן גערויבט.

דייטשע אויטאָס פלעגן כסדר צופאָרן צום „יודענראַט" און יעדן טאָג פלעגן זיין נייע באַפעלן: אַזויפיל און אַזויפיל גאָלד, אַזויפיל קרישטאַל, אַזעלכע און אַזעלכע מעבל, דערביי פלעגן די דייטשן דראָען, אַז אין פאַל פון אַן אָפּזאָג וועלן זיי אַלעמען אויסשיסן.

איז געשאַפן געוואָרן אַ יידישע פּאָליציי, וועלכע פלעגט צו־נויפזאַמלען פאַר די דייטשן די וויכטיקע זאַכן.

די יידן אין די לאַגערן האָבן געאַרבעט אויפן שאָסיי. עסן פלעגט מען דאָרט געבן זייער ווייניק. מען האָט נאָר געשלאָגן גע־קאָפּעט מיט די פיס און געמוטשעט.

געווען זענען דעמאָלט שרעקלעכע פרעסט. טאָג־טעגלעך פלעגן אין לאַגער שטאַרבן אַ צוואַנציק יידן. זייער פיל זענען געשטאָרבן פון הונגער. אויף זייער אָרט האָט מען כסדר געכאַפּט נייע יידן פאַרן לאַגער.

מיין ברודער האָט זיך אויסגעלערנט בלעכעריי און געאַרבעט ביים לאַגער ווי אַ בלעכער. מיין מוטערס אַ באַקאַנטע, אַן אָרן קראַנקע, איז געווען אַ קעכין ביים לאַגערפירער קלאַוס. אַ דאַנק

איר מיטהילף, איז דער מאַמעס געלט „איינצואָרדנען" מיין שוועסטער אין קיך פון דעם לאַגער־פירער. זי האָט דאָרט געאַרבעט ווי אַ קאַרטאָפל־שיילערין.

איך בין אַרומגעגאַנגען ליידיק. נישט איך בין געגאַנגען אין שול און נישט אינדערהיים זיך געלערנט. אויך דער ברודער האָט קיין צייט נישט געהאַט מיך צו לערנען. כ'בין אַ גאַנצן טאָג געזעסן ביים ברודער אין וואַרשטאַט און זיך געשפּילט. איך האָב זיך צוגעקוקט ווי מען אַרבעט אין דער בלעכעריי.

דער ברודער האָט דאַן געאַרבעט אויף אויסצוהאַלטן די פאַמיליע. ער פלעגט קריגן בלעך-צומיילונגען און פלעגט דערפון אַ טייל פאַרקויפן „אויף לינקס". אַ חוץ דעם פלעגט די מאַמע אויספאַרקויפן פאַרשידענע שטוב־זאַכן, כדי איינצוקויפן עסן.

אין זבאָרוו האָט מען דערווייל דורכגעפירט איין אַקציע נאָך דער צווייטער. די יידן, וועלכע זענען נאָך אין לאַגער נישט געווען, האָבן זיך בסוד סודות צוגעגרייט בונקערס און באַהאַלטענישן.

אויך דער ברודער האָט פאַר אונז געמאַכט אַ בונקער. דאָס איז געווען אַ קעלער. פריער האָט אַהין געפירט אַן אַריינגאַנג אין דער פאָדלאָגע פון דער קיך. דער אַריינגאַנג איז אָבער פאַרמויערט און פאַרשאָטן געוואָרן מיט ערד און זאַמד, כדי מען זאָל אים נישט דערקענען.

דער ברודער האָט צום קעלער געמאַכט אַן אַנדער אַריינגאַנג דורכן קיך־אייוון. איינגעטלעך איז דאָס געווען מיין איינפאַל.

אין דער קיך איז געשטאַנען אַ ברייטער פּירקאַנטיקער קיך־אייוון. אין אייוון פלעגט זיך אויפהייבן דער בלאַט און די רושטן און מען פלעגט אַזוי אַרום אַראָפּגיין אין קעלער. מיין ברודער האָט נאָך דערצו צוגעמאַכט אַ לייטערל עס זאָל זיין לייכטער אַראָפּצוגיין. ווען אַלע זענען שוין געווען אונטן, האָט מען איבער די קעפּ פאַרלייגט פריער דעם בלאַט און דערנאָך די רושטן און שאַ־שטיל.

דאָס באַהעלטעניש איז געווען אַ זייער גוטע. געווען איז דאָרטן, וואָס אַן אמת, פינצטער און פייכט, אָבער לופט איז דאָרט דער

פאַר געווען גענוג, ווייל עס פלעגט אַריינדרינגען דורך אַ מין קווי־מען. פלאַץ איז דאָרטן געווען פאַר פופצן מאַן.

איינמאָל איז פאָרגעקומען אַ גרויסע אַקציע. מען האָט שוין דעמאָלט געכאַפּט אַלעמען, נישט בלויז מענער, גאָר אויך פרויען, אַרויסגעזעצט אויף אויטאָס און אַרויסגעפירט קיין בעלזשעץ אין אייוון אַריין. 1500 מאַן האָט מען בעת דער דאָזיקער אַקציע צו־גענומען אין משך פון איין טאָג.

מיר זענען דעמאָלט געזעסן אין דעם באַהעלטעניש.

זייער פיל יידן האָט מען אַרויסגעשלעפּט פון די בונקערס און זיי אַלעמען דערשאָסן.

צווישן אַנדערע האָט מען דאַן אַנטדעקט אויך דאָס באַהעל־טעניש, ווו עס זענען געזעסן די עלטערן און די ברידער פון מאַ־ליע שטראַסבערג. מען האָט זיי אַרויסגעשלעפּט און דערהרגעט. די דאָזיקע געשיכטע ווייס איך גענוי, ווייל וועגן דעם האָט מיר דערציילט איינער אַ ייִנגל, וועלכער האָט אַלץ געזען.

מאַליעס פאָטער, וועמען אַלע האָבן גערופן „דער רויטער שטראַסבערג", האָט געהאַט אַ געליבטע, אַן אוקראַאינערין, וועלכע האָט אים אומבאַדינגט געוואָלט ראַטעווען. לכתחילה האָט זי אים צוזאַמען מיט זיין פאַמיליע אויסבאַהאַלטן ביי זיך, אין אַ גרוב הינטערן שטאַל. שפּעטער האָט זי אויסגעזוכט אַ בעסער באַהעל־טעניש ביי איינעם אַ פויער, נישט ווייט פון איר הויז. צוזאַמען מיט אים האָבן זיך אין דעם דאָזיקן באַהעלטעניש געפונען נאָך 20 יידן.

מאַליע איז דאָרטן נישט געווען, ווייל איר מאַמע האָט זי אוועקגעגעבן צו עפּעס אַן אוקראַאינערין אין אַ דאָרף.

איך ווייס נישט וויאַזוי וועגן דעם האָט זיך דערוווּסט איינער אַן אוקראַאינער, וועלכער האָט געדינט די דייטשן, און ער האָט געמסרט דער פּאָליציי.

באַלד איז אַראָפּגעקומען אַ גאַנצע אָפּטיילונג פּאָליציי. זי האָט אַרומגערינגלט דאָס גאַנצע הויז מיט אַלע אַרומיקע געביידעס. פון אַלע זייטן און מען האָט די יידן אַרויסגעשלעפּט אין גאָרטן. דאָרטן האָט מען זיי געהייסן אויסגראָבן אַ גרוב און ביי דער דאָזיקער גרוב האָט מען זיי דערשאָסן.

אָבער די אוקראַינער פון דעם הויז און דעם גאָרטן האָבן נישט געוואָלט מסכים זיין, אַז זיי זאָלן דאָרטן זיין באַגראָבן. זיי האָבן זיך געשפּאַרט מיט דער פּאָליציי און געטענהט, אַז זיי ווילן נישט אין זייער גאָרטן „זאָלן שטינקען יידן". האָט מען זיי דעריבער אויסגעגראָבן און אַרויסגעפירט אויפן בית־עולם.

דערנאָך האָבן זיך אין דאָרף אָנגעהויבן קריגערייען וועגן דעם גוטס פון די דערשאָסענע יידן, ווייל זייער גאַנצן פאַרמעגן האָבן זיך צוגענומען די בעלי־בתים, וואָס האָבן נישט געוואָלט, אַז „די יידן זאָלן זיי שטינקען", און אַנדערע האָבן גאָרנישט באַקומען. האָבן יענע אויך געוואָלט דערפון געניסן און זיי זענען דעריבער אַרויס מיט פּרעטענסיעס.

אַזוי האָט מיר שפּעטער דערציילט מיינער אַ חבר, מיט וועמען איך האָב געפּיטערט קי. זיין פאָטער האָט אויך געהערט צו יענע באַוואָלטע.

ער האָט מיר אויך דערציילט, אַז מאַליעס עלטערן ברודער, שימעקן, — מיר האָבן אים ביידע גוט געקענט — איז דעמאָלט געלונגען צו אַנטלויפן. ער איז שוין געווען ביים טייך, ער איז שוין אַריינגעשפּרונגען אין וואַסער און געשווומען. ער וואָלט זיכער דערגרייכט דעם צווייטן ברעג און וואָלט זיך געראַטעוועט אין די קשאַקעס, ווען עס נישט באַמערקט אים די לעצטע מינוט אַ פּויער, וועלכער איז מעשה שטן דאַן פאַרבייגעפאָרן מיט זיין וואָגן, און ווייזט נישט אָן אויף אים די דייטשן.

האָבן אים טאַקע די דייטשן דערשאָסן אין וואַסער.

און מאַליע ווייסט גאָרנישט וועגן דעם, אַז איר ברודער לעבט נישט. נעכטן איז זי צו מיר צוגעקומען, אַז איך זאָל אָנשרייבן אַ בריוו צו שימעקן. וואָס זשע האָב איך געזאָלט טון? האָב איך איר אָנגעשריבן.

יינגלעך האָבן מיר דערציילט, אַז זיי האָבן געזען שימעקס קערפּער ביים ברעג, זיין קאָפּ איז געלעגן אויפן זאַמד. אָבער זיי האָבן אים אָפּגעשטויסן פון ברעג, אַז ער זאָל אַוועקשווימען ווייטער.

וועגן אונזער באַהעלטעניש האָט זיך דערוווּסט איינער אַ יידישער פּאָליציאַנט, — איך ווייס נישט וויאַזוי.

מיר האָבן זיך שוין דאָרטן דעריבער נישט געקענט באַהאַלטן און זיך געבראָכן דעם קאָפּ וואָס צו טון. לסוף האָט מיין ברודער באַשלאָסן צו באַנוצן זיך מיטן זעלבן באַהעלטעניש. נאָר מאַכן צו אים אַן אַנדערן אַריינגאַנג.

דאָס איז שוין נישט געווען אַזאַ גוט באַהעלטעניש ווי פריער אָבער אַלץ בעסער ווי גאָרנישט.

אַ באַהעלטעניש וועגן וועלכן עמיצער האָט שוין געוווּסט, בפרט אַ פּאָליציאַנט, האָט שוין נישט געגעבן קיין שום גאַראַנטיע פון זיכערקייט. אָבער וואָס האָבן מיר דערצו געקענט העלפן?

האָבן מיר געמאַכט אַזוי. מיר האָבן פאַרמויערט דעם פריער-דיקן אַריינגאַנג דורך דער קיך און מיר האָבן נאָרמאַל געהייצט אין אייוון. דאַקעגן האָבן מיר געמאַכט אַ צווייטן אַריינגאַנג אין אַן אַנדער צימער, אויך דורכן אייוון, אָבער דאָס איז שוין געווען גאָר אַן אַנדער מין אייוון.

דאָס איז געווען אַ פּירקאַנטיקער הויכער קאַפל-אייוון, וואָס איז געשטאַנען אין ראָג פון צימער. דער דאָזיקער אייוון איז ביז דער העלפט געווען באַשלאָגן מיט בלעך. אינגאַנצן צו דער וואַנט איז ער אָבער נישט צוגעשטאַנען. צווישן דעם אייוון און דער וואַנט איז געווען אַ שמאָלער שטח, דורך וועלכן מען האָט זיך געקענט דורכשטופּן. האָט דער ברודער באַשלאָסן צו מאַכן פון יענער זייט אַ באַוועגלעך בלעך, וואָס זאָל זיך אויפהויבן, און איינאָרדענען דאָרטן דעם אַריינגאַנג אין דעם באַהעלטעניש. און אַזוי האָט מען טאַקע געמאַכט.

דאָס איז געווען אַ זייער שווערע אַרבעט. בפרט אַז ער האָט אַלץ געמוזט מאַכן אַליין, קיינער האָט אים נישט געהאָלפן. ער האָט געאַרבעט אין די נעכט, כאָטש ער איז געווען זייער אויס-געמאַטערט. געהאָלפן צו ביסלעך האָבן נאָר איך און די שוועס-טער. מיר האָבן אָבער דאָך דאָס באַהעלטעניש געמאַכט.

ס'איז געווען אַ פּיל ערגערס ווי פריער. אַמערגסטן איז געווען מיטן אַראָפּגיין און מיטן אַרויסגיין. כדי אַראָפּצוגיין אין דעם באַהעלטעניש, האָט מען זיך געמוזט דורכשטופּן דורכן שמאָלן שטח הינטערן אייוון, פאָרזיכטיק אויפהויבן די קליאַפּע און דערנאָך

אראָפּלאָזן זיך אויף די הענט. אין דעם פריערדיקן באהעלטעניש האָבן מיר געהאַט אַ לייטער, דאָ נישט. ס'איז נישט געווען אָן וואָס צו האַלטן זיך און נישט אָן וואָס אָנצושפּאַרן זיך.

ווען מיין מוטער האָט זיך צום ערשטן מאָל אַהין אַראָפּגע־לאָזט, האָט זי געחלשט. אַן אַנדערע פרוי אַ דענטיסטקע, וואָס איז מיט אונז געזעסן, האָט זיך אויסגעהאַקט די ציין. זי האָט זיך אָפּגעקלאַפּט אין דער פּאָדלאָגע ווען זי איז אַרויסגעקומען.

כדי אַראָפּצוגיין אין דעם באהעלטעניש, האָבן מיר געמוזט איינע די אַנדערע אונטערהעלפן. ווען מען האָט געדאַרפט עפּעס אַהין אַראָפּברענגען, האָט מען שטענדיק מיך געשיקט, ווייל איך בין געווען קליין און דאַר, איז מיר לייכטער געווען דורכצושטופּן זיך.

די מאַמע האָט זיך נישט געפילט זיכער אין דעם באהעלטע־ניש. אין שטאָט האָט מען כסדר געכאַפּט, יעדעס מאָל אַנטדעקט נייע באהעלטענישן. די שטאָט מוז זיין „יודענפריי" — האָט מען געזאָגט.

דעמאָלט האָט שוין אין זבאַראַזש עקזיסטירט אַן אַזוי גערופן „פּערטל" ד. ה. אַן אָפענער געטאָ. קיין געמויערטער צוים איז אַרום דעם „פּערטל" נישט געווען, ווייל מען האָט נישט באַוויזן אים אויסצובויען, אָבער נישט מען האָט געמעגט וווינען אויסער דעם דאָזיקן פּערטל, נישט אַרויסצוגיין פון דאָרטן. דערפאַר האָט געדראָט אַ טויט־געפאַר.

צו יענער צייט האָט מען אַראָפּגעבראַכט קיין זבאַראַזש אַלע יידן פון די אַרומיקע שטעטלעך און דערפער. גלייכצייטיק האָט מען ענגער געמאַכט דאָס „פּערטל". אין יעדן צימער האָט מען אַריינגעזעצט 20 יידן. ביי אונז אין שטוב האָט מען אַריינגעזעצט נאָך 15 יידן.

די מאַמע איז ווידער אַוועק צו יענער אוקראַינערין, דער קע־כין פון דעם לאַגער־פירער קלאַוס, און האָט זי געבעטן, אַז מען זאָל איר דערלויבן וווינען אויף דער לאַגער־גאַס. דאָס איז גע־ווען האַרט ביים לאַגער. דאָרטן האָבן געוווינט יענע אוקראַינערין, דער שעף פון לאַגער, בין — אַ ייד — מיט זיין פרוי און קינ־דער, דער מאַגאַזינער פון קלאַוסן — אויך אַ ייד — מיט זיין

פאמיליע, און נאָך עטלעכע מאָן.

דאָחמן האָט זיך אויך געפונען די זשאַנדאַרמעריע.

דער ברודער און די שוועסטער האָבן שוין דאַן געאַרבעט אין לאַגער און די מאַמע האָט אויך געוואָלט אַרבעטן דאָרטן.

די פּראָטעקציע האָט געהאָלפן און מען האָט איר דערלויבט דאָרטן צו וווינען.

געקאָסט האָט די פּראָטעקציע זייער טייער. די מאַמע האָט געבראַכט יענער פרוי אַלץ, וואָס זי האָט נאָך געהאַט. זי האָט איר געגעבן צוויי זילבערנע פוקסן, דאָס גאַנצע זילבער און פיל אַנדערע זאַכן, וואָס איך געדענק נישט.

די מאַמע האָט זיך אַריינגעצויגן אין אַ וווינונג, ווו עס האָט געוווינט דער שאָפער פון קלאָוסן און זיין פאַמיליע.

די גרעסטע זאָרג האָט די מאַמע געהאַט מיט מיר. זי האָט נישט געוווּסט, וואָס מיט מיר צו טון. פאַר מיר איז קיין דערלויבעניש נישט געווען, ווייל קינדער האָבן שוין דאַן נישט געהאַט קיין רעכט צו לעבן. די קינדער האָט מען אויפן אָרט דערשאָסן אָדער געשיקט אין אייוון אַריין.

דעמאָלט האָב איך דורכגעמאַכט „יענעם" גיהנום.

אין אונזער שטוב האָב איך נישט געקענט פאַרבלייבן, ווייל מען האָט ווידער ענגער געמאַכט דאָס „פּערטל" און אונזער הויז האָט געזאָלט איבערבלייבן אויסערן „פּערטל" אויף דער אַרישער זייט.

שפּעטער האָט מען אונזער הויז איינגאַנצן אומגעוואָרפן.

געקומען דערצו איז עס אַזוי. ווי גאָר מען פלעגט צונעמען אַלע יידן פון אַ הויז, אָדער אַ הויז, וואָס האָט געהערט צו יידן, איז געוואָרן אויסגעשלאָסן פון דעם „פּערטל" — פלעגן אים די דייטשן באַלד פאַרקויפן צו אוקראַינער אָדער פּאָליאַקן.

איך ווייס נישט וויפיל מען פלעגט נעמען פאַר אַ הויז, אָבער איך מיין, אַז נישט פיל, ווייל אַלץ, וואָס איז נאָך יידן אויסגעבליבן, איז געווען זייער ביליק.

די, וואָס פלעגן קויפן אַזעלכע הייזער, פלעגן זיי באַלד צעוואַרפן אויף ציגל און געהילץ.

מיין ברודער האָט נאָך געהאַט באַהאַלטן אין אַלטן באַהעלטע-

ניש אונזער לעצטע וואליזקע און האט זי געוואלט אומבאדינגט ארויסקריגן, האט ער זיך איינמאל ארויסגעשמוגלט פון לאגער, זיך אראפגעלאזט אין באהעלטעניש, ארויסגעשלעפט די וואליזקע און איז אויך אליין פון דארטן ארויסגעקראכן.

ארויסגעקומען, האט ער שנעל געוואלט כאפן די וואליזקע און אנטלויפן מיט איר, ערשט פלוצלינג באווייזט זיך קלאוס מיט א יידישן פאליציאנט!

דערזען אזא מעשה, האט ער מאמענטאל א ווארף געטון די וואליזקע און האט זיך ארויפגעכאפט אויפן בוידעם.

דא האט קלאוס באמערקט די וואליזקע אין פיר־הויז און גענומען קערן וועלטן. די וואליזקע האט ער, פארשטייט זיך, באלד צוגענומען, אבער דאס איז אים געווען ווייניק — ער האט געזוכט דעם שולדיקן.

דערווייל האט קלאוס באמערקט עפעס אן אנדער יידיש יינגל, וואס איז צופעליק דורכגעגאנגען די גאס. האט ער זיך אויף אים א ווארף געטון, אים געכאפט פארן גארגל, גענומען אים שטיקן און שלאגן איבערן קאפ. דערנאך האט מען דעם אומגליקלעכן אויסגעטון נאקעט. א נאקעטן האט מען אים געטריבן אין לאגער אריין, און אים דערביי געשלאגן מכות רצח.

א סך בלוט האט דעמאלט געקאכט די וואליזקע.

און דאך איז דאס אלטע באהעלטעניש געווען אויסגעצייכנט. איידער מען האט צעשטערט דאס הויז, האט בין ספעציעל אהין אוועקגעפירט קלאוסן און האט אים פארגעלייגט א געשעפט. ער וועט זיך באהאלטן אין דעם באהעלטעניש און וועט קלאוסן געבן טויזנט דאלאר, אויב ער וועט אים דארטן געפינען.

קלאוס האט זיך מיט אים געוועט, שפעטער האט ער געזוכט און געקלאפט א גאנצע שעה און האט אים בשום אופן נישט געקענט געפינען. דאס האט געדויערט אזוי לאנג, אז ער איז געווארן אומגעדולדיק און גענומען דראען בינען. האט זיך בין דערשראקן און האט פון דעם באהעלטעניש ארויס געבעטן ביי קלאוסן א צוזאג, אז ער וועט אים גארנישט טון, וועט ער ארויסקריכן און אים ווייזן דעם ארייננגאנג.

געשלאפן בין איך יעדעס מאל אין אן אנדער ארט. אמאל אין

„פערטל", אמאל ביי דער מאמען, אמאל אין שטאל ביי באקאנטע פויערטעס.

אממערסטן בין איך געווען ביי דער מאמען. איך בין געשלאפן גאנצע טעג און נעכט. גאנצע אקציעס פלעג איך דורכשלאפן. איך האב נישט געהאט וואס צו טון, און בין געזעסן אינגאנצן איינזאם.

עסן פלעגט מיר ברענגען די מאמע, אמאל — פויערטעס, צייטנווייז פלעג איך עטלעכע טעג כסדר זיין אן עסן, אויב מען פלעגט מיר נישט קענען ברענגען.

ביינאכט פלעג איך אריבערגיין פון איין ארט אין צווייטן. איך האב נישט געקענט זיין א לענגערע צייט אויף איין ארט, ווייל מען וואלט מיך געפאקט. איבריקנס, מען פלעגט מיך נישט וועלן האלטן.

מיר איז גארנישט אזוי געגאנגען וועגן לעבן, נאר איך האב זיך נישט געוואלט לאזן כאפן. איך האב די דייטשן נישט פארגונען דעם פארגעניגן אויסצושפילן מיין לעבן.

ביי מיין מאמען האב איך שוין מער נישט געקענט שלאפן, ווייל איר בעל־הביתטע, אויך אן אוקראינערין, האט שוין גע־האלטן איין יידיש יינגל — איציק האט ער געהייסן. ער האט איר געפיטערט די קי און אלץ געטון, — האט זי מיך שוין נישט געוואלט האלטן.

אחוץ דעם האט זי געהאט א זון פאוועל, וואס איז געווען א מוראדיקער באנדיט און אן אנטיסעמיט. ער פלעגט הרגענען יידן און רויבן זייער גוטס. פאוועל האט זייער גוט געלעבט מיט קלאוסן. נאר כאטש ער האט געוווסט וועגן אונז ביידן — וועגן מיר און איציקן — האט ער אונז גארנישט געטון. איציקן האט ער אפילו שטארק ליב געהאט.

דערנאך איז פארגעקומען די לעצטע אקציע און מען האט אויס־געהרגעט אלע יידן.

קודם כל האט מען פארנומען די יידן פון די לאגערן — געווען זענען זיי א 300 בערך — און זיי געהייסן גראבן גריבער הינטער דער שטאט. געזאגט האט מען זיי, אז דאס ווערט געמאכט, כדי דורכצופירן קאנאליזאציע, אבער ווען מען האט זיי שפעטער גע־

הייסן אריינשיטן אין די גריבער נישט־געלאָשענע וואַפּנע, האָבן זיי שוין אַלע פאַרשטאַנען, אַז דאָ האַנדלט זיך נישט וועגן קאַנאַליזאַציע.

אָבער כ'איז שוין געווען צו שפּעט.

אַלע יידן זענען געווען געדיכט אַרומגערינגלט. פריער האָט מען אויסגעשאָסן די 300 יידן, וועלכע האָבן געגראָבן די גריבער, דערנאָך האָט מען געבראַכט אַנדערע.

עס פלעגן אָנקומען אַלץ נייע און נייע יידן, וועלכע האָבן פון גאַרנישט געוווסט. מען פלעגט זיי צעגויפּטרייבן אויפן צענטראַלן פּלאַץ פון שטאָט, אויסטון אדם־נאַקעט און פירן פינפטלעכווייז צו יענעם קבר.

אַלע מענטשן אין שטאָט האָבן דאָס צוגעזען.

פּויערים האָבן איינע די אַנדערע דערציילט, אַז די דייטשן האָבן דעמאָלט צווישן אַנדערע דערשאָסן איינעם אַ גרויסן רבי און אים אריינגעוואָרפן אין קבר אריין — האָט דערנאָך דריי טעג בסדר געשפּרודלט דאָס בלוט פון קבר.

פּאַוועל האָט איינמאָל דערציילט, אַז ער האָט אַליין געזען, ווי יידן האָבן געריסן דאָלאַרן און געשלונגען גאָלד. ער האָט פאַרזיכערט, אַז ער גופא האָט קיין יידישע זאַכן נישט אָנגערירט. אָבער דאָס איז געווען אַ ליגן, ווייל מיין מאַמע האָט גאַנץ גוט געזען וויפיל יידישע זאַכן ער האָט זיך צוגעפירט אַהיים. זי האָט מיר אויך דערציילט וויפיל יידישע לעבנס ער האָט אויפן געוויסן.

נישט ווייט פון מיין מאַמעס וווינונג אויף דער לאַנגער־גאַס האָט זיך געפונען די דייטשע זשאַנדאַרמעריע. האָבן דאָרט געאַרבעט יונגע יידישע מיידלעך; זיי האָבן געוואַשן וועש, געשייערט, געקאָכט. געוווינט האָבן זיי אויפן בוידעם.

איינמאָל ביינאַכט האָט זיך איינע פון זיי אויפגעוועקט און האָט דערהערט, אַז מען זאַמלט זיך אויפן הויף צו אַן אַפּעל. האָט זי פאַרשטאַנען, אַז דאָס גרייט מען זיך צו מאַכן מיט זיי אַ סוף.

האָט דאָס מיידל לאַנג נישט געטראַכט, אַריבערגעשפּרונגען דעם צוים, וואָס האָט אַרומגערינגלט דעם זשאַנדאַרמעריע־בנין און האָט אָפּגעטיילט זייער הויף פון אונזערן, אריינגעשפּרונגען אין אונזער הויף און האָט זיך באַהאַלטן אין אַ שטעלכל פול מיט

האַלץ. אחוץ דעם האַלץ זענען דאָרטן געווען פיל קאַסטנס.

פונקט בין איך יענע נאַכט געשלאָפן מיט איציקן אין שטאַל. פלוצלינג דערהערן מיר אַ שיסעריי. דאָס האָבן דייטשן באַמערקט איר אַנטלויפן און געשאָסן אויף איר.

זיי האָבן דורכגעזוכט יעדער ווינקל, די דייטשן, זיי זענען אויך אַריין אין שטעלכל, וווּ זי האָט זיך אויסבאַהאַלטן, — געזוכט אָבער נישט געפונען.

איציק און איך — ביידע האָבן מיר געהאַט שוין איינמאָל אַ שרעק יענע נאַכט! מיר האָבן זיך אַריינגענורעט טיף אין שטרוי און געלעגן אָן אַ אָטעם. די דייטשן זענען אריין אין שטאַל, גע־לויכטן מיט לעמפלעך, דורכגעשטאָכן דאָס שטרוי מיט באַגנעטן און געטראָטן עס מיט די שווערע שטיוול, אָבער זיי האָבן אונז נישט אַנטדעקט, ווייל שטרוי איז דאָרט געווען זייער פיל. האָבן זיי אָנגעשאָלטן, די מערדער, און אַוועקגעגאַנגען.

זיי האָבן זיך געאיילט אויס מורא, אַז די אַנדערע מיידלעך זאָלן זיי נישט אַנטלויפן. זיי האָבן אויך געוווסט, אַז סיי ווי סיי וועט די אַנטלאָפענע אומקומען.

איך האָב דאָס אַנטלאָפענע מיידל שפּעטער אַוועקגעפירט אין „פריילאַגער".

ס'איז געווען אַ „פריי־לאַגער" און אַ „צוואַנגס־לאַגער". ביידע לאַגערן זענען געווען גלייך געהיט דורך דער זשאַנדאַרמעריע — זיי האָבן נאָר געטראָגן אַנדערע נעמען.

זי האָט דאָרטן געהאַט אַ ברודער, איז זי אַוועק מיט אים אַר־בעטן. צוזאַמען מיט אים איז זי שפּעטער אויך אומגעקומען, ווייל מען האָט אויסגעהרגעט דעם גאַנצן לאַגער.

די יידישע פרויען פון דער זשאַנדאַרמעריע האָט מען יענע נאַכט אַלע אויסגעשאָסן אויפן הויף. איך האָב געזען ווי מען האָט שפּעטער געפירט אויף אַ וואָגן זייערע קערפּערס צום געמיינזאַמען קבר. דאָס זענען געווען סאַמע יונגע מיידלעך, 17 און 18 יעריקע.

די מאַמע האָט זיך איבערצייגט, אַז זי קען מיך מער נישט האַלטן אַרום זיך, דער זשאַנדאַרמעריע־בנין האָט זיך געפונען האַרט ביי אונזער צוים. טאָג־טעגלעך פלעגט מען דאָרט שיסן נייע יידן. האָט זי פאַרקויפט די לעצטע שמאַטעס, צונויפגעזאַמלט אַביסל

געלט און באצאָלט פאַר מיר איינער אַ פוהרמאַן אין דאָרף, אַז זי זאָל מיך אויסבאַהאַלטן. דאָס דאָרף איז געווען גאַנץ ווייט, אַ 6 קילאָמעטער בערך פון לאַגער.

אַלע האָבן דאָס דאָרף געקענט ווייל פון דאָרטן האָבן געשטאַמט די גרעסטע גנבים. די פויערטע האָט צוגעזאָגט, אַז פאַרן דאָזיקן געלט וועט זי אויסבאַהאַלטן אויך דער מאַמען — בלויז אונטערן דאָזיקן באַדינג ביז איך צו איר אַוועק. אין אַן אַנדער פאַל וואָלט איך ביי איר נישט פאַרבליבן.

אין משך פון זעקס וואָכן בין איך ביי איר געווען אויפן בוידעם. דער בוידעם איז געווען פולשטענדיק אָפן, אָן קעמערלעך און באַהעלטענישן. אפילו קיין שטרוי איז דאָרט נישט געווען. ווען עמיצער גייט אַהין אַריין, וואָלט ער מיך תיכף ומיד דערזען.

אין זעקס וואָכן אַרום האָב איך, איינמאָל אַ פרייטיק, דערהערט אַ ווייטן קנאַל פון אַ באָמבע און אַ כסדרדיקע שיסעריי. שפּעטער זענען מענטשן געקומען פון זבאַרוו און דערציילט, אַז אַלע אין לאַגער זענען אויסגעשאָכטן געוואָרן.

און געווען איז דאָס אַזוי:

די יידן אין „פריילאַגער" האָבן געשטעלט אַ ווידערשטאַנד. זיי האָבן געהאַט געקויפט אַ קוילנוואַרפער ביי איינעם אַ פויער און האָבן אים אַריינגעשמוגלט אין לאַגער. איך ווייס נישט וויפיל געוואָר זיי האָבן געהאַט אַחוץ דעם, אָבער געהאַט האָבן זיי זיכער אַ גרויסן סכום, ווייל זיי האָבן זיך געגרייט צו אַן אויפשטאַנד.

נישט ווייט פון לאַגער איז געשטאַנען אַן אַלטע, פאַרלאָזענע בעקעריי. די דאָזיקע בעקעריי האָבן זיי פאַרוואַנדלט אין אַן אַמוניציע־סקלאַד. דאָרטן האָט מען אַריינגעשטעלט און פאַרמאַסקירט דעם קוילנוואַרפער און אויך באַהאַלטן אַנדער געווער.

די לעצטע שחיטה איז דערוואַרט געוואָרן שבת. דער אויפשטאַנד האָט געזאָלט אויסברעכן פרייטיק־צו־נאַכטס. פרייטיק אָוונט, ווען די מענטשן וועלן צוריקקומען פון דער אַרבעט אין לאַגער אַריין, האָט מען געהאַט בדעה צו פאַרטיילן דאָס געווער., אומגעריכט אָנפאַלן אויף דער וואַך, אַנטוואָפנען זי, עפענען אַ שיסעריי און אַנטלויפן.

אין לאַגער זענען שוין דאַמאָלט געווען בלויז יונגע מענטשן.

דערווייל האָט קלאָוס דאָנערשטיק ביינאַכט געמאַכט אַ שפּאַציר איבערן לאַגער און איז אויך אַריין אין דער בעקעריי. פּונקט האָבן דעמאָלט עטלעכע יידן דאָרט געאַרבעט און זיך געגרייט צום אויפשטאַנד. געווען זענען דאָרט, דאַכט זיך, דאַן דריי מאַן.

ווען קלאָוס איז אומגעריכט אָנגעקומען מיט זיינע מענטשן, זענען די יידן שטיין געבליבן ווי קיינמאָל גאָרנישט. קלאָוס האָט זיך אָבער אָנגעהויבן אַרומצוקוקן און באַלד געפונען אַ קעסטל מיט אַמוניציע.

דעמאָלט איז אַ ייד צוגעלאָפן צום קוילנוואַרפער און גענומען שיסן אויף די דייטשן.

איך ווייס נישט, צי ער האָט עמיצן פון זיי דערשאָסן, צו פאַרוונדעט — אַ פאַקט איז, אַז קלאָוס האָט געשיקט נאָך הילף. מען האָט תיכף ומיד אַרומגערינגלט דאָס הויז און גענומען שיסן פון אַלע זייטן. דער ייד האָט זיי אָפּגעענטפערט מיטן קוילנוואַרפער, אָבער זיי האָבן אים באַשאָסן און געוואָרפן אַ באָמבע. דאָס גאַנצע הויז איז אַרומגענומען געוואָרן פון פלאַמען.

צוויי יידן האָבן זיך דורכגעריסן דורך די פלאַמען, האָבן זיך אַרויסבאַקומען אויפן דאַך און אַריינגעשפּרונגען אין טייך. די דייטשן האָבן זיי נאָכגעשאָסן, אָבער נישט געטראָפן.

איינער פון זיי, צאַלקע ווינטער, האָט זיך שפּעטער אַ געוויסע צייט אויסבאַהאַלטן מיט מיר צוזאַמען און האָט איבערגעלעבט די מלחמה. ער האָט עס מיר טאַקע אַלץ דערציילט. דער צווייטער (איך געדענק שוין נישט מער ווי ער האָט געהייסן) איז אומגעקומען אַ טאָג פאַרן אָנקומען פון די סאָוויעטן. די אוקראַאינער האָבן אים אַרויסגעגעבן.

ווען מען האָט אויפגעריסן די בעקעריי, וואָס האָט געדינט אַלס אַמוניציע־סקלאַד, זענען די יידן פאַרבליבן אינגאַנצן שוצלאָז.

די דייטשן האָבן זיך צוגעאיילט מיט דער אַקציע און פרייטיק פאַר פאַרטאָג האָבן זיי אַרומגערינגלט דעם לאַגער פון אַלע זייטן. זיי האָבן נאָך דערצו אַראָפּגעבראַכט באַוואָפנטע אוקראַאינער, וואָס האָבן ביי זיי געדינט.

ס'זענען אָנגעקומען אויטאָס און מען האָט די יידן פון דעם פרייל‌אַגער אַוועקגעפירט צו דער גרוב, וואָס הינטער דער שטאָט.

אין איין אויטאָ האָבן זיך די יידן געוואָרפן מיט ליידיקע הענט אויף די קאָנוואָאירנדיקע דייטשן, זיי דערשטיקט, ארויסגעוואָרפן זיי פון אויטאָ און זיך צעלאָפן. פיל פון זיי זענען געפאַלן פון די קוילן, אָבער א טייל איז געלונגען צו אנטלויפן.

נישט געקוקט דערויף, האָט אפילו קיין איינער פון זיי נישט דערלעבט דעם סוף פון קריג, ווייל זיי האָבן נישט געהאַט וווהין צו גיין און ווו צו באהאלטן זיך. די אוקראַינער האָבן זיי ארויסגע־געבן.

וואָס איז שייך דעם צוואַנגלאַגער, ווייס איך נאָר, אז די דייטשן האָבן די יידן פון דאָרטן ארייננעטריבן אין א ריזן־שאָפע, באַגאָסן זי מיט בענזין און אונטערגעצונדן. ווער ס'איז אנטלאָפן, יענעם האָט מען דערשאָסן.

די מאַמע האָט געוווינט נישט ווייט, ווייל דאָס איז פאָרגעקומען אויף דער לאַגער־גאַס. דערזען, וואָס עס טוט זיך, האָט זי גע־כאַפּט די שוועסטער און איז מיט איר אנטלאָפן אין וואַלד. אויף מאָרגן האָט מען טאַקע ארומגערינגלט דאָס הויז, אין וועלכע זי האָט געוווינט.

דער ברודער איז געווען אין פריילאַגער. האָט ער געפּרוווט ארי־בערשפּרינגען דעם צוים און איז געפאַלן פון א קויל.

דערנאָך האָב איך שוין דער מאַמען מער קיינמאָל נישט געזען. איך האָב מיט איר נישט געהאַט קיין שום פאַרבינדונג. איך ווייס נאָר דאָס, וואָס די פּויערים האָבן מיר וועגן איר דערציילט.

לויט זייערע ווערטער איז זי אַוועק מיט דער שוועסטער אין וואַלד אריין. דאָרט זענען זיי געזעסן א געוויסע צייט. דערנאָך איז געקומען דער ווינטער. די מאַמע האָט נישט געהאַט וואָס צו עסן, האָט זי געמוזט ארויסגיין פון וואַלד, כדי צו זוכן שפּייז. האָבן זי דאָן אוקראַינער געכאַפּט. וואָס דערנאָך איז געשען, ווייס איך נישט.

איך בין דערמאָלט געלעגן באהאלטן אויפן בוידעם ביי יענער פּויערטע, וועגן וועלכער איך האָב שוין דערציילט.

כל זמן עס זענען געווען יידן און די מאַמע האָט געלעבט, האָט זי מיך געהאַלטן ביי זיך.

איינמאָל איז זי אָבער צוריקגעקומען פון דעם שטעטל און גע־

בראַכט אַ ידיעה, אַז מען האָט שוין ליקווידירט אַלע ייִדן.

זי איז אַרויף צו מיר אויפן בוידעם, אָנגעזאָגט מיר די פּריילעכע בשורה און אויסגעלאַכט:

— ביי פון דאַנען... גיי זיך וווהין דו ווילסט...

— איר האָט דאָך גענומען געלט דערפאַר, אַז איר זאָלט מיך האַלטן ביזן סוף? — האָב איך זיך געבעטן.

אָבער זי האָט מיר דערויף גאָרנישט געענטפערט. שפּעטער הער איך ווי זי זאָגט איר מאַן, אַז ער זאָל מאָרגן גיין מעלדן דער פּאָליציי.

בין איך ביינאַכט אַנטלאָפן. איצט האָב איך נישט געוווּסט וואָס צו טון. נישט אַהין און נישט אַהער. נישטאָ וווהין אַהינצוטון זיך.

ווי נאָר איך האָב זיך באַוויזן אין שטאָט, איז צו מיר צוגעגאַנגען איינער אַ פּויער און געזאָגט:

— זשיד, גיב דאָלאַרן!

איך האָב אים גאָרנישט געענטפערט און געוואָלט מאַכן פּליטה. האָט זיך אָבער צונויפגעלאָפן אַ גאַנצע באַנדע שקצים, און אָנגעהויבן צו שרייען, אַז איך האָב געוואָלט געבן יענעם פּויער דאָלאַרן, און אַז איך האָב אַ סך געלט. זיי האָבן זיך גענומען יאָגן נאָך מיר און שרייען, אַז איך זאָל זיי אָפּגעבן די דאָלאַרן.

בין איך אַנטלאָפן. געלאָפן, געלאָפן, אַריינגעשפּרונגען אין טייך און אים אַריבערגעשווומען. די שקצים האָבן מיך נאָכגעיאָגט, אָבער דורך אַ בריקל, וואָס איז געווען היפּש ווייטער, איז מיר דערדיבער געלונגען צו אַנטלויפן און אַרויסצודרייען זיך פון זיי.

אין דאָרף האָב איך געהאַט עטלעכע באַקאַנטע פּויערים, האָבן זיי מיר געוויזן אַן אָרט אין קאָרן, וווּ איך קען זיך באַהאַלטן. פּונקט זענען דעמאָלט דורכגעגאַנגען דורכן דאָרף דייטשן, וועלכע האָבן געכאַפּט ייִדן. די פּויערים האָבן זיי אָבער גאָרנישט געזאָגט און די דייטשן זענען אַוועק.

דערווייל זענען געקומען צולויפן די שקצים פון דאָרף און האָבן מיך געפונען אין קאָרן. צווישן די שקצים האָב איך דערקענט איינעם אַ באַקאַנטן מיינעם. דאָס איז געווען גורעצקי, אונזער שכנס זון. איך בין מיט אים געווען באַפריינדעט. ווען איך פלעג נישט

וועלן עסן דאָס, וואָס מען פלעגט מיר אינדערהיים געבן, פלעג איך אַלעמאָל דאָס פאַר אים אַרויסטראָגן. האָב איך אים דערמאָנט די פריערדיקע צייטן.

איך האָב ביי אים געבעטן, נאָר איינס, אַז ער זאָל מיך לאָזן צורו.

ער איז געווען זייער אָנפירער. איז ער אַ ווילע געשטאַנען. אַ מאָל געטון מיט דער האַנט און איז אַוועק. זיינע חברים האָבן געטון דאָס זעלבע.

שפּעטער האָב איך זיך דערוווּסט, אַז זיי האָבן געהאַט אַ גוט אָרגאַניזירטע באַנדע, וועלכע האָט שוין באַרויבט פיל יידן און דערנאָך זיי איבערגעגעבן דער פּאָליציי. זיי פלעגן אויפדעקן די בעסטע באַהעלטענישן. זיי פלעגן קריכן, אַרומנישטערן און זוכן. ווי נאָר זיי פלעגן פּאַקן אַ ייד, פלעגן זיי אים באַרויבן ביז אַ פּאָדים און אַוועקפירן צו דער פּאָליציי. געווען זענען זיי זאַלבע־זיבעט, שקצים פון 7 ביז 13 יאָר. בראש פון זיי איז געשטאַנען גורעצקי.

איך בין ווידער אַריינגעקראָכן אין קאָרן. איך האָב מורא געהאַט זיך צו באַווייזן. לאַנג, לאַנג בין איך דאָרטן געזעסן, אָבער פאַר־בלייבן דאָרט אייביק האָב איך נישט געקענט. איך האָב געמוזט עסן און בין דעריבער געווען געצוווּנגען אַרויסצוגיין.

איך בין געקראָכן אויף אַלע פיר. האָט מיך באַמערקט אַ פּוי־לישע פּויערטע, אַ געוויסע קוואַשניעצקאַ, און זי האָט אויף מיר רחמנות באַקומען. זי האָט מיר אַרויסגעטראָגן עסן הינטערן הייזל און איך האָב איבערגעביסן.

נאָכן אָפּעסן בין איך אַרויס אויפן וועג. מען האָט געמוזט ערגעץ גיין, עפּעס אויסזוכן. ביי קוואַשניעצקאַן האָב איך זיך נישט גע־קענט פאַרהאַלטן.

בין איך געגאַנגען, נישט ווייסנדיק אַליין וווהין און נאָך וואָס. פּלוצלינג האָב איך דערזען אין פעלד אַ פּויער, וועלכער האָט געקאָסיעט היי. בין איך צו אים צוגעגאַנגען און געבעטן אַרבעט. האָט ער אויפגעהערט קאָסיען און האָט אויף מיר אַ קוק געטון.

באַלד האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ער קען מיך גוט. ער האָט אויך געקענט מיין טאַטער און ער וויל מיר העלפן.

ער האָט מיר אַרויסגעבראַכט אַביסל עסן און האָט אָנגעזאָגט די שקצים, אַז זיי זאָלן קיינעם קיין וואָרט נישט זאָגן. איך וועל צוזאַמען מיט זיי פּיטערן דאָס פי.

און אַזוי איז טאַקע געווען.

די שקצים זענען געווען זייער גוט צו מיר. זיי האָבן מיך נישט גערופן מיט קיין צונעמעניש און פלעגן מיר ברענגען עסן אין פעלד.

איין פרייטיק, אַ פּאַלקע, האָט מיר דערלויבט צו שלאָפן אין אַ פּוסטן „קאָפּיעץ" פון קאַרטאָפל.

גאַנצע טעג פלעג איך פּיטערן קי אָדער אַרבעטן אין פעלד. קיין הונגער האָב איך נישט געליטן. געפּייניקט האָט מיך נאָר די קעלט און דאָס, וואָס איך האָב קיין שיך נישט געהאַט. ס'איז שוין געווען שפּעט אין האַרבסט. איך בין אַרומגעגאַנגען באָרוועס אי־בער דער אָפּגעשניטענער תבואה און האָב דעריבער געהאַט צעקאַ־ליעטשעטע פיס. אָן שיך בין איך נאָך דעמאָלט נישט געווינט געווען אַרומצוגיין.

איך האָב זיך דאָן צונויפגעלעבט מיט די שקצים זייער גוט. מיר פלעגן זיך איינער די אַנדערע דערציילן וועגן אַלץ, וואָס איז פּאַר־געקומען אין די שטעטלעך. דעמאָלט טאַקע האָבן עס מיר די יינג־לעך דערציילט וועגן פיל זאַכן, וואָס איך האָב פריער נישט גע־וווּסט.

אַזוי זענען אַריבער צוויי חדשים.

אָבער לאַנג צורו האָט מען מיך נישט געלאָזט. וועגן מיר האָט זיך דערוווּסט אַ געוויסער אוקראַינער, אַ עסעסאָוויעץ, און האָט מיך אָנגעהויבן פאַרפאָלגן. ער איז אַרומגעקראָכן איבער די פעל־דער און האָט מיך אומעטום אַרומגעזוכט. ער האָט געוואָלט באַ־קומען אַ פּרעמיע און אַן אַוואַנס פאַר כאַפּן אַ ייִדל.

איך האָב זיך געמוזט באַהאַלטן פאַר אים ווו עס האָט זיך גע־לאָזט אפילו ביי טאָג. אַרבעטן האָב איך שוין נישט געקענט. די יינגלעך האָבן מיר אויך נישט געקענט העלפן, ווייל אויך זיי האָבן פאַר אים מורא געהאַט.

בלויז יענע פרוי, וועלכע האָט מיר דערלויבט צו שלאָפן ביי איר אין „קאָפּיעץ", האָט ריזיקירט און מיר ווייטער געהאָלפן. יעדעס

מאָל, ווען ער פלעגט דאַרפן אָנקומען, פלעגט זי מיך וואַרענען און באַהאַלטן ביי זיך.

ער פלעגט מיך אַרומזוכן און איך פלעג מיך כסדר פון אים אַרויסדרייען. ער האָט אויף מיר געמשטאָטעוועט ווי אַ קאַץ אויף אַ מויז.

איינמאָל בין איך געווען זייער מיד. בין איך אַריין צו איינער אַן אוקראַינערין, וועלכע האָט געוווינט אויפן ראַנד פון דאָרף, און געבעטן, אַז זי זאָל מיך באַהאַלטן. האָט זי מיר געענטפערט, אַז זי האַלט שוין איין יידיש קינד. דאָס קינד איז געווען מאַליע שטראַסבורג, וועלכע האָט געפּיטערט פּי. איך האָב זי דאַמאָלט געזען אין פעלד, זי האָט מיך אָבער נישט געקענט און ווען מיר גאָרנישט געוווסט.

איינמאָל איז די גאַנצע שטאָט אַרומגערינגלט געוואָרן דורך דייטשן, ווייל מען האָט זיי צוגעטראָגן, אַז דאָרטן באַהאַלטן זיך אויס פּאַרטיזאַנער.

איך האָב וועגן גאָרנישט געוווסט און געזעסן אין פעלד. און דאָס איז מאַקע געווען שלעכט, ווייל די דייטשן פלעגן כאַפּן קודם כל אַזעלכע, וואָס פלעגן זיך אַרומדרייען אין די פעלדער, אויף זיי פלעגט פאַלן זייער חשד. ווער עס האָט זיך נישט געקענט אויסלעגיטימירן, יענעם פלעגן זיי צונעמען.

איינער אַ דייטש האָט מיך באַמערקט. איז ער צו מיר צוגעגאַנגען און האָט מיך אָנגעהויבן אויסצופרעגן, צי האָב איך נישט געזען דייטשן אין דער שטאָט. ער איז געווען אָנגעטון אין אַ דייטשן מונדיר, גערעדט רוסיש און האָט זיך אָנגעגעבן אַלס פּאַרטיזאַנער, וואָס מיידט אויס דייטשן.

איך האָב באַלד פאַרשטאַנען, אַז ער זאָגט ליגן, ווייל ער האָט געהאַט אַ דייטשיש פּנים. האָב איך אים געענטפערט, אַז איך ווייס נישט ווייל איך בין אין דער שטאָט נישט געווען. איך האָב אויך פאַרשטאַנען, אַז אויך ער האָט מיך דערקענט, ווייל איך בין געווען זייער אָפּגעריסן און דאַר. ער האָט אָבער קיין וואָרט וועגן דעם נישט געזאָגט.

ער האָט מיך אויסגעפרעגט ווו איך וווין און פונוואַנען איך בין. האָב איך אים דערציילט אַ מעשה שהיה, אַז איך בין פון באַריס-

לאָוו, אַז דאָרטן איז אונזער הויז צוקלאַפּט געוואָרן און מיינע על־טערן זענען אומגעקומען. פון דעמאָלט אָן אַרבעט איך אין דעם האָזיקן דאָרף, אַמאָל ביי איין פּויער, אַמאָל ביי אַ צווייטן. האָט ער מיר געהייסן גיין מיט אים אין שטאָט אַריין. ער האָט מיך אַוועקגעפירט אויפן מאַרק, וווּ עס זענען געשטאַנען פיל דייטשע אויטאָס און אַרום זיי דייטשן.

זיי האָבן אַ קוק געטון אויף מיר און אָנגעהויבן זיך צו באַ־ראַטן וואָס מיט מיר צו טון. איך האָב רויק געמוזט וואַרטן אויף אַן אורטייל. וועגן אַנטלויפן האָט קיין רייד נישט געקענט זיין. די גאַנצע שטאָט איז געווען פול מיט דייטשן. צוויי דייטשן זענען לעבן מיר געשטאַנען און געהיטן.

זיי האָבן אָנגעהויבן פאַרהאַלטן דורכגייער און פרעגן זיי, צי זיי קענען מיך. צוויי דורכגייער האָבן דערקלערט, אַז זיי קענען מיך, איך בין אַ היגער. דערנאָך זענען דורכגעגאַנגען נאָך צוויי מענטשן, — איינער אַ ייִנגל און איינער אַ פּויער — האָבן זיי געזאָגט, אַז איך בין אַ ייִד.

די דייטשן האָבן נישט געוווּסט וועמען צו גלויבן. האָבן זיי צוגערופן איינעם אַן עלטערן אין אַן מונדיר (מסתמא אַן אָפיציר) און האָבן אים אַלץ דערציילט. האָט דער אָפיציר מיר געהייסן ווי־דער פון אָנהויב דערציילן די גאַנצע געשיכטע מיינע. דערנאָך האָט יעדער פון זיי מיר געשטעלט אַנדערע פראַגן, גאַנץ פאַרשידנאַר־טיקע, — וואַרשיינלעך האָבן זיי זיך געוואָלט איבערצייגן צי איך וועל קיין טעות נישט האָבן אין מיינע דערקלערונגען.

איך האָב כסדר איבערגעחזרט מיין מעשה מיט באָריסלאַוו, נישקשה אָנרופנדיק דערביי קיין שום נעמען, כדי קיינעם נישט צו פאַרשיטן. איך האָב געמאַכט דעם אָנשטעל, אַז איך בין אַן אַנאַל־פאַבעט און אַ נאַר.

דערנאָך האָט מיר יענער אָפיציר געהייסן אַרויסרעדן דאָס וואָרט „קוקורידזאַ“. האָב איך אויסגערעדט, צום אומגליק קען איך נישט אויסרעדן דעם קלאַנג „ר“ האַרט, ווי עס רעדן אים אויס פּאָליאַקן. איך רעד אים אויס מיטן גאַרגל. האָבן זיי זיך ווידער אָנגעהויבן באַראַטן.

צום סוף, האָבן זיי מיר געהייסן זיך אָפּקערן, גיין פֿאָרויס און נישט אומקוקן זיך אויף הינטן.

בין איך געגאַנגען און אויף קיינעם נישט געקוקט.

אַרום זענען געשטאַנען פֿול מענטשן, — פּאָליאַקן, אוקראַינער, דייטשן. מען האָט גערעדט וואָס דאָ וועט זיין. אַלע האָבן אויף מיר געקוקט און די אויגן האָבן זיי געגלאָצט.

מיר איז שוין געווען אַלץ איינס. איך האָב פֿאַר קיינעם נישט מורא געהאַט. איך בין געווען זיכער, אַז אין אַ ווײַלע אַרום וועט פֿאַלן אַ שאָס. בין איך געגאַנגען לאַנגזאַם.

וואַרשײַנלעך האָבן זיי געמיינט, אַז איך וועל מורא האָבן, אַז איך וועל אַנטלויפֿן, אָדער איך וועל זיך בײַ זיי בעטן, אַז זיי זאָלן מיר שענקען דאָס לעבן. אָבער איך האָב זיך אויף זיי נישט אומגעקוקט.

און זיי האָבן מיך נישט דערשאָסן.

ווען איך בין צוריקגעקומען אין דאָרף און זיך באַוויזן פֿאַר די שקצים, האָבן זיי נישט געוואָלט גלייבן אַז מיט מיר האָט געקענט אַזאַ זאַך פּאַסירן. לכתחילה האָבן זיי געמיינט, אַז איך האָב זיי איבערגעקויפֿט. זיי האָבן זיך אָבער באַלד געכאַפּט, אַז דאָס איז נישט מעגלעך, ווײַל איך האָב דאָך גאָרנישט געהאַט, זיי האָבן דאָך געזען מײַנע צעקאַליעטשעטע פֿיס און די אָפּגעריסענע שמאַטעס אויפֿן קערפּער. האָבן זיי געזאָגט, אַז איך האָב די דייטשן פֿאַרכּישופֿט.

דאָס ערשטע מאָל איז זיי אויסגעקומען צו הערן, אַז דייטשן זאָלן האָבן אין די הענט אַ ייִד און אים אָפּלאָזן.

ס'איז געוואָרן וואָס אַמאָל קעלטער און שווערער. דער ווינטער האָט זיך דערנענטערט. דעם „קאָפּיעץ" האָט מען אָנגעפּילט מיט קאַרטאָפֿל און שלאָפֿן האָב איך שוין דאָרט נישט געקענט. אין פֿעלד האָבן זיך שוין צעהוליעט די ווינטן און די ערד פֿלעגט בײַנאַכט פֿאַרפֿרוירן ווערן. שלאָפֿן אויף דער גאַס איז שוין אומ־מעגלעך געוואָרן.

דעמאָלט האָט מיר מײַן בעל־הביתטע דערלויבט צו שלאָפֿן אין אַ הונט־בײַדל.

ווארים איז דארט געווען, אבער זייער ענג. ווען ס׳איז שפעטער געווארן זייער קאלט, האט מיר מיין באשיצערין ארויסגעבראכט א קאץ.

געווען איז זי א פאלקע און געהייסן האט זי שומסקא. דאס איז געווען אן עלטערע פרוי, א הויכע און א דארע, מיט א לאנג בוי־נערדיק פנים, ענלעך צו א מאן. צו איר הויזגעזינד איז זי געווען זייער שארף, אלע האבן פאר איר מורא געהאט. זי האט געהאט א זון א סטאליאר און א טאכטער א שניידערין, וואס האט ביי איר געוווינט צוזאמען מיטן מאן.

די שומסקא האט געהאט זייער ווייניק ערד. זינט דער פאריקער מלחמה, איז זי געווען אן אלמנה די גאנצע בעל־הבתישקייט האט זי געפירט אליין. מיט דער אייגענער פראצע האט זי אויסגעבויט א געמויערט הויז, געבילדעט די קינדער און געגעבן זיי א פאך אין דער האנט. אליין האט זי נישט געקענט נישט לייענען, נישט שרייבן.

שפעטער האב איך זי אויסגעלערנט אונטערשרייבן זיך. איך פלעג איר אויך לייענען א צייטונג.

איך רוף אן די שומסקא „מיין באשיצערין", ווייל כאטש זי האט מיר דערלויבט צו שלאפן אין קארטאפל־קאפ־עץ און דער־נאך אין א הונט־ביידל, איז דאס צו יענער צייט געווען מער ווי פאלאצן.

אויף אזא אופן האט זי מיך געראטעוועט פון טויט דורך הונ־גער און קעלט, ווי אויך פון די געסטאפא־לאפעס. איך האב אזא זאך פון קיינעם נישט דערוואַרט.

זי האט געוווסט גאנץ גוט אויף וואס זי גייט. פונדעסטוועגן האט זי נישט אויפגעהערט איינצושטעלן איר לעבן און מיך אויס־צובאהאלטן.

זי האט מיך אויסגעבאהאלטן נישט בלויז פון די דייטשן און די אוקראינער, פון די פוילישע שכנים און די שקצים. זי האט מיך אויך אויסבאהאלטן פון די אייגענע קינדער; זיי האבן חדשים־לאנג פון מיר גארנישט געוווסט.

פארטאג, ווען אויף דער גאס איז נאך געווען פינצטער, און אלע זענען נאך געשלאפן, האב איך שוין געמוזט ארויסקריכן פון

ביידל און אַרויסגיין פון הויף. שפּעט ביינאַכט, ווען אַלע זענען שוין געשלאָפן, פלעג איך זיך אַריינגנבענען אין מיין ביידל.

צייטנווייז פלעג איך אינדערפינצטער דאָרט אָנטאַפּן אַ טעלער וואַרעם געקעכץ, כלומרשט „פאַרן הונט".

דערנאָך פלעג איך זיך איינדרייען אין אַ קנייל, גוט אַרומוויקלען זיך אין דעם קאָץ און פילן זיך אין משך פון קורצע עטלעכע שעה שלאָף און פאַרגעסנהייט איבערגליקלעך.

אויף אַזאַ אופן האָב איך דורכגעלעבט צוויי וואָכן. שפּעטער איז אַביסל רויקער געוואָרן און איך האָב ווידער געפּיטערט פּי.

איינמאָל האָב איך מיט די שקצים געפּיטערט פּי אין פעלד. מיר זענען געזעסן אויף דער ערד און געשפּילט אין קאָרטן.

פּלוצלינג האָבן מיר באַמערקט פון דער ווייטן צוויי פרעמדע פּויערים. זיי האָבן זיך צו אונז דערנענטערט.

זיי זענען צוגעקומען צו אונז און אָנגעהויבן אונז אויספרעגן, אפשר האָבן מיר דאָ ערגעץ געזען אַ קליינעם „זשידעק" אַזאַ, וועלכער באַהאַלט זיך אויס אין דאָרף. ווען מען זאָל אים געפינען, — האָבן זיי געזאָגט — קען מען דערביי נישט שלעכט פאַרדינען. פאַר אַ יידישן קאָפּ גיבן איצט די דייטשן פון 300 ביז 500 זלאָטים.

איינער פון די שקצים, וואָס האָבן מיט מיר געשפּילט אין קאָרטן, האָט זיך דערשראָקן און אויסגעגלאַנצט אויף מיר אַ פּאָר גרויסע אויגן. פאַרשטייט זיך אַז ער איז באַגאַנגען אַ גרויסע נאַרישקייט, ווייל די פּויערים האָבן זיך באַלד געכאַפּט וועגן וואָס דאָ האַנדלט זיך און גענומען זיך צוקוקן צו מיר. איך בין געווען אַזוי אָפּגעריסן און אויסגעדאַרט, אַז זיי האָבן שוין נישט געהאַט דעם מינדעסטן ספק, אַז איך בין דאָס טאַקע דער „זשידעק", וועלכער באַהאַלט זיך אויס.

האָבן זיי מיך געכאַפּט, אָנגעהויבן שלאָגן און אַוועקגעשלעפּט אין שטעטל צו דער פּאָליציי. איך בין געווען פאַרצווייפלט. זיי האָבן זיך מיט מיר באַגאַנגען ברוטאַל און ס'איז נישט געווען די מינדסטע האָפנונג, אַז מען וועט מיך אָפּלאָזן.

אויפן וועג איז אָבער געשען אַ נס. אַ פּאָלקע האָט מיך געהאַט

אַרויסגעראַטעוועט פון זייערע לאַפּעס, אָבער נישט אויף לאַנג.

געוועזן איז דאָס שוין אין שטעטל. די פויערים זענען צוזאַמען מיט מיר פאַרבייגעגאַנגען אַ הייזל. פונקט איז אַרויסגעקומען אַ פרוי אויסשיטן קערנער פאַר די הינער, האָט זי באַמערקט ווי מען פירט מיך (מסתמא האָט מען שוין נישט איין ייִד אַזוי געפירט פאַרביי איר הייזל).

זי האָט, לאָזט זיך אויס, מיך געקענט פון זעען, האָט זי אויף מיר רחמנות געקריגן, זיי פאַרהאַלטן און גענומען רעדן צו זייער געוויסן.

— וואָס שלעפּט איר אַ קינד? — האָט זי צו זיי געזאָגט — צי דען האָט איר גאָרנישט גאָט אין האַרצן? און ווען מען פירט אַזוי אַ ייִעדעם אַ קינד צו פאַרניכטונג? לאָזט אָפּ דאָס קינד און זאָל עס לעבן!

זי האָט זיי צוגעזאָגט דערפאַר בראָנפן און אין זיי אַזוי לאַנג איינגערעדט, אַזוי צו זיי צוגעשטאַנען, אַז זיי האָבן זיך שוין געשעמט מיך צו שלעפּן ווייטער און מיך אָפּגעלאָזט.

בין איך אַוועק אויף יענער זייט טייך און דאָרטן זיך געוואָלט באַהאַלטן, אָבער דאָס איז געווען בלויז אַן אָנשטעל. זיי זענען די גאַנצע צייט נאָכגעגאַנגען און מיך פון אויג נישט אָפּגעלאָזט. שפּעטער ווען קיינער האָט נישט געזען, האָבן זיי מיך ווידער געכאַפּט און מיך אַוועקגעפירט מיט אַן אַנדערן וועג, כדי אויסצומיידן דאָס הייזל פון דער גוטער פּאָלקע. לסוף האָבן זיי מיך אַריינגעשלעפּט צו דער פּאָליציי.

אין דער פּאָליציי איז דאַן געווען בלויז איין מענטש. אַלע איבעריקע זענען יענעם טאָג אַוועק אויף אַן אָבלאַווע אויף די ייִדן.

הינטער דער שטאָט, לאָזט זיך אויס, האָט מען אַנטדעקט אַ זייער גוט־פאַרמאַסקירטן ייִדישן בונקער. ער האָט זיך געפונען אין פעלד, אונטער אַ ריזיקן, איבערגעפירטן דייטשן טאַנק. עמיצער האָט וועגן דעם צוגעטראָגן די דייטשן און די גאַנצע פּאָליציי איז געווען פאַרנומען מיט וואַרפן אַהין גראַנאַטן.

דער איינציקער פּאָליציאַנט, וועלכער איז פאַרבליבן אין קאָמיסאַריאַט, האָט צו מיר נישט געהאַט קיין קאָפּ, מען האָט מורא

געהאַט, אַז די ייִדן אין בונקער וועלן זיך פאַרטיידיקן. האָט ער מיך ביז וואָס וועט פאַרשלאָסן אין אַ קאַמער.

איך האָב אויסגענוצט אַ מאָמענט, ווען ער איז אויף אַ ווײַלע אַרויס פון שטוב, בלײַ־שנעל אויפגעריסן די טיר, איבערגע־שפּרונגען איבערן צוים פון קאָמיסאַריאַט און געמאַכט פּליטה.

ווען איך טראַכט איצט וועגן דעם, קען איך בשום אופן נישט פאַרשטיין, פונוואַנען האָט זיך צו מיר דאַן גענומען אַזויפיל כוח אויף אַרויסצורײַסן די טיר. זי איז וואָס אַן אמת געווען אַ הילצערנע, די טיר, אָבער דאָך אַ גענוג פעסטע. וואַרשײַנלעך אַז עס שוין אַזוי — ווען מיר ווילן עפּעס זייער שטאַרק, געפינען זיך כוחות.

דאָס איז געשען אויף דער לאַנגער־גאַס. איך האָב זיך באַהאַלטן אין שטרוי אויפן הויף פון מײַן מאַמעס אַמאָליקער בעל־הביתטע. אַ גאַנצן טאָג בין איך אינעם שטרוי געלעגן. איך האָב אָבער געוווּסט, אַז פון מײַן ליגן וועט גאָרנישט אַרויסקומען. האָב איך זיך בײַנאַכט אָנגענומען מיט מוט, צוגעגאַנגען צו דער בעל־הביתטע און געבעטן זי, אַז זי זאָל מיך באַהאַלטן.

זי האָט תיכּף אַ רוף געטון פאַוועלן. ער האָט שוין געוווּסט, אַז איך בין אַנטלאָפן און די פּאָליציי זוכט מיך.

בײַ זיי איז געבליבן, אַז מיט מיר דאַרף זיך פאַרנעמען זייער שכנטע, די אוקראַינערין (קלאַוסעס געליבטע), ווײַל זי האָט באַקומען כמעט אונזער גאַנצן פאַרמעגן.

קלאַוס, וואָס אַן אמת, איז שוין דעמאָלט דאָרט נישט געווען און זי האָט שוין קיין שום ראָלע נישט געשפּילט, אָבער ווען זי וויל, וואָלט זי מיך געקענט לײַכט אויסבאַהאַלטן, ווײַל ס'איז געווען ווו.

איך האָב זי געבעטן, אַז זי זאָל מיך אויסבאַהאַלטן כאָטש אַ פינף־זעקס וואָכן.

זי האָט אָבער נישט געוואָלט האַלטן מיך אפילו איין נאַכט. אויב איך וועל זיך נישט אָפּטראָגן מיט גוטן — האָט זי גע־דראָט — וועט זי רופן פּאָליציי. האָב איך געמוזט נעמען די פיס אויף די פּלייצעס און ווידער דורכשמוגלען זיך אויף יענער זײַט טייך.

אויפן פעלד איז שוין געלעגן אַ שניי. אַלץ איז געווען ווייס, באַקעט, אָפן. די קשאַקעס זענען געווען שיטער און דורכזיכטיק. דער פראָסט האָט זיך געלאָזט פילן, די פיס און די הענט האָבן געפרוירן.

ווען איך בין אַרויס, איז שוין געווען טאָג. איך בין געגאַנגען אַן אַ ציל.

צום גליק האָט מיך דערזען יענע פּאָלקע, וועלכע האָט מיך שוין איינמאָל אָפּגעראַטעוועט פון טויט. האָט זי מיר אַן עצה געגעבן, אַז איך זאָל גיין צו דער שומסקא, ווייל זי האָט איר געזאָגט, אַז אויב מיר וועט געלונגען אויך דאָס מאָל אַרויסצוראַטעווען זיך מיטן לעבן, וועט זי מיך אויסבאַהאַלטן ביזן סוף.

בין איך צו איר גאַנץ פרי אַוועק און באַלד האָבן זיך מיר געעפנט די אויגן. זי האָט זיך זייער דערפרייט מיט מיין קומען. איך האָב פאַרשטאַנען, אַז זי וויל איך זאָל ביי איר פאַרבלייבן — זי וועט שוין מיר העלפן.

בכלל איז מיר שוין דעמאָלט געווען בעסער: אַ חוץ די צוויי פּאָלקעס האָט קיינער נישט געוווּסט, אַז איך לעב. אַלע האָבן געמיינט, אַז איך בין אומגעקומען, ווייל צו יענער צייט האָט מען דערשאָסן אַן אַנדער ייִדיש ייִנגל אין פּאָליציי־קאָמיסאַריאַט, האָט מען געמיינט, אַז דאָס בין איך געווען. אַפילו די צוויי פּויערים, וועלכע האָבן זיך געמאַכט פאַר אַ פּאַך דאָס כאַפּן ייִדן האָבן געמיינט, אַז איך בין אומגעקומען און דעריבער אויפגעהערט מיך צו זוכן.

די שומסקא האָט מיך באַהאַלטן אויפן בוידעם אין שטרוי. מאַנטעגלעך פלעגט זי מיר אַרייַנברענגען עסן. זי האָט מיר דאָס עסן געמוזט טראָגן אַזוי, אַז די טאָכטער אירע און דער זון, וועלכע האָבן מיט איר געוווינט, זאָלן דאָס, חלילה, נישט באַמערקן.

איז זי טאַקע יעדעס מאָל געגאַנגען אויפן בוידעם מיט עפּעס אַנדערש. אַמאָל האָט זי אַרויפגעטראָגן פעדערן, אַמאָל עפּעס אַ בלי, אַמאָל שטרוי. דערביי האָט זי געמוזט אַזוי מאַנעווורירן, אַז קיינער זאָל אַחוץ איר נישט אַרויפגיין אויפן בוידעם. זי האָט געלעבט אין כסדרדיקער מורא.

אויף אַזאַ אופן האָט זי מיך געהאַלטן צוויי חדשים. זי האָט זיך

אָפּגענומען דעם בּיסן פון מויל און ריזיקירט מיטן לעבן, אַבי מיר זאָל גאָרנישט נישט פעלן.



די פויערטע שומסקאַ, וואָס האָט אָפּגעראַטעוועט מאַקס שוואַבן פון די נאַצי־תּלינים.

נאָך צוויי חדשים האָב איך געמוזט אַראָפּגיין און זוכן זיך עפּעס אַן אַנדער באַהעלטעניש, ווייל אין די הייזער האָבן געזאָלט פאָרקומען רעוויזיעס (מען האָט דעמאָלט אַנטדעקט אין שטעטל אַ

אנדערן בונקער, אין וועלכן ייִדן האָבן זיך אַ לענגערע צייט אויס־באַהאַלטן.

ווען די פּאָליציי האָט לסוף דעם בונקער „איינגענומען“ און איינער איז אַראָפּ אונטן, האָט ער דאָרטן געפונען בלויז איין ייִדישן קערפּער. אַלע איבעריקע ייִדן זענען עפּעס אויף אַ מאָדנעם אופן אַנטלאָפן דורך פאַרשידענע געהיימע גאַנגען. צוליב דעם טאַ־קע האָבן די דייטשן געמאָלדן, אַז זיי וועלן דורכפירן אַ גענויע רעוויזיע אין אַלע הייזער.

אינדעראמתן האָבן זיי דאָס נישט אויסגעפירט. עס זענען שוין אַרומגעגאַנגען קלאַנגען, אַז די רויטע אַרמיי דערנענטערט זיך, און די דייטשע „העלדן“ האָבן שוין פאַרלוירן דעם קאָפּ.

איך האָב אָבער קיין רו נישט געהאַט.

מיין בעל־הביתטע, די שומסקאַ, איז געווען געצוווּנגען צו דער־ווייטערן מיך אויף אַ וואָך צייט. זי האָט מיר געראַטן צו גיין אויף דער לאַגער־גאַס. דאָרטן — האָט זי געהאַלטן — איז איבער־געבליבן דאָס גאַנצע פאַרמעגן נאָך דער מאַמען, וועל איך זיך דאָרטן זיכער קענען אויסבאַהאַלטן. איך האָב אָבער געוווּסט, אַז איך האָב אַהין נישט וואָס צו גיין — זיי וועלן מיך אַרויסגעבן. זיי האָבן צופיל געלט אונזערס געהאַט.

בין איך אַוועק אין אַ דאָרף און זיך אויסבאַהאַלטן אין אַ פּוסטן שטאַל. איך בין דאָרטן אָפּגעלעגן צוויי טעג, אינגאַנצן דורכגעפרוירן און אָן עסן. דערנאָך בין איך אָבער געווען גע־צוווּנגען אַרויסצוגיין. כ'האָב זיך אָנגעהויבן אַרומצודרייען און בעטן עסן.

איך האָב געוווּסט, אַז איך טו שלעכט דערמיט, וואָס איך ווייז זיך אין דאָרף אין דער צייט, ווען אַלע ווייסן, אַז מען האָט מיך שוין אומגעבראַכט — און געווען זענען דאָס די געפערלעכסטע און ערגסטע טעג — איך האָב אָבער קיין אַנדערן אויסוועג נישט געהאַט. ווען איך בלייב אין שטאַל, וואָלט איך געשטאָרבן פון הונגער און קעלט.

נאָך אַ וואָך מאָרדעווען זיך, האָב איך זיך אומגעקערט צו מיין בעל הביתטע אויפן בוידעם.

דערווייל האָט זיך דערנענטערט דאָס סאָוויעטישע מיליטער. ס'איז שוין געווען מערץ 1944.

ווען עס זענען שוין נישט געווען קיין יידן, האָבן די דייטשן אָנגעהויבן צו מאָרדן די פּאָליאַקן.

די פּאָליאַקן זענען מאַסנווייז אַנטלאָפן אויף מערב.

נאָר די שומסקאַ האָט זיך נישט געוואָלט רירן פון אָרט. זי האָט באַשלאָסן נישט צו פאַרלאָזן איר ערד און אָפּהיטן אַלץ ווי געווען. זי איז פאַרבליבן מיט מיר אַליין און איז דערפון געווען צופרידן. זי האָט מיר איצט רויק געקענט אַרויסברענגען עסן און פריי אַרומגיין אַרום מיר.

זי האָט מיך ליב באַקומען מער ווי די אייגענע קינדער. אויך איך האָב זי זייער ליב באַקומען. יעדע פרייע מינוט האָט זי מיט מיר פאַרבראַכט און האָט מיר דערציילט וועגן אַלע אירע זאָרגן. איך האָב איר ווידער געלייענט צייטונגען און אויפגעקלערט פאַרשידענע זאַכן.

מיר איז דעמאָלט גוט געווען.

די רויטע אַרמיי איז צוגעקומען צו אַ פּונקט, וואָס איז געלעגן צען קילאָמעטער פון אונז, און איז דאָרט אָפּגעשטאַנען דריי חדשים.

די דייטשן האָבן זיך צוריקגעצויגן. אומעטום איז געווען פול מיט אַנטלויפנדיקן דייטשן מיליטער. זיי זענען געגאַנגען איבער די הייזער, געהרגעט די פי, צוגענומען די עופות, די אייער, די פּוטער. זיי האָבן אויך צוגענומען די פערד ביי די פּויערים, געכאַפּט מענער. די מענער האָבן זיי געטריבן אויף אַרבעט קיין דייטשלאַנד, אָדער אויפן פראָנט, געגנוי האָט קיינער נישט געוווּסט ווהין.

אין שומסקאַס הויז זענען געווען שיינע צימערן, האָבן די דייטשן דאָרט איינגעאָרדנט די שטאַב־קיכן. אין צוויי צימערן האָבן געוווינט די אָפיצירן.

דאָס איז געווען זייער גוט פאַר אונז, ווייל אין די הונגער־טעג האָבן מיר געהאַט צו עסן.

קיין אַנדערע דייטשן האָבן נישט געקענט קומען צו אונז אויף רעוויזיעס, ווייל דער אָפיציר, וואָס האָט געוווינט ביי דער שומ־

סקא האָט געהייסן אַלעמען אַרויסוואַרפן, און דער קוכער האָט נישט דערלויבט קיין שום זוכענישן.

בין איך מיר געזעסן אויפן בוידעם, און די שומסקאַ פלעגט מיר ברענגען עסן פון די דייטשן.

נאָך צוויי חדשים האָבן די רוסן אָנגעהויבן אַן אָנגריף און האָבן באָמבאַרדירט זבאַרוו טאָג און נאַכט. די דייטשן האָבן גענומען אַנטלויפן אין דער גרעסטער בהלה. די קיך איז ליקווידירט גע־וואָר. אין גאַנץ זבאַרוו זענען פאַרבליבן בלויז צוואַנציק דייטשן צו פאַרטיידיקן זיך.

האָבן זיי איינגעאָרדנט אַרום אונז אַ באַהעלטעניש און זיך דאָרט געזעסן.

איך האָב מער נישט געקענט איבערבלייבן אויפן בוידעם, ווייל דאָרט האָט שרעקלעך געקנאַלט. בין איך אַראָפּ און האָב זיך ווידער אויסבאַהאַלטן אין דעם הונט־ביידל.

איינמאָל איז אַ דייטש אַרויס פון זיין באַהעלטעניש און אַ קוק געטון אין ביידל. האָט ער מיך דערזען אַ צונויפגעדרייטן און האָט זיך זייער פאַרוואונדערט. ער האָט מיך אָנגעהויבן אויסצופרעגן, וואָס איך טו דאָרט. האָב איך אים אָנדערציילט מעשיות, נישט געשמועסט, נישט געפלויגן, — אַז איך בין אַ יתום און אַז איך בין אַנטלאָפן פון די באָמבעס. האָט ער מיר געגלויבט און מיר גע־בראַכט ברויט.

דערווייל האָבן די דייטשן עוואַקואירט כמעט די גאַנצע באַ־פעלקערונג פון זבאַרוו. דאָס שטעטל איז געוואָרן פוסט. ערשט איצט, האָב איך סוף כל סוף אויך געקענט אַרויסקריכן פון דעם הינטיש ביידל. די שומסקאַ האָט מיך גענומען צו זיך, אין שויך־קעלער. מיר זענען דאָרט אָפּגעזעסן דריי טעג. אויפן פערטן טאָג זענען אָנגעקומען סאָוויעטישע מיליטער־אָפּטיילונגען.

געווען איז דאָס דעם 17־טן יוני 1944.

פון דעם דאָזיקן טאָג אָן האָב איך שוין רויק געקענט אַרבעטן פאַר דער שומסקאַ און אָפּדאַנקען איר. כאָטש די יידן האָבן מיך גע־וואָלט מיטנעמען אויף מערב, האָב איך זיך דערפון אָפּגעזאָגט און פאַרבליבן בעסער מיט איר.



שומסקאַס הויז און
איר הונטס ביידל, אין
וועלכן מאַקס שוואַב
האָט „געוווינט" אין
די לעצטע חדשים פון
דער דייטשער אָקופּאַ-
ציע.

איך בין ביי איר אָפּגעווען אַ גאַנצן זומער, אַ גאַנצן האַרבסט און אַ טייל ווינטער. איך האָב איר געהאָלפֿן אין פֿעלד־אַרבעט און געבראַכט אין אָרדנונג די גאַנצע ווירטשאַפֿט.

אַלץ האָב איך געטון פֿאַר איר. ווען זי איז אַ לענגערע צייט קראַנק געווען, בין איך אַרום איר אַרומגעגאַנגען און איר אַלץ דערלאַנגט.

איך האָב איר אויך געוואָלט העלפֿן מיט געלט. בין איך איינמאָל אַוועק צו דער אוקראַיִנקע, וואָס איז געווען קלאַוס'עס געליבטע, און האָב ביי איר געפֿאָדערט, זי זאָל מיר צוריקגעבן אַ טייל פֿונעם פֿאַרמעגן, וואָס מיין מאַמע האָט ביי איר איבערגעלאָזט. האָט זי מיר געענטפֿערט, אַז ביי איר איז גאָרנישט געווען און אַז זי האָט גאָרנישט.

דאָרט איז אָבער געווען אַן אַנדער עדות, אַ דערוואַקסענער, וועלכער האָט נישט נאָר געוווּסט, וויפֿיל זי האָט ייִדישע זאַכן, נאָר ער האָט מיט זיינע אייגענע אויגן געזען, ווי אַזוי זי האָט אַמאָל געהייסן קלאַוסן אָנרייצן הונגעריקע הינט אויף קראַנקע ייִדן אין לאַגער און וויאַזוי די הינט האָבן זיי לעבעדיקערהייט צעריסן. זי איז זיך דעמאָלט געזעסן לעבן קלאַוסן און האָט זיך געקייקלט פֿון געלעכטער.

ער האָט געשווירן אין געריכט, אַז דאָס אַלץ איז אמת. איבעריקנס, די גאַנצע שטאָט האָט וועגן דעם געוווּסט.

זי איז אַרעסטירט געוואָרן, אָבער וואָס איז געוואָרן דער סוף מיט די זאַכן, ווייס איך נישט.

אַ גאַנצן ווינטער בין איך אַרומגעגאַנגען אָן שיך און די שומסקאַ האָט זיך זייער באַאומרויקט צוליב מיר, ווייל איך האָב געהוסט.

איך האָב זיך אויך דערוווּסט, אַז מען האָט געכאַפּט איינעם פֿון די צוויי פּויערים, וואָס האָבן מיך איבערגעגעבן דער דייטשער פּאָליציי.

מיך האָט מען אויך גערופֿן אַלס עדות אין געריכט און איך האָב אים תיכּף ומיד דערקענט. ער האָט אַרויסגעגעבן זייער פֿיל ייִדן צום טויט. איך האָב געהערט, אַז מען האָט אים שפּעטער אויפֿגעהאַנגען.

אין זבאַרווו און אין אַלע אַרומיקע דערפער און שטעטלעך זע־נען לעבן געבליבן בסך הכל 40 יידן.

קיינער פון זיי האָט נישט געוואָלט איבערבלייבן אין יענער געגנט. פון מיינע קרובים איז קיינער נישט איבערגעבליבן.

אַלע זענען געפאָרן אויף מערב. זיי זענען פאַרן אַוועקפאָרן צו־געשטאַנען, אַז זיי ווילן מיך מיטנעמען. איך האָב אָבער נישט גע־וואָלט איבערלאָזן די שומסקאַ אַליין. נישט מער — איך האָב שטאַרק געהוסט, וואָס אָנצוטון, אויף זיך האָב איך אויך נישט געהאַט, האָט מיר די שומסקאַ אַליין אָנגעהויבן צוצורעדן, אַז איך זאָל מיטפאָרן, ווייל זי קען מיר גאָרנישט געבן.

מיט אַ שווער האַרץ בין איך אָפּגעפאָרן און אָנגעקומען אין אַן אינטערנאַט אין קראָקע, ווייל איך האָב קיינעם אויף דער וועלט נישט געהאַט.

פון דאָרטן בין איך געפאָרן קיין זאַקאָפּאַנע.

איצט פיל איך שוין נישט קיין איינזאַמקייט אין פראַנקרייך.

איך האָב אויך אָפּגעזוכט קרובים אין אַמעריקע.

ס'איז מיר גוט אין אונזער הויז, ווייל איך האָב אַ ציל אין לעבן — איך וויל פאָרן קיין ארץ־ישראל.

איך האָב גרויס עגמת־נפש, וואָס איך קען זיך נישט פאַר־בינדן מיט דער שומסקאַ און העלפן איר. איך האָב איר פיל מאָל טעלעגראַפירט און געשריבן, אָבער קיין ענטפער האָב איך נישט באַקומען.

איך וואָלט זייער געוואָלט, זי זאָל וויסן, אַז איך האָב אין איר נישט פאַרגעסן.

---

## באַמערקונגען וועגן מאַקס שוואַב

שרייבנדיק וועגן מאַקסן, איז מיר שווער, נישט צו טיילן זיך מיט די לעזער מיט אייניקע, כאַראַקטעריסטישע איינדרוקן, וואָס ער האָט אויף מיר געמאַכט, ביים דערציילן זיינע איבערלעבונגען.

זיי זענען נוגע סיי דעם אינהאַלט, סיי דער פאָרם פון זיין אַרויס־זאָגן זיך.

וואָס איז שייך דעם אינהאַלט, מוז איך זיך מודה זיין, אַז איך בין

געווען פשוט דערשיטערט דערפון, וואָס דאָס ייִנגל האָט מיר דערציילט.

איך ווייס נישט פאַרוואָס דאָס איז אַזוי געווען, — איך האָב דאָך וועגן די דאָזיקע ענינים געהערט נישט צום ערשטן מאָל, דאָס איז נישט געווען מיין ערשט געשפרעך מיט אַ קינד.

אַחוץ דעם האָב איך דאָך אויך דורכגעמאַכט די אָקופּאַציע אין פּוילן און אַליין איבערגעלעבט ענלעכע סצענעס. דאָך בין איך, פון מאַקס שוואַבס דערציילונג געווען אַזוי גערירט, אַז מיר איז שווער געווען זי צו פאַרצייכענען.

איך האָב פשוט נישט געקענט דעם קינד קוקן אין די אויגן — אַזוי האָט מיר דאָס האַרץ וויי געטון.

איך האָב פאַר זיך געהאַט אַ קליינע, דאַרע געשטאַלט פון אַ קינד, מיט אַ גרויסן קאָפּ און אויסדרוקספולע אויגן פון אַ דערוואַקסענעם, קלוגן מענטשן. און דער דאָזיקער, 13 יעריקער „מענטשל", האָט מיר דערציילט, אויספירלעך און לאָגיש — אָן אַ שאָטן פון קווענקלעניש אָדער נאַיוויטעט — די געשיכטע פון זיין לעבן און פון זיין שטעטל. די ווערטער פון זיין דערציילונג האָבן זיך ביי אים געפורעמט אין אויסגעצייכנט געבויטע, לאָגישע זאַצן. זיי האָבן זיך געקייטלט לויט דער צייט און לויטן שטח, איין פאַסירונג איז לאָגיש אַרויסגעפלאָסן פון דער צווייטער, און צוזאַמען האָבן זיי געשילדערט בילדער, אָנגעזאַפּטע מיט ווייטיק און טרערן.

אָן אָנשטרענגונג האָט זיין זכרון אַרויסגעבראַכט אַלע פּרטים און פאַרבן, וואָס זענען נייטיק געווען, כדי אויסצומאָלן די גאַנצע טראַגע־דיע פון יענע צייטן. דאָס אַלץ האָט געשילדערט אַ קליין, קראַנק, שלעכט־אַנטוויקלט קינד. און דער דאָזיקער קאָנטראַסט צווישן דער רייפער פאָרם פונם ייִנגלס אַרויסזאָגן זיך און זיין פיזיש שוואַך־אַנטוויקלטן קערפער; דער קאָנטראַסט צווישן דער שטאַרקער שטים, די קלוגע אויגן, די גע־שלאָסענע ליפּן און די קליינע, שוואַכע הענטלעך, דעם שמאָלן, איינגע־פאַלענעם ברוסטקאַסטן און די בלייכע באַקן — דער דאָזיקער קאָנטראַסט איז געווען אומדערטרעגלעך...

מאַקס האָט דערציילט נישט בלויז מיט ווערטער, — די גאַנצע פיגור זיינע, די אויגן, די באַוועגונגען — אַלץ האָט געשילדערט די שוידער־לעכע פאַרגאַנגענהייט; אַלץ האָט עדות געזאָגט וועגן דער עוולה, וואָס איז דעם קינד געטון געוואָרן. און דערפאַר האָט עס אַזוי וויי געטון און טוט וויי אויך איצט.

ביים נאָטירן דעם קינדס איבערלעבונגען, האָב איך אַזוי נישט גע־פילט די רייפקייט פון זייער פאָרם. אָבער נאָכן איבערלייענען זיין דער־ציילונג בין איך געווען ממש דערשטוינט — דאָס האָט דאָך אַבסאָלוט נישט געמאַכט דעם איינדרוק, ווי אַ קינד וואָלט גערעדט. איך האָב זיך אויך צוליב דעם, אין אַ געוויסער מאָס, מצער געווען — אפשר האָב איך נישט גענוי איבערגעגעבן זיינע ווערטער? איצט וווּנדערט דאָס מיך שוין אָבער נישט. איך האָב, נעמלעך, מאַקסן בעסער דערקענט און זיך איבער־צייגט, אַז זיין מוח שטעלט מיט זיך פאָר אַן אויסגעצייכנטן אַפּאַראַט, וואָס ווערט באַוויזן דורך אַ גוטן זכרון און אַ לאָגישן דענקען.

מאַקס שוואַב איז דער בעסטער שילער אין דער שול. אָן מי רעצי־טירט ער די שווערסטע טעקסטן. ער דענקט לאָגיש און טיף, און וויפיל ער זאָל נישט באַקומען גייסטיקע שפייז, איז פאַר אים קיינמאָל נישט גענוג.

צום באַדויערן איז ער, ווי געזאָגט, פיזיש שוואַך אַנטוויקלט און נישט איינמאָל האָט מען שוין געצווייפלט, צי ער וועט זיך קענען אויפ־הייבן פון קראַנקן־בעט. אָבער נישט בלויז דער אינטעלעקט אונטערשיידט אים פון אַנדערע קינדער. נאָך אין אַ שטאַרקערער מאָס איז דערצו גורם זיין כאַראַקטער און זיין געזעלשאַפטלעכער חוש.

מאַקס איז איינער פון די איידלסטע און ריינסטע נשמות, וואָס איך האָב, ווען עס איז, צווישן קינדער באַגעגנט. אַ פאַרשלאָסענער אין זיך, אַ צוריקגעהאַלטענער און אַ נישט־דרייסטער, באַהאַלט ער אויס פאַרשעמט, די גרויסע מעלות פון זיין שיינעם כאַראַקטער.

אָבער נישט אַלעמאָל געלינגט עס אים. בפרט ווען ער דערציילט וועגן זיין אַפּוטרופּוסטע, שומסקאַ, וועגן זיין זאָרג פאַר איר און וועגן זיין טיפן דאַנקבאַרקייטס־געפיל צו איר.

מאַקס האָט אַליין אויסגעקליבן דעם וועג פון זיין לעבן — ער פירט קיין ארץ־ישראל.

אַלע צורעדענישן פון זיינע מומעס, וועלכע האָבן אים, פאַר יעדן פּרייז, געוואָלט אַראָפּברענגען קיין אַמעריקע, — זיי האָבן שוין אים אפילו געשיקט אַן „אַפידייוויט" — זענען געבליבן אָן רעזולטאַט. מאַקס האָט, אין שייכות דערמיט, נישט איבערלעבט קיין שום טראַגעדיע. ער האָט זיך קיין איין רגע נישט געקווענקלט. ער האָט די מומעס זיינע צו־ריקגעשיקט דעם „אַפידייוויט" און איז אומלעגאַל אַוועקגעפאָרן קיין ארץ־ישראל. צוזאַמען מיט זיינע חברים האָט ער זיך פריער געפונען אויפן דעק פון „עקזאָדוס 1947" און שפּעטער — אין אַ דייטשן לאַגער. מיין גרעסטע זאָרג איז ער די גאַנצע צייט געווען, ווייל אין פּרט פון געזונט האָט ער זיך אַרויסגעוויזן שוואַכער פון אַלעמען.

ער האָט זיך אָבער געהאַלטן אויסגעצייכנט. אָט וואָס ער האָט מיר געשריבן פון דער שיף:

30. 7. 1947, מיטללענדישער ים.

ליבע פאַרוואַלטערין!

מיר קענען אייך מודיע זיין, אַז מיר געפינען זיך נישט וויט פון מאַרסעי און מיר וואַרטן אָפּ, וואָס וועט וויטער זיין. מיר האָבן נישט מסכים געווען אַרויסצוזעצן זיך אין פראַנקרייך און דעריבער שטייען מיר שוין דעם צווייטן טאָג אין האַפן.

נעכטן איז ביי אונז געווען אַ קאָמיסיע און פאַרגעלייענט די פראַנצויזישע דעקלאַראַציע. מיר ווייסן נישט, וואָס ווייטער וועט זיין. מיר וועלן, דאַכט זיך, פאָרן קיין אַפריקע. איך האָב שוין אַרויסגעשיקט דריי בריוו צו אייך, אייגעם דורך ארץ־ישראל, איך ווייס אָבער נישט צי איר וועט זיי באַקומען, ווייל די ענגלענדער האָבן זיי צוגענומען און זיי זענען, דאַכט זיך מיר, אַריינגעפאַלן אין ים און נישט אינם שיפל.

מיר געפינען זיך אויף דער שיף מיט נאָך 1500 מאַן אין זייער

שלעכטע באַדינגונגען און היכטער שטעכל-דראָטן. מיר ווערן באַוואַכט פון ענגלענדער, וואָס זענען באַוואָפנט מיט אויטאָמאַטן, קוילנוואַרפערס און אייזן-געשמידטע שטעקנס. מיר זענען געזונט און גאַנץ, און דאָס איז אַ גרויסער וואונדער, ווייל ביי די ענגלענדער קען מען לייכט פועלן, אַז זיי זאָלן צעהאַקן דעם קאָפ מיט אַזאַ מין שטעקן.

דאָס לעבן איז דאָ זייער נודנע, דער טאָג גייט אַריבער אין לאַנגווייליקן וואַרטן און אין הונגער. לעצטנס האָט זיך דאָס עסן אַביסל פאַרבעסערט, ווייל די פראַנצויזן העלפן אונז, אָבער נישט געקוקט דערויף, האָבן מיר ווייניק. דאָס אָונט-ברויט, צום ביישפיל, באַשטייט פון קאַרטאָפל און פלייש-קאָנסערוון, אָבער פון זייער קליינע פאָרציעס. די ענגלענדער האָבן, זעט אויס, מורא, אַז מיר זאָלן זיך נישט איבערעסן. די היץ איז דאָ גרעסער, ווי ביי די אַפריקאַנישע ברעגן. שוין 18 טעג ווי מיר געפינען זיך אויפן ים.

ווען די ענגלענדער זעצן אונז אַרויס מיט געוואַלד, וואָלטן מיר אָוועקגעפאָרן קיין ארץ-ישראל, מיט אַ צווייטער שיף.

אונזערע רוק-זעק מיט אַלע זאַכן, וואָס האָבן זיך אין זיי געפונען, האָבן צוגענומען די ענגלענדער. איך פאַרענדיק דעם בריוו און גריס אייך, ליבע פאַרוואַלטערין, אַלע קינדער און דעם גאַנצן פערסאָנאַל.

איך ווינטש אייך אַלעמען און דער גאַנצער יידישער יוגנט אַ שנעלן אָפּפאָר קיין ארץ מיט עליה ב'.

להתראות בארצנו!

מאַקס שוואַב

## וואָס דערציילט יאַנקאַ וואַרשאַווסקאַ

געבוירן דעם 24-טן דעצעמבער אין קראָקע
(בעתן געשפּרעך 14 יאָר אַלט)



געוווינט האָבן מיר אין קראָקע אויף פּאָד־גוזשע, זאַבלאָטשנע 6. מיר האָבן דאָרט געהאַט אַן אייגן הויז, און ביים הויז אַ פּרעכטיקן גאָר־טן. נישט ווייט פון דאָרטן, ביים ווייסל, האָט דער טאַטע געהאָט אַ האָלץ־סקלאַד.

געווען זענען מיר אין שטוב אַ סך מענ־טשן, זעקס שוועסטער און איין ברודער. איך בין געווען די יונגסטע.

די מאַמע איז געווען זייער גוט צו אונז, דאַקעגן איז דער טאַטע געווען שטרענג. אויך ער האָט אונז ליב געהאַט, אָבער מיר פלעגן מיט אונזערע פאַרשידענע ענינים בעסער גיין צו דער מאַמען און נישט צום טאַטן, ווייל ווען דער טאַטע פלעגט עפּעס הייסן, פלעגט מען זיך שוין נישט קענען קעגנשטעלן, ביי דער מאַמען אָבער פלעגט מען שטענדיק קענען עפּעס אָפּדינגען.

ווען די מלחמה איז אויסגעבראָכן, איז אונזער פּוילישע דינסט פון אונז אוועקגעגאַנגען.

— איך וויל נישט דינען ביי יידן!" — האָט זי אַ זאָג געטון מיט שטאָלץ. זי האָט אויף אונז דערביי אַ וואָרף געטון אַ ביטול־בליק, האָט זיך באַלד איינגעפּאַקט, צוגענומען פיל זאַכן, וואָס האָבן צו איר נישט געהערט, אַ קלאַפּ געטון מיט דער טיר און איז אַוועק.

האָט דער טאַטע באַשלאָסן נישט צוצונעמען מער קיין דינסט אין שטוב און האָט אונז אַלעמען געהייסן אַרבעטן אַליין. דאָס איז נישט געווען אַזוי שרעקלעך, ווייל מען האָט אונז שוין אַרויסגעוואָרפן פון דער שול, האָבן מיר געהאַט מער פרייע צייט.

אַמעריסטן האָט אונז געערגערט דאָס, וואָס דער טאַטע פלעגט אונז כסדר זאָגן:

— איר וועט זען מיין וואָרט, די מלחמה וועט דויערן פינף יאָר מיט אַ האַלבן".

איך ווייס נישט פונוואַנען דער טאַטע האָט די דאָזיקע ציפער גענומען און וויאַזוי ער האָט עס באַרעכנט. קיינער פון אונז האָט דערין טאַקע נישט געגלויבט. מיר האָבן געמיינט, אַז דער טאַטע זאָגט אַזוי בכיוון, כדי אונז צו ערגערן.

דערווייל זענען דאָס געווען די ערשטע חדשים פון קריג, ס'איז שוין אָבער געווען זייער שלעכט, נישט מעגלעך געווען אויסצוהאַלטן. אַלע יידישע געשעפטן האָט מען אויסגערויבט און געשלאָסן. אין די גרעסערע יידישע פירמעס האָט מען אַריינגעזעצט דייטשע קאָמיסאַרן און זיי פלעגן די יידישע אײנהאַבער תיכף ומיד באַזייטיקן.

אונזער סקלאַד איז אַריינגעפאַלן אין די הענט פון איינעם אַ „פאָלקס־דייטשע", און דער טאַטע האָט נישט געטאָרט אפילו אַריינשמעקן אַהין. יידן האָבן נישט געטאָרט פאָרן נישט מיטן צוג נישט מיטן טראַמוויי. זיי האָבן בכלל נישט געטאָרט פאַרלאָזן זייער וווינונגס־אָרט.

פאַר אַלע יידן, וואָס זענען איבער 14 יאָר אַלט, האָט מען איינגעפירט אָרעמבענדער. מען האָט איינגעאָרדנט גאַסן־קאָפּעניישן

אויף יידן. מען האָט געכאַפּט אויף שווערע אַרבעטן. טאָג־טעג־לעך פֿלעגט מען אַרויספֿירן מאַסן יידן הינטער דער שטאָט און דאָרט זיי פֿייניקן. ביי אַלטע יידן פֿלעגט מען רייסן די האָר פֿון דער באָרד און זיי צווינגען זיי זאָלן דאָס אויפֿעסן. פֿרויען האָט מען אַ סך מאָל אויסגעטון נאַקעט און ביי זיי געזוכט בריליאַנטן.

דער טאַטע איז בכלל נישט אַרויסגעגאַנגען פֿון שטוב — ער איז געווען פּאַראַליזירט. ווען מען האָט געדאַרפֿט עפּעס דרינג־ענדיקן פֿלעגט גיין האַלינע (מיט צוויי יאָר עלטער פֿון מיר) אָדער איך. צייטנווייז, ווען ער האָט געמוזט דרינגלעך עפּעס פֿעריקן פֿערזענ־לעך, פֿלעגט ער אַרויסגיין נאָר אין אָוונט און פֿלעגט זיך דורכ־שמוגלען דורך ענגע געסלעך, ווי ווער ווייס וואָס פֿאַר אַ פֿאַר־ברעכער.

דערנאָך האָבן זיך אָנגעהויבן מאַסן־כאַפּעניש. די גאַסן זענען געוואָרן אויסגעליידיקט פֿון יידן. פּלאַטפֿאָרמעס האָבן זיך אַרומ־געדרייט און אָן אָן אויפֿהער געכאַפּט יידן.

געזאָגט האָט מען, אַז דאָס נעמט מען זיי אַזוי אויף אַר־בעט; קיינער האָט זיך אָבער פֿון דער דאָזיקער אַרבעט נישט אומגעקערט. מען האָט אויך אַרויסגעשלעפּט פֿון די הייזער יידן און וואָס אַ מאָל איז געווען ערגער.

דעם 3־טן דעצעמבער 1941 איז דערשינען אַ מעלדונג, אַז ס'וועט זיין אַ געטאָ. דער טאַטע האָט דעמאָלט געזאָגט, אַז ער וועט אין געטאָ נישט גיין, ער וועט זיך נישט לאָזן איינמויערן לעבעדיקערהייט. האָט די מאַמע אָנגעהויבן זוכן אַ וווינונג אין וואָליאַ־דוכאַצקאַ, 4 קילאָמעטער פֿון קראָקע, (דער טאַטע איז אַלץ נישט אַרויסגעגאַנגען). ס'איז אָבער זייער שווער געווען צו געפֿינען עפּעס און נאָך שווערער איז געווען איינצומעלדן זיך.

מען האָט אין ערגעץ נישט געוואָלט איינמעלדן קיין יידן. דאָס איז נאָר מעגלעך געווען אין אַ זייער באַגרענעצטער צאָל.

ערשט נאָך חדשים־לאַנגע באַמיונגען איז דער מאַמען געלונ־גען צו באַקומען אַ דערלויבעניש איינצומעלדן דריי פּערזאָן. די איבריקע זענען דאָרטן געזעסן אומלעגאַל, אויך דאָס האָט אונז אָפּגעקאָסט גענוג געלט.

איידער מיר זענען ארויסגעפאָרן קיין וואָליא־דוכאצקא האָט דער טאַטע איבערגעגעבן דאָס מעבל פון אונזער וווינונג איינעם אַ פּאָליאַק — פּולאַווסקי האָט ער געהייסן — וואָס האָט געווינט אַנטקעגן אונז.

ביינאַכט האָבן מיר אונזער מעבל אַריבערגעטראָגן אין זיין שטאַל. ער האָט עס אַריינגעפּאַקט אין אַ ווינקל, צוגעדעקט מיט שטרוי, פאַרהאַקט מיט ברעטער און ערשט דערנאָך גוט פאַרשלאָסן די שטאַל. ער האָט געמוזט זיין זייער פאָרזיכטיק, כדי די שכנים זאָלן זיך וועגן דעם נישט דערוויסן און נישט מסרן פאַר די דייטשן.

דאָס איז געווען אַ זייער פיינער מענטש און ער האָט אונז פיל געהאָלפן. דער טאַטע האָט צו אים געהאַט צוטרוי און, ווי עס האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן, — נישט אומזיסט, ווייל נאָכן קריג האָט ער אונז אַלץ צוריקגעגעבן. אַזעלכע מענטשן זענען געווען ווייניק.

דער טאַטע האָט אַלץ אַזוי פאָרויסגעזען, ווי ער וואָלט געווען אַ נביא. ס'איז נישט געווען קיין איין זאַך, ער זאָל דערין אַ טעות האָבן. איך ווייס באמת נישט, פונוואַנען האָט ער דאָס אַלץ אַזוי גוט געוווסט, און איך פאַרשטיי נישט פאַרוואָס ער איז שוין נישטאָ. אונז אַלעמען האָט ער געהאָלפן, אים האָבן מיר צו פאַרדאַנקען, וואָס מיר לעבן — און זיך אַליין האָט ער נישט געקענט העלפן.

אין וואָלאַ האָבן מיר געהאַט בלויז איין צימערל און דערצו אַזאַ קליינס, אַז די לייז האָבן אונז, צוליבן שמוץ און דער ענגשאַפט, בוכשטעבלעך אויפגעפרעסן. ס'איז נישט מעגלעך געווען דאָרט איבערצובלייבן.

מיר האָבן אָנגעהויבן זוכן אַ נייע וווינונג און אין אַ קורצער צייט אַרום האָבן מיר געפונען אַ נייע, שיינע דירה, וואָס איז באַשטאַנען פון אַ גרויסן, זוניקן צימער מיט אַ קיך אין אַ נייער ווילע. עס האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן, אַז דאָס איז געווען פיל ערגער פאַר אונז, ווייל וועגן עמיצער פלעגט פאַרבייגיין די ווילע און אונז באַמערקן, פלעגט ער זאָגן: „זעט נאָר אין וואָס פאַראַ הייזער

יידן ווינען עס היינט!" דער טאַטע האָט דעריבער באַשלאָסן צו פאַרלאָזן אומבאַדינגט דאָס הויז.

מיר האָבן זיך איבערגעצויגן אין אַ קעלער. אין דאָזיקן קעלער פלעגט צו אונז אַריינקומען אַן אַלטע לערערין אַזאַ און זי פלעגט עס אונז לערנען (די מאַמע פלעגט איר דערפאַר געבן מיטאָגן). אָבער די לעקציעס זענען עפּעס נישט געגאַנגען. ס'איז כסדר געווען אַ מורא, מיר פלעגן אָן אויפהער לויפן צו דער טיר, כדי איינצוהערן זיך, צי גייען נישט קיין דייטשן. די מאַמע פלעגט שטיין אַ בלייכע ביים אויוון און צוגרייטן דעם מיטאָג. די אָרימע לערערין האָט געשלונגען דאָס שפּייעכץ און דאָס לערנען איז אונז נישט געגאַנגען.

עס זענען כסדר אַרויסגעגעבן געוואָרן נייע פאַראָרדנונגען — דאָ האָט מען געדאַרפט אַזעלכע שטעמפּלען, דאָ אַזעלכע. דאָ האָט מען געמוזט האָבן שטעמפּלען מיט נומערן, דאָ נייע קענקאַרטן מיט ספּעציעלע אותיות — וואָס ווייטער, אַלץ ערגער איז געוואָרן.

ווינטער 1941, דעם 27-טן דעצעמבער, איז אַרויס אַ באַפעל, אַז מען זאָל אָפּגעבן די דייטשן אַלע פוטערס, אַנדערש דראָט טויט־שטראָף.

דערהערט אַזאַ מין מעשה, האָט דער טאַטע באַגראָבן אונזערע פוטערס אין דער ערד, צוגעדעקט מיט שניי און גאָרנישט געזעבן. „זאָלן זיי בעסער פוילן אין דער ערד, — האָט ער געזאָגט — איידער אַוועקגעבן זיי די דייטשן."

די דייטשן האָבן ביי אונז געמאַכט אַ רעוויזיע, און די מאַמע האָט שרעקלעך מורא געהאַט. זי האָט דערנאָך באַקומען אַ האַרץ־אַטאַק, ווייל נישט ווייט פון אונז האָט מען ביי איינעם אַ יידן געפונען אַ פוטער, האָט מען דערפאַר אויסגעשאָסן די גאַנצע פאַמיליע.

זי האָט זיך צוליב דעם צעקריגט מיטן טאַטן, און אים געמאַכט אַ פאָרוווּרף, הלמאי ער האָט עס געטון. מען האָט אָבער, דאַנקען גאָט, גאָרנישט געפונען און דער טאַטע האָט נישט באַדויערט, וואָס ער האָט אַזוי געהאַנדלט.

די מאַמע אָבער האָט פאַרלוירן פיל געזונט צוליב דער דאָזיקער מעשה.

די מאַמע האָט בכלל פאַר אַלץ געציטערט און איז שטענ־דיק גרייט געווען אויסצופירן אַלע דייטשע באַפעלן. זי האָט אפילו געוואָלט גיין אין געטאָ און פאַרלאַנגט, אַז מיר אַלע זאָלן אַהין מיטגיין. דאַקעגן האָט דער טאַטע אַלץ געטון פאַרקערט. זייערע פאַראָרדנונגען האָט ער קיינמאָל נישט אויסגעפירט. און דער סוף איז געווען, אַז זיינע האַנדלונגען האָבן זיך שטענדיק אַרויסגעוויזן פאַר ריכטיק.

דער טאַטע האָט פאַר קיין שום זאַך נישט מורא געהאַט און דעריבער זענען מיר אַלע לעבן געבליבן. די מאַמע ווידער האָט שטענדיק געציטערט, איז זי טאַקע צוליב דעם אומגעקומען.

מיר האָבן געפאָלגט דעם טאַטן, געהאַט צו אים אַזאַ צוטרוי, אַז ווען ער הייסט אונז גיין אין פייער, וואָלטן מיר אויך גע־גאַנגען. מיר פלעגן טון אַלץ, וואָס ער פלעגט אונז הייסן. איך האָב פאַר קיין שום זאַך נישט מורא געהאַט. איך פלעג קוקן די דייטשן גלייך אין די אויגן אַריין, נישט מאַכן קיין וועזן פון זיי.

דערווייל איז אין געטאָ געוואָרן זייער שלעכט. עס האָבן זיך אָנגעהויבן די אַקציעס, אָדער, ווי דאָס האָט דאָרט געהייסן — די „אויסזידלונגען". פריער האָט מען געמאַכט אַ קאָמעדיע מיט שטעמפּעלעך און דערנאָך האָט מען גענומען די מענטשן אַרויס־שיקן, קיינער האָט נישט געוווּסט וווּהין מען שיקט זיי. ערשט ווען מען האָט אָנגעהויבן כאַפּן — זקנים און קינדער — האָט מען געזאָגט, אַז מען שיקט זיי ווי „אומנוצטיקע" צום טויט, מען האָט אָבער דערין נישט געוואָלט גלויבן.

די דייטשן האָבן געזאָגט, אַז זיי אָרדנען איין פאַר קינדער ספּעציעלע „קינדערהיימען"; אַז קינדער איז ביי זיי גוט, אַז זיי האָבן דאָרט שפּילצייג, זיסוואַרג א. א. וו. — האָבן זיך טאַקע אייניקע יידן געלאָזט פאַרפירן.

שפּעטער האָט מען שוין אָנגעהויבן צו נעמען נישט בלויז זקנים און קינדער, נאָר אַלעמען — ווי עס גייט. גאַנצע פאַמיליעס, אַ טאַטן, אַ מאַמען, אַ זון... מען האָט דערלויבט מיטצונעמען 25 קי־

לאַגראַם באַגאַזש און געזאָגט, אַז מען פירט אַלעמען אַריבער אין לובלינער געגנט.

אָבער גלויבן די דייטשן האָט מען נישט געקענט. האָט מען אָנגעהויבן אויסצופרעגן די קאָנדוקטאָרן, צי זיי ווייסן וווהין דער צוג גייט. זיי האָבן אָבער גאָרנישט געוואָלט זאָגן, און אפשר האָבן זיי נישט געקענט ריידן.

עפּעס אַ מאָדנע אימה איז געהאָנגען איבער אַלעמען. מען האָט אָנגעהויבן שמועסן וועגן עפּעס געהיימניספולע דייטשע איינריכטונגען און וועגן ספּעציעלע בעדער ווו די פּאָדלאָגע איז עלעקטריזירט, ווער עס גייט אַהין אַריין, ווערט תיכף ומיד פאַרברענט. די פּאָליאַקן האָבן געזאָגט, אַז פון יידן מאַכן די דייטשן זייף, אָבער מען האָט זיך דאָס גאָרנישט געקענט פאָרשטעלן.

מען האָט אָנגעהויבן אַרומצוזוכן די מענטשן, וואָס זענען אַרויסגעפירט געוואָרן. מען האָט ספּעציעל באַצאָלט באַן־באַאַמטע, אַז זיי זאָלן מיטפאָרן מיט די צוגן און דערוויסן זיך וואָס נישט איז וועגן די אַרויסגעפירטע. אָבער די באַן־באַאַמטע פלעגן יעדעס מאָל צוריקקומען מיט אַ תשובה, אַז די צוגן קומען ביז אַן אָרט, ווו די שינעס פירן נישט ווייטער...

דאָ האָבן מיר זיך אַריבערגעצויגן קיין וויעליטשקע, 14 קילאָמעטער פון קראָקע. ווען מיר האָבן דאָרטן געוווינט, האָט מיך דער טאַטע אָפּגעגעבן צו איינעם אַ העַר פון בזשעסק, וועלכער האָט געהאַנדלט מיט סאַכאַרין. דער דאָזיקער הער פלעגט קויפן סאַכאַרין אויף דער בערזע אין קראָקע און פלעגט עס פאַרקויפן די יידן (פּריוואַט און אין די געוועלבער). איך האָב אים געהאָלפן און געשמוגלט סאַכאַרין.

אַ גאַנצן טאָג פלעג איך זיך מוזן אַרומדרייען אין קראָקע מיט אַ גרויסן סכום סאַכאַרין (צייטנווייז צוויי קילאָ). איך פלעג עס באַהאַלטן אונטערן קליידל און טאָג־טעגלעך פאָרן דערמיט קיין בזשעסק.

אין צוג זענען כסדר פאָרגעקומען באַפעלנישן און רעוויזיעס. און איך האָב געציטערט מיט מיין פאַרבאָטענער סחורה. יעדן פאַרנאַכט פלעג איך מוזן אַריינגנבענען זיך אין בזשעסקער געטאָ און יעדן אינדערפרי — ווידער אַרויסגנבענען זיך און גיין

צום צוג. איך בין כסדר אַרומגעפֿאָרן צווישן בזשעסק, וויעליטש-קע און קראָקע. אַלע שמוגלערינס האָבן מיך געקענט. זיי האָבן שוין אָנגעהויבן רעדן וועגן מיר און דאָס האָט נישט געטויגט...

דערווייל האָט זיך אָנגעהויבן די אויסזידלונג אויך אין וויע-ליטשקע. דאָס איז געווען אין אויגוסט 1942. דער טאַטע האָט שוין פֿריער דערפֿילט, אַז עס דערנענטערט זיך עפּעס און אַזוי איז עס טאַקע געווען. יעדן ייד האָט מען אין איין שיינעם פֿרי-מאָרגן געגעבן צוויי לעבלעך ברויט, און דאַן האָבן שוין אַלע פֿאַרשטאַנען, אַז דאָ גרייט זיך אַן „אַקציע”.

דער טאַטע האָט אונז „איינגעאָרדנט” ביי באַקאַנטע פּאָליאַקן און פֿון דאָרטן אַלעמען אַרויסגעשיקט. יעדער האָט געמוזט אַרויס-גיין באַזונדער, כדי נישט צו ציען אויף זיך די אויפֿמערקזאַמ-קייט.

צו מיר קיין בזשעסק האָט ער דאַן געשיקט רעניען; צוויי שוועסטער מיטן ברודער זענען אַוועק קיין קראָקע אויף דער אַרישער זייט.

דער טאַטע און די מאַמע זענען אַנטלאָפֿן בוכשטעבלעך אין דער לעצטער מינוט. גאַנץ וויעליטשקע איז שוין געווען אַרומגע-שטעלט. זיי זענען געלאָפֿן מיט איין אָטעם, און מען האָט זיי נישט געקענט כאַפּן. געלאָפֿן זענען זיי דורך די פֿעלדער. אין איין אָרט האָבן די דייטשן זיי געהאַט באַמערקט און גענומען שרייען „האַלט!”. אָבער דער טאַטע האָט געמאַכט דעם אָנשטעל, אַז ער פֿאַרשטייט נישט קיין דייטש און איז ווייטער געגאַנגען.

דער טאַטע האָט דאַן נישט געטראָגן קיין שום זאַכן און איז געווען פֿאַרקליידט פֿאַר אַ פּויער, האָבן זיי געמיינט, אַז דאָס גייט עפּעס אַן אַרבעטער פֿון דער אַרבעט און האָבן אים געלאָזט צו רו.

דער טאַטע האָט קיינמאָל נישט געזשאַלעוועט קיין האָב און גוטס. ער איז קיינמאָל נישט געגאַנגען מיט פּעקלעך און דערפֿאַר האָט ער זיך לייכט געקענט דורכשמוגלען. די מאַמע דאַקעגן איז געווען צוגעבונדן צו זאַכן און האָט שטענדיק פֿאַר עפּעס מורא געהאַט. זי האָט געלעבט אין אַזאַ שרעק, אַז זי האָט גאָרנישט נישט געקענט עסן און פֿון איר איז געוואָרן אַ תל...

סוף כל סוף זענען זיי אָנגעקומען קיין קראָקע. דאָרטן האָט זיי עפּעס אַ פּויער אַריינגענומען אין אַ סטאָדאָלע אויף זאַבלאָ־טשע און דאָרטן האָבן זיי איבערגענעכטיקט.

אַ שרעקלעכער פּאָגראָם איז דעמאָלט פאָרגעקומען אין וויעלי־טשקע, אַפילו די קהילה איז נישט געבליבן גאַנץ; קיינער האָט זיך דערויף נישט געריכט.

פריער איז אין וויעליטשקע געווען זייער גוט, ווייל דאָרט איז געווען אַ גוטער דייטשער בירגערמייסטער, וועלכער האָט ליב גע־האַט יידן. דאָס האָט אָבער נישט געהאָלפן און אַז ס'האָט גע־דאַרפט פאָרקומען אַ חורבן, איז ער פאָרגעקומען.

ווען איך בין יענעם טאָג צוריקגעפאָרן מיט סאַכאַרין קיין בזשעסק, האָב איך שוין אין ביערזשאַנאָוו דערזען פיל פאַר־פלאָמבירטע וואַגאָנעס און פון זיי האָבן זיך געטראָגן קרעכצן. מענטשן האָבן זיך געבעטן מען זאָל זיי דערלאַנגען אביסל וואַ־סער. די דייטשן האָבן אָבער נישט דערלויבט צוצוגיין צו זיי. איין דייטש איז געזעסן מיט אַ ביקס אויפן דאַך, און נאָך צוויי באַוואָפנטע דייטשן זענען געשטאַנען פון ביידע זייטן וואַגאָן.

פון אַלע זייטן זענען געשטאַנען דייטשן. מענטשן זענען גע־ווען נייגעריק, אָבער צוצוגיין האָבן זיי מורא געהאַט.

פון די וואַגאָנעס האָט מען דורך די פענסטערלעך אַרויסגע־וואָרפן בריוועלעך. יעדעס מאָל האָט זיך באַוויזן אַן אַנדער דער־שראָקן פּנים. דאָס זענען געווען וויעליטשקער יידן.

ווען אונזער פאַמיליע האָט זיך שוין אביסל צונויפגעזאַמלט אין קראָקע, האָבן מיר געמוזט גיין אין געטאָ. איך בין שוין נישט געווען ביי יענעם הער אין בזשעסק, נאָר „אינדערהיים" מיט די עלטערן. אַלע האָבן זיך דאָרט גענומען צום האַנדל, האָב איך אויך געהאַנדלט. אַ ברירה האָב איך געהאַט? מיר האָבן נישט געהאַט פונוואַנען צו לעבן אין געטאָ און איך האָב געמוזט זיין די פאַרזאָרגערין.

האַנדלען פלעג איך אַרומגיין מיט דער עלטערער שוועסטער האַלינע. זי איז דעמאָלט אַלט געווען 12 יאָר און איך דאָס עלפטע. זייער אָפט פלעגן מיר איבערשניידן די דראָטן פונם געטאָ און אַרויסגיין אויף דער אַרישער זייט. איינע פון אונז פלעגט אכטונג

געבן, צי עס גייט נישט די וואָך, און די צווייטע פלעגט שניידן.

אַ לענגערע צייט האָט זיך דאָס אונז איינגעגעבן. מיר האָבן גע־שוואַרצט אין געטאָ אַריין ברויט, פוטער, פּרוכטן. מיר פלעגן קויפן אויף דער אַרישער זייט און פאַרקויפן אין געטאָ. לכתחילה האָב איך זיך זייער געשעמט אַרומצוגיין איבער די הייזער מיט אונזער סחורה אָדער שטיין אין די טויערן און זיך דינגען. שפּעטער אָבער האָבן מיר זיך צוגעוווינט.

ס'איז זייער שווער געווען אַריינצוקריגן זיך מיט סחורה אין געטאָ. מען האָט געדאַרפט אַכטונג געבן, אַז אַ פּאָליציאַנט זאָל נישט כאַפּן און נישט אָפּנעמען די סחורה; מען האָט עס דערנאָך נישט געקענט אָפּאַרבעטן אין משך פון וואָכן. ווען דער פּאָליציאַנט פלעגט אַריינגיין אין ביידל, פלעגן מיר די סחורה אַריבערוואַרפן איבער די דראָטן און עמיצער פלעגט עס פון דער אַנדערער זייט אָפּנעמען. שפּעטער, ווען די לאַגע איז געוואָרן שאַרפער און דורך די דראָטן האָט מען זיך שוין נישט געקענט דורכשמוגלען, פלעגן מיר גיין מיט דער ליניע נאָכן טראַמוויי. די פּאָליציאַנטן פלעגן דאָס נישט באַמערקן, ווייל זיי פלעגן שטיין אויף דער צווייטער זייט. ערשט שפּעטער פלעגן זיי זיך כאַפּן, אָבער ס'פלעגט שוין זיין נאָך אַלעם.

נישט איינמאָל האָבן מיך פּאָליציאַנטן געכאַפּט, ביים איבער־שניידן די דראָטן. נישט איין טאָג בין איך געזעסן אין אַרעסט. טאָ־מער פלעגט מיך כאַפּן אַ פּוילישער פּאָליציאַנט, פלעג איך אים געבן צען זלאָטים און ער פלעגט מיך אָפּלאָזן. ערגער פלעגט אָבער זיין ווען די פּוילישע פּאָליציי פלעגט מיך איבערגעבן דער „אָרדע" („יידי־שע אָרדנונגס־פּאָליציי"). דאָרטן פלעג איך נישט איינמאָל אָפּ־זיצן ביז אָוונט, און די אידיאָטן פלעגן אינגאַנצן אין מיר פאַר־געסן.

די דייטשע זשאַנדאַרמען האָבן קיינמאָל נישט דערקענט, אַז איך בין אַ יידישע, סיידן עמיצער פלעגט מסרן. די פּוילישע גע־היים־אַגענטן האָבן מיך געקענט, אָבער זיי האָבן מיר גאָרנישט געטון. זיי פלעגן פון דער שוועסטער אָפּט באַקומען בראָנפן. איבע־ריקנס, איך בין זיי וויניקוואָס אָנגעגאַנגען. איך וועל סיי־ווי־סיי

אַריינפּאַלן, — האָבן זיי זיך געטראַכט — טאָ צו וואָס האָבן זיי מיך גערדאַרפט אַרויסגעבן.

זיי האָבן בלויז געוואָלט, אַז אין פאַל ווען איך וועל אַריינ־פאַלן, זאָל איך נישט זאָגן, אַז איך קען זיי.

אָפט פלעג איך זיך איבערכאַפּן ווי אַ מויז מיט די „פּלאַ־צוווקעס" פון „אָפּטימאַ" וואָס זענען געגאַנגען אויף אַרבעט אין שטאָט אַריין. דער פּאָליציאַנט פלעגט ציילן און ציילן און נישט קענען דערגיין קיין טאָלק. דאָ בין איך געווען פון פאָרנט, דאָ פון הינטן. איך בין געווען קליין און דאַר, פלעג איך זיך דורכשמוג־לען אַזוי שנעל, אַז ס'איז שווער געווען זיך צו כאַפּן.

ווייטער האָב איך געהאַט אַ מיטער אויף ריינעק 13, אין אַ באַרשטן־געשעפט, וואָס איז אַרויסגעגאַנגען אויף דער אָרישער זייט. דאָס דאָזיקע טויער איז געווען כלומרשט פאַרשלאָסן, אָבער מיין ברודער האָט עס געקענט עפענען. ער פלעגט עפעס אַ צי טון איין העלפט טויער צו זיך און אַ צווייטן טייל אַ שטופּ טון פאָרויס — פלעגט זיך בילדן אַ שמאָלער דורכגאַנג און איך פלעג זיך אַרויסכאַפּן.

דאָס דאָזיקע טויער איז אָבער געווען פונקט אַנטקעגן דער וואַך. אָפט פלעגט געשען עטוואָס שרעקלעכעס. דער פּאָליציאַנט שפּאַ־צירט זיך אַרום און פלוצלינג — איך פאַל אַריין ווי אַ יון אין סוכה... איך גיב זיך אָבער אַ דריי פאַר זיינע אויגן און איך בין שוין נישטאָ...

נישט איינמאָל האָט געטראָפן, אַז איך בין אַריינגעפאַלן גלייך צו אים אין די הענט אַריין. אין אַזאַ פאַל פלעגט ער מיך נע־מען אויף דער וואַך און איך פלעג מוזן באַצאָלן אַ שטראָף־מאַנ־דאַט. צייטנווייז פלעגן מיר אפילו נישט דערגיין ביז דער וואַך; אויפן וועג פלעג איך אים אַריינשטעקן 10 זלאָטים און ער פלעגט מיך אָפּלאָזן.

שפּעטער איז אונז געגאַנגען אַ סך בעסער, ווייל מיר האָבן זיך שוין אַזוי נישט געשעמט צו האַנדלען און מיר האָבן שוין געהאַט אונזערע וועגן פון שמוגל.

אין קראָקעווער געטאָ האָט מען נישט געהונגערט, אָבער גוט איז דאָרט נישט געווען. די דייטשן פלעגן ביינאַכט אַרויסשלעפּן

מענטשן פון די בעטן און ארויספירן. פון צייט צו צייט פלעגט מען מוזן די דייטשן צושטעלן א באשטימטע צאל מענטשן אויף פאר־ניכטונג. ייִדישע אָרדנונגס־פּאָליציאַנטן זענען ארומגעגאַנגען מיט פאַרשידענע ליסטעס; דער עיקר פלעגט מען אויסקלויבן רייכע מענטשן און אזעלכע, וואָס זענען צוריקגעקומען פון רוסלאַנד.

עס זענען געווען אזעלכע „קאַפּושים", ייִדישע שפּיצלען, וואָס פלעגן יידן כלומרשט גאַרנישט טון, נאָר זיי פלעגן בלויז אַלץ מסרן די דייטשן, ווער ס'איז רייך, ווער פון וואנען איז געקומען, ווו יידן האָבן באהעלטעניש א. א. וו.

שטענדיק האָט געהערשט אַן אַלגעמיינער פּחד און אייגער פאַרן צווייטן האָט זיך באהאַלטן. אזוי האָבן שוין אויסגעזען די „גוטע צייטן" פון געטאָ, ווען קיין אקציעס זענען נישט געווען.

אָבער די אקציע האָט זיך דערנענטערט. מענטשן האָבן שוין אויסגעפילט ווען עס דאַרף קומען אַן אקציע. אייניקע פלעגן זיך וועגן דעם דערוויסן פון די „קאַפּושים"; אַנדערע ווידער פלעגן דאָס דערקענען לויט דעם, וואָס די דייטשן נעמען ערובניקעס (כדי קיינער זאָל נישט אַנטלויפן).

אין איין שיינעם פרימאָרגן האָט זיך דעם טאַטנס א באקאַנ־טער, — ביימאַן האָט ער געהייסן, — דערוווסט (וואַרשיינלעך פון א מסור), אַז ס'וועט זיין אַן אקציע. ער האָט געהאַט צוויי קינדער. א דריי־יעריק ייִנגעלע און א זעקס־יעריק מיידעלע. איז ער געקומען צום טאַטן און אים געבעטן, אַז איך זאָל צונעמען זיינע קינדער. ער האָט זייער געציטערט פאַר זיינע קינדער און האָט נישט געזען קיין אַנדער רעטונג, ווי דאָס; ער האָט געבעטן, אַז איך זאָל זיינע קינדער פון געטאָ ארויסנעמען און אַוועקפירן אויפן בית־עולם, וואָס האָט זיך געפונען אויף יעראָזאָלימסקע גאַס, אויסערן געטאָ.

דאָרטן איז געווען איינער אַן אַלטער קברות־מאַן, וועלכער האָט דערווייל געזאָלט די קינדער אויסבאהאַלטן.

ער האָט געבראַכט די קינדער אין שטוב אריין און איך האָב קיין אַנדער אויסוועג נישט געהאַט, ווי דורכצושמוגלען זיי דורך די דראָטן אויפן בית עולם.

דאָס איז גאַרנישט געווען אַזוי לייכט. דערצו האָט נאָך דער

קליינער נישט געוואָלט מיט מיר גיין אויפֿן בית עולם. ער האָט מורא געהאַט, די גאַנצע צייט געוויינט נאָך דער מאַמען און געהאַלטן אין איין אַנטלויפֿן פֿון מיר. איך האָב זיך מיט אים קיין עצה נישט געקענט געבן. אחוץ דעם בין איך נאָך אַליין געווען אַ קינד און כ׳האָב דעריבער נישט געוווּסט, וואָס צו טון, אַז ער זאָל מיך פֿאָלגן.

ווען מיר זענען צוגעקומען צו די דראָטן, האָב איך שרעקלעך מורא געהאַט און אַזוי אים געבעטן, אַז ער זאָל נישט וויינען, אַז ביזן היינטיקן טאָג קען איך דאָס נישט פֿאַרגעסן.

אַ סך צרות האָב איך דערנאָך געהאַט מיט די דאָזיקע קינדער, אָבער געלונגען איז דאָס מיר פֿאָרט. דעם זעלבן טאָג נאָך בין איך צוריקגעקומען אַהיים.

שפּעטער האָב איך גענומען דורכשמוגלען מיינע שוועסטער פֿון געטאָ. דאָ האָבן מיר שוין געאַרבעט אין צווייען, האַלינע און איך. מיר האָבן ווידער איבערגעשניטן די דראָטן. האַלינע האָט זיך געשטעלט פֿון דער געטאָ־זייט און געהיטן, און איך האָב געפֿירט אויף דער אַרישער זייט. אַלע שוועסטער זענען דעמאָלט אַרויס מיט אונז. אויך פֿיל פֿרעמדע מענטשן האָבן זיך דאַן באַנוצט מיטן לאָך אין די דראָטן און געמאַכן פֿון אונזער הילף. פֿאַרשטייט זיך, אַז נאָר די דרייסטערע, ווייל די זאַך איז גאָרנישט געווען אַזוי לייכט און איינפֿאַך, ווי דאָס קען זיך אויסדאַכטן פֿון דער באַשרייבונג.

דער טאַטע האָט דורכגעשוואַרצט דער מאַמען דורכן הויפּט־טויער, ווייל ער האָט געהאַט אַ פּאַסיר־שיין. ווען ער איז אַרויס־געגאַנגען האָט ער אַזוי פֿאַררעדט די ציין דעם פּוילישן פּאָליציאַנט, אַז ער האָט גאָרנישט באַמערקט, אַז אויך די מאַמע איז אַרויסגעגאַנגען.

אויך דער ברודער איגנאַץ איז אַרויסגעגאַנגען. איך ווייס אפֿילו נישט ווי אַזוי, ווייל מיר האָבן פֿאַרגעסן וועגן דעם צו פֿרעגן. אָבער וועגן אים האָבן מיר נישט געזאָרגט, ער איז געווען אַ פּיפּיקער.

די מאַמע האָט זיך דאַן צזיאַמען מיט מיין שוועסטער רעגינע אויסבאַהאַלטן אין אַ סטאָדאָלע ביי איינער אַ פּוילישער פֿרוי.

איך און נאָך צוויי שוועסטער האָבן זיך אַ גאַנצן טאָג אַרומגע־דרייט אין גאַס. מיר האָבן נישט געהאַט, וווהין צו גיין און וואָס מיט זיך צו טון. מיר האָבן געזוכט און געזוכט, געטראַכט און געטראַכט און ס'איז אונז קיין זאַך נישט איינגעפאַלן.

ס'קומט אָן דער אָוונט, ס'איז שוין די פּאָליציי־שעה, און מיר זענען נאָך אַלץ אויף דער גאַס. ס'איז נישטאָ קיין עצה — מיר מוזן גיין אין אונזער סקלאַד, צום הויזוועכטער זאַזשיצקי, אַז ער זאָל אונז לאָזן איבערנעכטיקן.

זאַזשיצקי איז אָבער געווען שטאַרק פאַרזאָרגט. ער האָט אַי־בער זיך געהאַט אַ דייטשן קאָמיסאַר און האָט פאַר אים זייער מורא געהאַט. אָבער איבערלאָזן אונז אויף דער גאַס האָט ער אויך נישט געקענט — האָט ער אונז אַריינגעלאָזט. אַ גאַנצע נאַכט זענען מיר געלעגן אויף קוילן און געציטערט פון קעלט. שלאָפן האָבן מיר נישט געקענט, ווייל אויף די קוילן איז אונז געווען זייער נישט באַקוועם. מיר האָבן אפילו נישט געקענט אַרויסגיין, כדי צו דערלייזיקן זיך, ווייל ער האָט אונז פאַרשפּאַרט אויף אַ שלאָס.

אַזייגער פינף אינדערפרי האָט ער אונז אַרויסגעטריבן פון סקלאַד, ווייל ער האָט שרעקלעך מורא געהאַט פאַרן קאָמיסאַר דעם פאָלקסדייטש.

אַ גאַנצע נאַכט האָט ער נישט געקענט שלאָפן; ער איז כסדר אַרומגעגאַנגען און געוואַכט. מיר זענען ווידער געווען אויף דער גאַס און ווידער נישט געוווסט, וואָס צו טון מיט זיך.

ס'איז נאָך געווען זייער פרי. אויף דער גאַס איז נאָך כמעט קיינער נישט געווען. אַלע צוזאַמען וואָלטן מיר געצויגן אויף זיך די אויפמערקזאַמקייט, זענען מיר אַוועק איינציקווייז צום ווייסל און גענומען זיך דאָרט באָדן.

דאָס איז, פאַרשטייט זיך, געווען זייער נאַריש פון אונזער זייט. ווייל קיינער איז נאָך ביים ווייסל נישט געווען אחוץ אונז. אַר־בעטער זענען בלויז דאָרטן דורכגעגאַנגען צו דער אַרבעט און האָבן אונז באַלד באַמערקט. איינער פון זיי האָט אונז דערקענט:

— זעט נאָר, דאָס זענען דאָך וואַרשאַווסקיס טעכטער — האָט ער אויסגערופן.

דאָס האָבן דערהערט אַנדערע:

— זעט נאָר, זשידאָווקעס באָדן זיך, וואַרשאַווסקיס טעכטער!

— האָבן זיך פון אַלע זייטן דערהערט שטימען.

מען האָט זיך געמוזט שנעל אָפּטראָגן. אין אַ מינוט אַרום זענען מיר זיך טאַקע פונאַנדערגעגאַנגען, יעדע אין איר ריכטונג כדי מען זאָל אונז נישט דערקענען.

שפּעטער, ווען די טראַמוואַיען האָבן אָנגעהויבן צו קורסירן און אויף דער גאַס איז אַנטשטאַנען אַ באַוועגונג, האָבן מיר זיך אויסגעמישט מיטן המון.

איך בין געפאָרן מיטן טראַמוואַי און נישט געקענט איינרוען. איך האָב אומבאַדינגט געוואָלט וויסן, וואָס עס טוט זיך אין געטאָ.

אַזויפיל באַקאַנטע זענען דאָרט פאַרבליבן.

דער טראַמוואַי האָט דורכגעשניטן דעם געטאָ און איז צוגעגאַנגען צום „פּלאַץ זגאָדי". די פּאָליאַקן זענען מיטן טראַמוואַי דורכגעפאָרן דעם געטאָ און האָבן פון די וואַגאָנעס געקענט זען, וואָס עס טוט זיך דאָרט. אַרויסזעצן זיך דאָרט האָבן זיי אָבער נישט געטאָרט.

איך בין אַרומגעפאָרן מיטן טראַמוואַי אָן אויפהער. כ'האָט מיך אַהין געצויגן, איך האָב נישט געקענט איינזיצן אויפן אָרט.

איך האָב צוגעזען די גאַנצע אַקציע.

אויף „פּלאַץ זגאָדי" זענען עטלעכע טויזנט יידן געזעסן אויפן אַספאַלט און געוואַרט אויפן טויט. די דייטשן האָבן שוין געמאַכט „אָרדנונג." די פרויען זענען געזעסן באַזונדער, און די מענער מיט די קינדער באַזונדער.

שפּעטער האָט מען זיי אַלעמען אַוועקגעטריבן קיין פּלאַשאָוו און פון דאָרט אַוועקגעפירט מיט דער באַן אין די פאַרניכטונגס־לאַגערן. דעמאָלט האָט שוין יעדער איינער געוווסט, וווהין מען פאָרט. קיינער האָט זיך שוין נישט געלאָזט פאַרפירן פון פאַלשע האָפנונגען. מען האָט שוין נישט געשיקט קיין באַן־באַאַמטע, זיי זאָלן זיך דערוויסן וווהין דער טראַנספּאָרט גייט.

אין אָוונט, ווען די וואַגאָנעס זענען שוין געווען פאַרפּלאָמבירט ווען ספּירא און גוטער זענען צוריקגעקומען פון פּלאַשאָוו האָבן מיר

שוין געוווּסט, אַז דער קאָנטינגענט איז פאַרפולט און אַז ס'איז שוין נאָך דער אַקציע.

דאַן האָבן מיר זיך צוריקגעקערט אין געטאָ. דאָרטן איז געווען שרעקלעך. אַלע האָבן געקלאָגט און געיאָמערט. די „פּלאַצוווקעס" זענען צוריקגעקומען פון דער שטאָט און האָבן קיינעם נישט גע־טראָפן. מען האָט ביי מענטשן צוגענומען זייערע פרויען, זייערע קינדער, זייערע טאַטעס, זייערע מאַמעס. די וווינונגען זענען גע־ווען פּוסט, די טירן אויסגעריסן, דאָס בעטגעוואַנט צעטרענט, די זאַכן צעהאַקט, צעוואָרפן, צערויבט. דאָס וואָס מיר האָבן געזען, לאָזט זיך גאָרנישט באַשרייבן.

קיינער האָט נישט געגעסן. יעדער איינער איז געזעסן אויף דער ערד און באַקלאָגט זיינע נאָענטע. עס זענען אויך געווען אַ־זעלכע, וואָס האָבן באַרויערט פאַרוואָס מען האָט זיי נישט גענומען צוזאַמען מיט זייערע נאָענטע. צוויי־דריי טעג איז נישט געווען נאָך וואָס צו גיין אין שטאָט אַריין, ווייל די מענטשן האָבן נישט געהאַט דעם קאָפּ צום קויפן עסן.

אין עטלעכע טעג אַרום האָט זיך דאָס לעבן פּאַמעלעך צוריק איינגעשטעלט און מיר האָבן ווידער אָנגעהויבן אַרויסצוגיין נאָך שפּייז אין שטאָט אַריין.

פון דער לעצטער „אַקציע", וועלכע איז, ווי איך געדענק, פאָרגעקומען דעם 28־טן סעפּטעמבער 1942, ביז דער ענדגילטי־קער ליקווידאַציע פון דעם געטאָ, איז געווען אַ לאַנגע הפסקה, וואָס האָט געדויערט בערך זעקס חדשים.

אין משך פון דער דאָזיקער צייט האָט מען געשאַפן דעם געטאָ א' און דעם געטאָ ב'. דאָס געטאָ א' איז געווען באַשטימט אויס־שליסלעך פאַר אַרבעטנדיקע, ד. ה. פאַר אַזעלכע, וואָס האָבן גע־האַט ספּעציעלע אַרבעטס־קאַרטן מיט די אותיות ר. וו. צ. (ריס־טונג, ווערמאַכט, ציוויל). און דאָס געטאָ ב' — פאַר אַלע איבע־ריקע. אין משך פון דער דאָזיקער צייט האָט מען כסדר אַריבער־געפירט קינדער, פרויען, עלטערע און „נישט אַרבעטנדיקע" פון געטאָ א' אין געטאָ ב'.

פאר קינדער ביז 14 יאָר האָט מען געשאַפן אַ קינדער־היים אויף יאָזעפינסקאַ 12 — „צוליב דער באַקוועמלעכקייט פון די אַר־בעטנדיקע מוטערס", ווי עס האָט געקלונגען דער אָפיציעלער דייטש־שער קאָמוניקאַט.

דערוויייל האָבן מיר נאָך געוווינט אין געטאָ א', ווייל דער טאַטע און צוויי שוועסטער האָבן געאַרבעט און די איבעריקע פון דער פאַמיליע זענען נישט אַרויסגעגאַנגען פון שטוב. איך מיט האַלינען פלעגן נאָך אַלץ גיין אויף דער אַרישער זייט, אָבער דאָס איז שוין אָנגעקומען וואָס אַמאָל שווערער, וואָס אַמאָל גע־פערלעכער.

די דראָטן האָט מען שוין דעמאָלט נישט געקענט איבער־שניידן — אַזוי שטרענג איז געווען. איך האָב אָבער געהאַט פיל אַנדערע ענינים אויפן קאָפּ.

אַמערגסטן איז דעמאָלט געווען פאַר די קינדער. ס'איז אַרויס אַ באַפעל, אַז מען זאָל אַלע קינדער אָפּגעבן אין קינדער־היים, וואָס האָט זיך געפונען אין געטאָ ב'. האָבן מענטשן, פאַר־שטייט זיך, מורא געהאַט, און נישט געגלויבט די דייטשן. אַלע זענען אַרומגעגאַנגען זייער אומרויק און איינער האָט דעם אַנ־דערן געפרעגט אַן עצה, וואָס צו טון.

נאָר וואָס איז אַרויסגעקומען פון רעדן?

אַ קינד האָט זיך דעמאָלט אויף דער גאַס נישט געטאָרט ווייזן. אינדערהיים האָט מען אויך נישט געטאָרט האַלטן, ווייל ס'האָט געדראָט טויט־שטראָף. — האָבן טאַקע אַלע געטראָגן די קינדער אין קינדער־היים — אַ ברירה האָט מען געהאַט?

קיינער האָט זיך נישט געריכט, אַז אויך דערמיט וועלן די דייטשן אָפּטון אַ שפּיצל.

דערוויייל האָט זיך ה' ניימאַן דערוווסט, אַז אין באַכניע אַר־בעט מען אויס פאַפירן קיין אונגאַרן. האָט ער מיך ווידער אָנגע־הויבן פייניקן, אַז איך זאָל זיינע קינדער אַוועקפירן קיין באַכניע. און נישט בלויז ה' ניימאַן, נאָר אויך פיל אַנדערע מענטשן האָבן דעמאָלט אָנגעהויבן קומען צום טאַטן מיט בימעס, אַז איך זאָל דורכשוואַרצן זייערע קינדער אויף דער אַרישער זייט.

איך האָב דעמאָלט געקענט אַ וווינונג אַזאַ אויף דער וויטאַ־

סטוואשאַ גאַס, מיט אַ פענצטערל, וואָס איז אַרויסגעגאַנגען אויף דער אַרישער זייט. דאָס איז געווען אַ שמאָל געסעלע, און מענטשן האָבן עס זייער ווייניק באַזוכט. דאָס פענצטערל איז געווען דורך די דייטשן פאַרפּלאָמבירט, אָבער אינדערהויך האָט עס געהאַט אַ פאַרטקעלע, דורך וועלכן מען האָט זיך געקענט דורכשטופּן. דורכן דאָזיקן פענצטערל האָב איך געשוואַרצט די קינדער אויף דער אַרישער זייט און פון דאָרט זיי געפירט קיין באַכניע.

איינמאָל האָב איך אוועקגעפירט אַ זעקס יעריק מיידעלע, אַ זייער אַרטיקע און אַ שטילע. פריער האָב איך זי אַרויסגעשטופּט דורכן פענצטערל, דערנאָך בין איך אַליין אַרויסגעשפּרונגען, אוועקגעפירט זי צום וואַקזאַל און מיט איר געפאָרן קיין באַכניע. אויפן צווייטן טאָג האָב איך אוועקגעפירט איר באַגאַזש. אַ קינד צוזאַמען מיט אַ פּעקל האָב איך קיינמאָל נישט געוואָלט נעמען.

שפּעטער האָב איך אויך דעם קינדס עלטערן געהאָלפן אַרויס־צוקריגן זיך דורכן דאָזיקן פענצטערל. אין באַכניע האָבן זיי זיך אויסגעאַרבעט פּאַפּירן און אוועקגעפאָרן קיין אונגאַרן.

איינמאָל האָב איך דורכן פענצטערל אַרויסגעטראָגן אַ פּיצל קינד אין אַ קישן. ס'האָט געהאַט אפשר אַ דריי־פיר חדשים, נישט מער, מיטן דאָזיקן עופהלע האָב איך נישט געהאַט קיין שום זאָרג, ווייל אויף דער צווייטער זייט האָט דערויף געוואַרט עפּעס אַן עלעגאַנטע פרוי אין אַ דאָראָזשקע, זי האָט צוגענומען ביי מיר דאָס נפשל און איז אוועקגעפאָרן.

דאָס דאָזיקע קינד לעבט. איך האָב פיל קינדער אויף אַזאַ אופן געהאָלפן.

אַממייסטן זאָרג האָב איך געהאַט מיט די קינדער פון ה' נייר־מאַן. ווען ס'איז נאָך געווען רויק האָט ער מיר די קינדער נישט געגעבן, געהאַלטן זיי ביי זיך ביז דער לעצטער מינוט. ערשט ווען ס'איז געוואָרן געפערלעך, ווען מען האָט זיך שוין נישט געקענט ווייזן אין גאַס, האָט ער געבראַכט די קינדער צו מיר איך זאָל זיי ראַטעווען. ער איז ביי אונז געזעסן און געזעסן און איז צו מיר אַזוי לאַנג צוגעשטאַנען, ביז איך האָב מסכים

געווען. איבעריקנס, דער טאַטע האָט געהייסן, האָב איך שוין גע־מוזט איינגיין.

איינמאָל אַ פרייטיק, — דעם 12־טן מערץ 1943 איז דאָס געווען, — זענען פּלוצלינג אַלע געוואָרן אומרויק. אין געטאָ איז אַנטשטאַנען אַ גרויסע באַוועגונג, אַלע זענען אַרומגעגאַנגען פון איין שטוב אין דער צווייטער, געדרייט זיך הין און צוריק, פאַר־באַנדערגעפרעגט זיך. יעדער איינער האָט געפילט אַז עפּעס מוז געשען, — וואָס האָט קיינער נישט געקענט דערגיין. ה' ניימאַן האָט אָבער יאָ עפּעס אויסגעשמעקט און האָט שוין מיר געשטופּט זיינע קינדער.

איך בין געווען פאַרהאַוועט און דערצו קיין קאָפּ נישט גע־האַט, אָבער אַרויסדרייען זיך האָב איך נישט געקענט — איך האָב זיי געמוזט נעמען.

איך האָב זיי איינציקווייז דורכגעשטופּט דורכן פענצטערל און בין מיט זיי אַוועק אויף דער אַרישער זייט. דאָרט האָב איך אָבער נישט געוווּסט וואָס צו טון מיט זיי. אַ גליק, וואָס איך האָב זיך דערמאָנט, וועגן איינער אַ באַקאַנטער הויזוועכטערין אויף בראָדזשינסקי־גאַס און איך בין אַוועק צו איר.

די דאָזיקע וועכטערין איז געווען זייער אַ גוטע, אָבער בשכ־נות מיט איר האָט געוווינט אַ פּאָליציאַנט, האָט זי מורא געהאַט אָפּצוגעבן זיך מיט די קינדער. איך האָב זי אָבער אַזוי לאַנג גע־בעטן, ביז זי האָט מסכים געווען צו באַהאַלטן זיי, אָבער בלויז אויף איין נאַכט. אויף מאָרגן האָט זיך ווידער געשטעלט די פראַגע: וואָס טוט מען מיט זיי?

ה' ניימאַן האָט מיר די קינדער אָפּגעגעבן — און שוין. מער האָט ער שוין פאַר זיי נישט געזאָרגט. איך האָב זיך געמוזט ברעכן דעם קאָפּ, מוטשען זיך מיט זיי און אַליין דערליידיקן אַליין. דערצו איז נאָך ניימאַנס יינגעלע געווען אַזוי אומדערטרעגלעך. אַז איך בין פשוט געווען פאַרצווייפלט. די גאַנצע צייט האָט ער געוויינט נאָך דער מאַמען, און איך האָב אים בשום אופן נישט געקענט באַרויקן. איך האָב אַזוי מורא געהאַט פאַר די דאָזיקע קינדער, אַז איך קען דאָס גאָרנישט באַשרייבן. אָבער וואָס האָב איך געזאָלט טון?

לסוף האָב איך געפונען איינעם אַ פּאָליאַק, וואָס האָט פאַר 300 זלאָטים מסכים געווען אַריבערצופירן קיין באָכניע איין קינד, און איך זאָל, הייסט עס פירן דאָס צווייטע, אויף מאָרגן האָבן מיר זיך מיט די קינדער אַריינגעזעצט אין צוג — יעדער פון אונז אין אַן אַנדער קופּע.

פאָרנדיק מיטן צוג, האָב איך באַמערקט אַ זאַך, וואָס איך האָב פריער קיינמאָל נישט געזען. אונטער יעדן פענצטער, לענג־אויס די געטאָ־ווענט, איז געשטאַנען אַ זעלנער מיט אַ ביקס. דאָס גאַנצע געטאָ איז געווען אַרומגעשטעלט. דאָס האָט מיך שטאַרק דענערווירט. איך האָב זיך זייער געוואָלט דערוויסן, וואָס דאָס באַדייט, כ'האָב אָבער געמוזט פריער אָפּפירן די קינדער.

דערווייל האָט מיין „בחור" ביים פויער אַ גאַנצן וועג געוויינט און געשריען: „איך וויל צו דער מאַמען... איך וויל אין געטאָ"... דער פּאָליאַק האָט זיך פאַרלוירן און נישט געוווּסט, וואָס ער האָט צו טון. אַלע אין צוג האָבן אויף אים כסדר געקוקט און ס'איז געוואָרן אַ גערעדעריי. אַלע ווײַלע האָט אין וואַגאָן געקענט אַ־ריינקומען אַ דייטש.

ווען דער צוג האָט זיך ענדלעך אָפּגעשטעלט און מיר זענען אַראָפּ אין באָכניע, איז ער צו מיר צוגעלאָפן מיט אַזאַ אימפּעט, אַז איך האָב געמיינט, אַז ער וועט מיך פאַר אַלעמען אין די אויגן, אַ פּאַטש טון. ער האָט מיר אַ וואָרף געטון דאָס קינד און איז דערביי געווען אַזוי צעקאָכט, אַז דאָס בלוט האָט אים אַ שפּאַר געטון אין פּנים. וועגן העלפן ווייטער האָט ער אפילו נישט גע־וואָלט הערן.

איך האָב אים געמוזט באַצאָלן און גיין מיט ביידע קינדער אַליין.

פון פּעראָן בין איך אַרויס אָן אַ פּאַפּיר-שיין. מיר איז איצט געלעגן דערין, אַז איך זאָל זיך מיט זיי דערקלייבן אין געטאָ.

אין באָכניע איז דאָס געטאָ געווען פאַרהאַקט מיט ברעטער. אַן ערך אַנדערטהאַלבן מעטער די הויך. אין דער דאָזיקער היל־צערנער וואַנט האָב איך געראַפּט אויסגעפונען עפּעס אַ לאָך, אָדער אַן אָפּגעריסן ברעט, כדי אַריינצוקריכן זיך אינעווייניק. לע־בער, האָב איך געוווּסט, זענען זיכער דאָ, — מען שמוגלט דאָך

אין געטאָ אריין שפייז, — נישט מער מען דאַרף זיי געפינען. בין איך טאַקע ארומגעגאַנגען מיט די קינדער און געזוכט.

לסוף האָב איך געפונען עפּעס א דורכגאַנג און איך האָב זיך אריינגעשמוגלט אין געטאָ.

אין געטאָ האָט מען מיר נישט געוואָלט גלויבן, אַז איך בין א יידיש קינד. מען האָט מיך גערופן „שיקסע" און גערעדט אין מיין אַנוועזנהייט אויף יידיש. זיי האָבן געמיינט, אַז איך פאַר־שטיי נישט.

מיט גרויס מי איז מיר געלונגען צו איבערצייגן זיי, אַז איך בין א יידיש קינד און פועלן, אַז עמיצער זאָל זיך פאַראינטערע־סירן מיט די קינדער.

די קינדער האָבן דאָרט נישט געוואָלט פאַרבלייבן און ווידער געוויינט.

שפּעטער, ווען זיי האָבן זיך שוין דאָרט צוגעוווינט, האָט זיך דעם הער ניימאַן פאַרגליסט צו האָבן זיי צוריק אין קראָקע, וויל ער האָט שוין עפּעס דערשמעקט וועגן באָכניע. האָט זיך די מעשה אָנגעהויבן פונדאָסניי.

יעדן טאָג פלעגט ער צו מיר קומען און גערעדט: „ברענג מיר די קינדער" און „ברענג מיר די קינדער".

איך ווייס נישט פאַרוואָס ער איז צו מיר צוגעשטאַנען ווי א פּיאַווקע. איך האָב שוין קיין שום אַנדער זאַך נישט געקענט טון, וויל איך האָב געוווּסט, אַז פריער אָדער שפּעטער וועל איך מוזן ווידער פאָרן קיין באָכניע, כדי צוריק צו ברענגען די קינדער. איך האָב געוווּסט, אַז ער וועט נישט געפונען קיין אַנדערן, וואָס וועט פאַר זיינע קינדער אַזוי וועלן איינשטעלן דאָס לעבן און זיך פּייניקן מיט זיי, ווי איך. א פּאָלקע וואָלט פאַר קיין שום געלט זיך נישט אונטערגענומען אויסצופירן אַזאַ מין שליחות.

ווען איך האָב שוין געזאָלט פאָרן נאָך זיי, איז מיר געווען זייער ביטער אויפן האַרצן, אָבער שפּעטער, ווען איך האָב זיי בשלום צוריקגעבראַכט, בין איך געווען איבערגליקלעך. איך האָב געוווּסט, אַז די עלטערן האָבן זיי זייער ליב און זיי טוען דאָס אַלץ אויס ליבשאַפט צו זיי. זיי האָבן געלעבט נאָר צוליב די קינדער. בין איך טאַקע נאָך זיי אַוועקגעפאָרן און געוואָלט זיי צוריק־

נעמען. האָט זיך אָבער אַרויסגעשטעלט, אַז די קינדער ווילן נישט צוריקפאָרן. דערהערט „צוריק״ זענען זיי אַנטלאָפן פון מיר און זיך באַהאַלטן.

איך האָב זיך געמוזט אַרומיאָגן נאָך זיי איבערן פעלד, זוכן אין פאַרשידענע באַהעלטענישן און צונעמען זיי מיט געוואַלט. איך פאַרשטיי, פאַרוואָס זיי האָבן מיך פיינט געקריגן; פריער האָב איך זיי צוגענומען מיט געוואַלט פון דער מאַמען און אַרויסגעפירט, און איצט, ווען זיי האָבן זיך שוין צוגעוווינט צו דער „מומען״, נעם איך זיי ווידער צו.

אָבער, דעם אמת געזאָגט, האָב איך זיך אַליין אָנגעמאַכט דאָס גאַנצע פאַרדרייעניש. ווען איך בין געווען אין קראָקע, האָב איך געזען, אַז דאָרט איז אַן אומאָרדנונג; אַז די קינדער זענען ברוד־דיק, אַז זיי האָבן קרעץ — האָב איך דאָס אַלץ דערציילט זייער מאַמען. און דערפאַר האָבן זיי מיך, מסתמא, אַזוי געמוטשעט, אַז איך זאָל די קינדער צוריקברענגען. פאַרשווייגן דאָס אינגאַנצן אָבער האָב איך אויך נישט געקענט, — פאַר די קינדער איז דאָך דאָס געווען אַזוי שלעכט.

שפּעטער האָב איך עטלעכע מאָל געפירט די קינדער אַהין און צוריק, פון קראָקע קיין באָכניע און פון באָכניע קיין קראָקע. ווי נאָר זיי פלעגט עפּעס איינפאַלן אין קאָפּ אַריין, ווי נאָר זיי פלעגן הערן עפּעס נייעס אָדער איינרעדן זיך אַ באָבע־מעשה, פלעגן זיי באַלד קומען צו מיר, אַז זיי מוזן האָבן די קינדער ביי זיך, אָדער פאַרקערט — זיי מוזן אַוועקגעפירט ווערן. זיי פלעגן אַזוי מורא האָבן פאַר די קינדער, אַז זיי האָבן פשוט אויסגעזען ווי משוגע.

שפּעטער האָבן זיי די קינדער אַוועקגעגעבן צו איינער אַ פּוי־לישער פרוי אין קראָקע און געצאָלט צו 100 זלאָטיס אַ טאָג פאַר יעדן קינד. די קינדער פלעגן ביי איר שלאָפן אויף דער ערד און באַקומען אייטערדיקע קרעץ. איך האָב זיי געמוזט צוריק אַריבערשוואַרצן אין געטאָ אַריין. דערנאָך האָט מען זיי ווידער געמוזט אָפּרייסן פון דער מוטער, ווייל ס'איז געווען אַ גרויסע אַקציע אויף קינדער. און אַזוי כסדר.

לסוף האָט די מוטער שוין נישט געהאַט מער קיין געלט, די קינדער האָבן נישט געוואָלט פון איר אַוועקגיין און זי האָט באַ־

שלאָסן מיטצונעמען זיי קיין פּלאַשאָוו אין לאַגער אַריין.

ווען זי איז איינמאָל צוריקגעקומען פון דער אַרבעט מיט דער פּלאַצוווקע פון „אָפּטימאַ", האָט זי מיטגענומען אונטערן מאַנטל איין קינד און האָט עס דורכגעשמוגלט. זי האָט געהאַט אַ ברייטן מאַנטל מיט קלאַשן, האָט זי עס געקענט לייכט באַהאַלטן. דער־נאָך האָט זי דורכגעשמוגלט אויך דאָס צווייטע קינד. אויף אַזאַ אופן האָבן זיי זיך סוף כל סוף, אַריינבאַקומען אין פּלאַשאָווער לאַגער, אין קינדער־היים.

אַזוי האָב איך זיך מיט ניימאַנס קינדער אָנגעמאָרדעוועט, און עס וואָלט מיך נישט אַזוי פאַרדראָסן, ווען זיי לעבן כאָטש.

לייְדער זענען זיי דעם 14 מאַי 1943 אַוועק מיטן גאַנצן קינ־דערהיים אין אוישוויץ אַריין. די מוטער איז דערנאָך אַראָפּ פון זינען. זי איז נאָכגעגאַנגען דעם לאַגער־קאָמענדאַנט געט און איז צו אים כסדר צוגעשטאַנען, אַז ער זאָל איר צוריקגעבן אירע קינדער.

איינמאָל האָט זי דער קאָמענדאַנט אַזוי צעשלאָגן, אַז מען האָט געמיינט, אַז זי וועט שוין מער נישט אויפשטיין. זי האָט נאָך אָבער געלעבט, זי איז ערשט אַוועק מיטן שפּעטערן טראַנס־פּאָרט (איר מאַן האָט מען דערשאָסן אין פּלאַשאָוו גופא). מיך האָבן זיי פיינט באַקומען, ווייל איך פלעג זיי דערמאָנען אין די קינדער. קוקן אויף מיר האָבן זיי נישט געקענט און איך פלעג זיי ווי ווייט מעגלעך אויסמיידן.

אָבער איך האָב געהאַט אָנגעהויבן דערציילן וועגן יענעם פּריי־טיק, ווען איך האָב דאָס ערשטע מאָל דערזען, אַז פּאָליציאַנטן שטייען אויף יעדע עטלעכע שריט, פאַרן געטאָ־מויער. אין געטאָ איז דאַן פאָרגעקומען די ענדגילטיקע ליקווידאַציע.

לכתחילה האָב איך גאָרנישט נישט געוווּסט און צוריקקומענ־דיק פון באָכניע בין איך אַוועקגעפאָרן אויף לימאַנאָווסקע גאַס, ווייל דורך דאָרטן איז לייכטער געווען דורכצוקריגן זיך. אויף לימאַנאָווסקע גאַס זענען געווען נאָר דראָטן.

ווען איך בין אַהין אַריינגעקומען האָב איך דערזען אַזאַ מין סצענע: אויף די תפיסה־שטיגן (אין געטאָ, אַנטקעגן משאַרניעצ־קע גאַס, איז געווען דער בנין פון דער יידישער אָרדנונגס־פּאָליציי

און הינטער אים די תפיסה) — שטייט א דיקער דייטש און ארום אים פיל קליינע קינדער, וואס שרייען, בעטן זיך און וויינען.

וואס זיי האבן גערעדט צו אים, האב איך נישט געהערט, ווייל זייערע באזונדערע שטימען האבן צו אונז נישט דערגרייכט. מען האט נאר געהערט איין גרויס געשריי און א מוראדיק געוויין. זיי האבן אים, ווייזט אויס, עפעס געבעטן, ווייל אלע האבן זיך צו אים געשטופט און מיט תחנונים אויסגעצויגן די הענט.

דער דייטש האט זיך געווארפן ווי א משוגענער, האט גע־מאכט קולות און געדראט די קינדער מיט די פויסטן. לסוף האט ער ארויסגעכאפט דעם רעוואלווער און אויסגעשאסן גלייך אין דער קינדער־מאסע. דעמאלט איז מיטאמאל געווארן שטיל ווי אין אן אויער.

נישט ווייט פון אונז איז ביי א שטשערבאטער וואנט גע־שטאנען א קליין יינגעלע, פון א יאר צען אפשר, האט פונקט אים געטראפן די קויל.

דאס יינגעלע האט זיך פלוצלינג אזוי מאדנע פארקרימט, דערנאך האט ער זיך א בויג געטון אויף א זייט און ארונטערגע־לאזן זיך מאכטלאז אויף דער ערד. מען האט נישט געהערט נישט דעם קלאפ פונם פאלנדיקן קערפער, און נישט זיין געשריי. ארום איז געווען שטיל און די קינדער זענען געשטאנען ווי פארשטיי־נערטע פון שרעק. קיינער פון זיי האט שוין נישט געבעטן מען זאל עם לאזן לעבן.

די פאליאקן, וואס זענען געשטאנען נעבן אונז, האבן אנגע־הויבן אנטלויפן. זיי האבן מורא געהאט, אז דער דייטש וועט אויך אויף זיי שיסן, דערפאר וואס זיי קוקן זיך צו, וואס עס קומט פאר אין געטא. איך בין אבער שטיין געבליבן און ווייטער געקוקט.

איך האב געזען ווי פונם קינדער־המון האט זיך ארויסגעריסן א יידישער פאליציאנט מיט א ווייסן ארעם־באנד און איז צוגע־לאפן צום קינד. ער האט עס אויפגעהויבן און אויף ביידע הענט צוגעטראגן צום דייטש. די קינדער האבן געמאכט א וועג און זיך צוגעקוקט צום קינד, וואס איז געלעגן ביים פאליציאנט אויף די הענט אינגאנצן מאכטלאז, מיט ארונטערגעלאזטע הענטלעך און אן

אראפהענגנדיקן קעפל. דער פאליציאנט איז צוגעקומען צום דייטש און האט צו אים שווייגנדיק אויסגעשטרעקט די הענט מיטן טויטן קינד...

אפשר האט ער דעם מערדערישן דייטש געוואלט באווייזן, אז ער האט דערהרגעט א קינד, און אפשר האט ער אים דערמיט געוואלט רירן און אויסבעטלען ביי אים חסד פאר די איבעריקע, (נאך לעבעדיקע!) קינדער. איך ווייס נישט וואס ער איז אויסן געווען און ווי באלד ער האט געוואגט צוצוגיין צו א דייטש, מאכן אים פארווארפן און בעטן, אז ער זאל די קינדער שענקען דאס לעבן!

אבער פלוצלינג האט זיך אלץ צוזאמענגעמישט. ס'איז אנטשטאנען א מוראדיקער טומל און א געשריי. די קינדער האבן גענומען אנטלויפן, יאגן, פאלן, און איבער אלעם האט זיך געלאזט הערן דאס שרעקלעכע געשריי פונם דייטש: „לאסס דאס קינד היער! איך ערשיססע דיך, איך ערשיססע אויך אללע!"...

דערנאך האט ווידער א קנאל געטון א שאס, א צווייטער, א דריטער און די שיסעריי איז געווארן וואס ווייטער געדיכטער. א שרעק האט פארהוילן מיינע אויגן און איך האב שוין מער גארנישט נישט געזען. איך בין צוזאמען מיט אלעמען אנטלאפן.

איך האב זיך ארומגעדרייט און נישט געוווסט וווהין צו גיין, דערצו האב איך שוין קיין געלט אויך נישט געהאט.

אינאזונט האב איך זיך צופעליק צוזאמענגעטראפן מיט האלינען. זי איז געווען זייער צעשראקן. זי האט זיך, ווייזט זיך ארויס, ארויסגעקריגן פון געטא דורך די אפטריט־קאנאלן.

ווען כ'האב איר דערציילט, אז איך האב זיך געוואלט אריינקריגן אין געטא, האט זי אזש א ציטער געטון. איך וואלט דערמיט באגאנגען — האט זי מיר געזאגט — די גרעסטע משוגעת, ווייל יידן צאלן טויזנטער, כדי פון געטא ארויסצוקריגן זיך. זיי קענען אבער פון אים נישט ארויס, ווייל דאס געטא איז ארומגערינגלט פון אלע זייטן. זי האט זיך צוזאמען מיט א קליין הייפעלע מענטשן ארויסבאקומען דורך די קאנאלן, אבער איצט קען מען שוין דאס אויך נישט מאכן. די דייטשן האבן זיך געכאפט און ביים ארויסגאנג פון קאנאל אוועקגעשטעלט א וואך.

זי האָט מיר געשילדערט אַזעלכע סצענעס, אַז איך קען דערפון נישט רעדן, אַזוי מוט מיר ווי דאָס הארץ ווען איך טראַכט נאָר וועגן דעם...

ווען זי איז אַריינגעגאַנגען אין קאַנאַל, איז אַרום איר געשטאַנען אַ המון קינדער און זיך געבעטן, אַז זי זאָל זיי מיטנעמען. אפילו די קלענסטע קינדער האָבן צוגעזאָגט, אַז זיי וועלן זיך גוט אויפפירן. אַזעלכע קלוגע זענען די קינדער געווען! אַזוי האָבן זיי געפילט, אַז זיי גייען אויפן טויט! אַזוי האָבן זיי זיך געוואָלט ראַטעווען! אַזוי האָבן זיי געוויינט און זיך געבעטן רחמים!...

ווען האַלינקע האָט מיר דאָס אַלץ דערציילט, האָב איך נישט געקענט הערן. האַלינקע האָט דערביי געוויינט, ווייל זי האָט דאַן לײדער קיינעם פון די קינדער נישט באַוויזן צו ראַטעווען.

שבת, צען אינדערפרי האָבן דאָס געטאָ פאַרלאָזט די אַלע וואָס האָבן געהאַט אַרבעטס־קאַרטעס מיטן שטעמפּל פון געשטאַפּאָ אויף פּאַמאַרסקע, מיט די אותיות וו. ז. אָדער ר. דאָס זענען געווען איינוווינער פון געטאָ א', וואָס איז ליקווידירט געוואָרן. אַרום עלף אַזייגער זענען געגאַנגען די גרעסערע פּלאַצוווקעס, ווי „אָפּטימאַ" און אַנדערע.

געפירט האָט מען זיי אויפן בית עלמין אויף יעראָזאָלימסקע; דאָרטן זענען ביי אויסגעגראָבענע קברים געשטאַנען באַראַקן, אַרומגערינגלט מיט שטעכל־דראָטן.

אַלע איבעריקע האָבן געמוזט פאַרבלייבן אין געטאָ און אומקומען. יעדער איינער האָט דאָס אויסגעצייכנט געוווסט. מיט שרעק אין די אויגן האָבן זיי געקוקט אויף די יעניקע, וואָס גייען אַרויס.

אַמערגסטן אָבער איז געווען מיט די קינדער. די מוטערס האָבן זיי נישט געטאָרט מיטנעמען. זיי האָבן געמוזט פאַרבלייבן. דאַקעגן האָט מען געקאָנט איבערבלייבן מיט די קינדער אין געטאָ און צוזאַמען אומקומען. דאָס האָבן די דייטשן דערלויבט. אָפט פלעגן זיי כאַפּן וויינענדיקע קינדער און פאַרטשעפּן אַרויסגייענדיקע פרויען:

— ווײנט דאָס דיין קינד? ווילסטו מיט אים פאַרבלייבן?...

ס'זענען געווען פיל מוטערס, וואָס האָבן נישט געוואָלט פאַר־

בלייבן, כדי צו גיין צוזאמען מיט די קינדער אויפן טויט. ס'זע־נען אָבער אויך געווען אַ סך אַזעלכע, וואָס זענען פרייוויליק פאַרבליבן מיט די קינדער. עס זענען געווען פיל פאַלן, ווען אַ טאַטע און אַ מאַמע זענען צוזאַמען פאַרבליבן צוליב איין קינד — צוזאַמען זענען זיי געגאַנגען צום טראַנספּאָרט און צוזאַמען אומ־געקומען.

איין פרוי, וואָס האָט געוווינט איבער אונזער וווינונג, האָט גע־האַט אַן אויסערגעוויינלעך שיין מיידעלע פון אַכט יאָר, מיט לאַנגע בלאָנדע האָר, אַלעמאָל גוט פאַרפלאָכטן. די עלטערן האָבן זי זייער ליב געהאַט און כאָטש ביידע האָבן געאַרבעט און זיך דעריבער געקענט ראַטעווען, האָבן זיי זיך דאָך מקריב געווען פאַרן קינד און צוזאַמען מיט איר אומגעקומען.

אפילו דאָס קלענסטע קינד האָט געוווּסט, אַז עס גייט צום טויט און האָט מורא געהאַט אַליין צו שטאַרבן. אַלע האָבן זיך געבעטן, אַז מען זאָל מיט זיי פאַרבלייבן.

מיינע עלטערן מיט ליאַליען זענען אַרויסגעגאַנגען, ווייל זיי האָבן געהאַט אַרבעטס־רעכט. פאַרבליבן זענען נאָך העליע (13 יאָר אַלט), גוסטע (14 יאָר), איגנאַץ (15 יאָר) און רעניע (16 יאָר). וואָס מיט זיי איז געשען האָבן מיר נישט געוווּסט.

אויף מאָרגן האָבן מיר באַגעגנט אויף די קשעמיאַנקעס אינ־גאַצן מיט העליען. זיי האָבן אונז דערציילט, אַז זיי זענען אַרויס־געגאַנגען נאָך מיט אַ טאָג פריער דורך אַ קאַנאַל אַלס איינע פון די לעצטע.

גוסטען און רענען האָט דער טאַטע פאַרשלאָסן אין אַ באַהעל־טעניש ביי דער פרוי דרעננער אויף רינעק 13 אויפן ערשטן שטאָק.

דאָס איז געווען אַן אויסגעצייכנט באַהעלטעניש.

פריער איז געגאַנגען אַ קלאָזעט, פון וועלכן עס האָט געטראָגן אַ שרעקלעכער אוויר, אַזוי אַז דאָס שטיקעניש האָט יעדן גע־טריבן פונם שוועל, אין קלאָזעט ווידער איז געווען אַ גוט פאַר־מאַסקירטע טיר, וואָס האָט געפירט צו אַ פינצטערן קאָרידאָר. די טיר איז געווען פאַרשטעלט מיט אַן אַלטער, ברודיקער שאַפע, דורך דער שאַפע איז מען אַריינגעגאַנגען אין אַ קליין צימערל,

וואָס קיינעם איז גאָר נישט איינגעפאַלן, אַז ער קען עקזיסטירן.

געזעסן זענען דאָרט 12 פּערזאָן. די גאַנצע צייט איז אָבער קיינער פון דאָרט נישט אַרויסגעגאַנגען. אַרויסגיין פלעגט נאָר וויקטאָר טענענבוים דורכן דאַך־פענצטערל און פון דאַך זיך אַראָפּרוקן אויפן גאַנעק. אויף אַזאַ אופן האָט ער זיך פּשוט מקריב געווען און אַלעמען געראַטעוועט. ער פלעגט ברענגען עסן, צוגעבן מוט — פאַר קיינעם האָט ער קיין מורא נישט געהאַט.

ער האָט זיך צוגעגרייט אייזערנע דרענגער פאַר די דייטשן און האָט געזאָגט, אַז לעבעדיק וועט מען אים נישט כאַפּן — ווי נאָר זיי וועלן אַנטדעקן דאָס באַהעלטעניש און פּרוּוון צונעמען די מענטשן, וועט ער זיך אויף זיי וואַרפן מיט אייזערנע דרענגער און וועט זיך פאַרטיידיקן ביזן לעצטן אָטעם.

זיי וועלן אים נישט אַריינקריגן אַזוי לייכט אין די לאַפּעס — פלעגן אַלע זאָגן — פריער מוז ער אַוועקלייגן עטלעכע מערדער און ערשט דערנאָך וועט ער אומקומען.

דאָס איז געווען אַ ליבער, טיכטיקער יונגל. צוליב אים האָבן זיך אַלע געראַטעוועט, אַחוץ דער פרוי הרענגער. זי איז אומגעקומען צוליב איר אייגענער שולד, ווייל זי איז אַרויס פון דעם באַהעלטעניש צוזאַמען מיט די קינדער, כאָטש וויקטאָר האָט איר געוואָרנט.

דאָס באַהעלטעניש איז געווען אויסגעצייכנט. גאָט אַליין האָט דאָרט אַרומגענישטערט צוזאַמען מיט פייגלען. אַ הונט האָט בשעת מעשה אָנגעהויבן בילן, ווייל ער האָט געפילט מענטשן, אָבער געפינען האָט מען קיינעם נישט געקענט.

זונטיק האָט מען אין געטאָ אַ גאַנצן טאָג געהערט אַ שיסעריי. די דייטשן זענען אַריין אין שפּיטאָל און אויסגעשאָסן אַלע קראַנקע צוזאַמען מיט די דאָקטוירים און די קראַנקן־שוועסטער.

די אוקראַינער זענען נאָך שבת אַריין אין געטאָ. זיי האָבן געפרעסן, געזויפט, צעהאַקט קינדערישע קעפּלעך אָן די ווענט. געזען מיט מיינע אויגן האָב איך דאָס נישט, איך האָב אָבער געהערט פון אַנדערע. דאָס, וואָס איך האָב יאָ געזען, זענען גרויסע, שוואַרצע אויטאָס, וועלכע זענען זונטיק פרי געשטאַנען אויפן פּאָדגורער מאַרק הינטער דער קירכע. אַלע אויטאָס זענען

געוועזן געדעקט. 12 שטיק האָב איך געזען. געוויינלעך פלעגן דאָרט קיין אויטאָס קיינמאָל נישט שטיין.

דערנאָך האָב איך ווידער געזען אויטאָס, שוין אָפענע. געפאָרן זענען זיי מיט דער לימאַנאָווסקע גאַס. ס'איז געווען אַ שיינער, זוניקער זונטיק. מענטשן זענען דאַן פונקט אַרויסגעגאַנגען פון דער קירכע און זענען פאַמעלעך געגאַנגען אַהיים. פלוצלינג האָט מען דערזען אויטאָס, האָט זיך יעדער איינער אָפּגעשטעלט און געקוקט.

די אויטאָס זענען געווען פול מיט יידן. געפאָרן זענען זיי גאַנץ לאַנגזאַם. אויף אייניקע אויטאָס זענען געפאָרן אויסשליס-לעך קינדער, אויף אייניקע עלטערע, און אויף אַנדערע געמישט.

אין איין אויטאָ האָב איך דערקענט אַ געוויסע פרוי גרינבערג, פון אַ בעקעריי. ביי איר איז נאָר וואָס געהאַט געבוירן געוואָרן אַ קינד. ס'איז אַלט געווען אפשר אַ צוויי וואָכן, נישט מער. זי איז געשטאַנען צוגעדריקט צום ראָג פון אויטאָ מיטן קינד אויף די הענט און זיך געוויגט אין אַלע זייטן. מען האָט געזען, אַז זי איז זייער שוואַך און זי קען זיך נישט האַלטן אויף די פיס.

פון פאָרנט איז געזעסן אַ דייטש מיט אַ ביקס און דאָס זעלבע אויך פון הינטן.

די גאַנצע גאַס איז געווען אַרומגעשטעלט מיט מיליטער און מען האָט זיך נישט געטאָרט פאַרהאַלטן. וועגן אַנטלויפן האָט קיין רייד נישט געקענט זיין.

אַזעלכע אויטאָס זענען געפאָרן זייער פיל. אייניקע האָבן גע-זאָגט אַז 40, אַנדערע אַז 60. (מענטשן האָבן געפּרווט ציילן).

אַממערסטן האָט אַלעמען געוווּנדערט דאָס, וואָס מען האָט נישט געהערט נישט קיין געוויין, נישט קיין געשרייען — די יידן זענען געפאָרן אין דער גרעסטער שטילקייט.

איך האָב דעמאָלט ווידער געמוזט מאַכן פליטה. ווייל איי-נער אַ יינגל האָט מיך דערקענט און זיך אָנגערופן צום צווייטן:

— זע, דאָס איז דאָך וואַרשאַווסקיס טאָכטער !...

געזאָגט האָט ער עס שטילערהייט, אָבער אַלע האָבן געהערט, אָנגעהויבן זיך צוקוקן און גענומען מורמלען: "זשידוווקאַ"... „זשידוווקאַ"...

ס'איז נאָך גוט, וואָס מיר איז דאַן געלונגען צו אַנטלויפֿן. איך בין געווען אַ דרייסטע און מיר האָט זיך געדוכט, אַז איך האָב פֿאַר קיין זאַך קיין מורא נישט. ווען איך האָב אָבער געזען פֿון דער נאָענט, וואָס די דייטשן טוען אָפּ מיט די יידן, האָב איך זיך פֿונדעסטוועגן גאַנץ פֿיין געשראָקן און אַנטלאָפֿן, אומ־קומען האָט זיך מיר נישט געוואָלט.

שפּעטער האָב איך געזען פּלאַטפֿאָרמעס מיט איינגעשפּאַנטע פֿערד, וואָס זענען געווען פֿול מיט טויטע קערפּערס, צוגעדעקט מיט פֿאַרבלוטיקטע קאָצן. די קערפּערס האָבן נאָך געציטערט... דאָס איז געווען אַזוי שרעקלעך, אַז איך קען וועגן דעם ממש נישט רעדן.

שפּעטער זענען איבער אַלע הייזער, בוידעמס און בונקערס אַרומגעגאַנגען דייטשן מיט יידישע אָרדנונגס־פּאָליציאַנטן און געהאַקט מיט העק, געבראָכן, געשטאָכן און געהאַלטן אין איין זוכן באַהאַלטענע יידן. מען האָט דעמאָלט זייער פֿיל יידן אַרויס־געשלעפּט, ווייל די זוכענישן האָבן געדויערט עטלעכע חדשים.

פֿון אָנהויב זענען געגאַנגען גאַנצע מאַסן געפֿונענע יידן. זיי האָבן אויסגעזען ווי גרויסע „פּלאַצוווקעס". מען האָט צו זיי נאָך צוגעגעבן אַלע יידן, וואָס האָבן געלעבט אויף אַרישע פּאַפּירן און זענען אַריינגעפֿאַלן.

ווען זיי האָבן אָנגעהויבן גיין, איז דער קאָפּ פֿון צוג געווען אויף וויעליטשקאַ־גאַס און דער עק — אין געטאָ. צווישן זיי זענען געווען פֿיל עלעגאַנטע דאַמען אין פּעלצן, וועלכע זענען אַרעסטירט געוואָרן אויף דער אַרישער זייט. אַנדערע זענען געווען שוואַרץ פֿון שמוץ, אויסגעהונגערט און שרעקלעך דאַר. דאָס זענען אַלץ געווען מענטשן פֿון די בונקערס. זיי זענען אַלע געגאַנגען קיין פּלאַשאָוו הינטער „קאָזיאַ גורקאַ", כדי דאָרט דערשאָסן צו ווערן.

שפּעטער זענען שוין געגאַנגען קליינע גרופּקעס, צו הונדערט — הונדערט פֿופֿציק מאַן. איך האָב דאָס אַלץ אַליין געזען, ווייל איך בין דאָך די גאַנצע צייט געווען אין פּאָדגוזשע.

אין אַ געוויסער צייט אַרום האָב איך פֿאַר האַלינען געקויפֿט

אַ קאַטוילישע מעטריקע און אָפּגעפּירט זי צו פּאָליאַקן קיין באַבאָוו.

אַליין האָב איך געוווינט אין קראָקע און געהאַנדלט. טאָג־טעגלעך פלעג איך גיין אין די וואַרשטאַטן פון „אָפּטימאַ“ אויף ווענגערסקאַ גאַס; דאָרטן האָבן געאַרבעט יידן. געפונען האָבן זיך די וואַרשטאַטן אויסערן לאַגער, און דאָך פלעגן די יידן אַהין קומען מיט פּלאַצוווקעס. איך פלעג פאַר זיי קויפן שפּייז און בגדים אין דער שטאָט, און זיי פלעגן עס דערנאָך דורכשמוגלען אין לאַגער אַריין. איך פלעג זיי אויך טראָגן בריוו און דערביי גוט פאַרדינען.

פאַרן געלט, וואָס איך האָב פאַרדינט, פלעג איך איינקויפן שפּייז און שיקן טעגלעך פאַר די עלטערן אין לאַגער, ווייל דאָרטן איז געווען אַ שרעקלעכער הונגער. איך האָב דעמאָלט אויסגעהאַלטן די גאַנצע פאַמיליע.

אַזוי האָט עס געדויערט זעקס חדשים. נעט האָט דעמאָלט מער נישט דערלויבט די יידן אַרויסצוגיין פון לאַגער און מען האָט די „אָפּטימאַ“ געשלאָסן.

דאָס איז געווען, געדענק איך, נאָכדעם ווי מען האָט ליקווידירט דעם געטאָ אין טאַרנאָוו. ד. ה. נאָכן 3־טן סעפּטעמבער 1943. צו יענער צייט האָט מען אַריבערגעטראָגן אַלע וואַרשטאַטן אין לאַגער אַריין אויף יעראָזאָלימסקע, און איך בין פאַרבליבן אָן אַרבעט.

„אָפּטימאַ“ איז שוין נישט געווען. די יידן איז נישט דערלויבט געווען אַרויסצוגיין אין שטאָט אַריין. קיין באַקאַנטע מענטשן זענען אין ערגעץ נישט געווען. סאַמע פרעמדע פּנימער. וואָס צו טון האָב איך נישט געהאַט, איז מיר געוואָרן זייער טרויעריק.

אַלע זענען געווען אין לאַגער — די עלטערן, די שוועסטער, דער ברודער, די באַקאַנטע. בלויז מיר ביידע — איך מיט האַליינען — זענען געווען אין דער שטאָט. ס'האָט אונז געצויגן אין לאַגער, צו אונזערע נאָענטע, צו די יידן.

מיר פלעגן דעריבער אָפט צוגיין צו די דראָטן, אַריינקוקן אינעווייניק און אַריבערוואַרפן פּעקלעך. מיר האָבן נישט געוווסט, אַז דאָס איז זייער געפערלעך.

בכלל האָבן מיר נאָך נישט געהאַט קיין באַגריף, ווי עס זעט אויס אין לאַגער. מיר האָבן געמיינט, אַז דאָס איז אַ מין געטאָ.

איינמאָל זענען מיר צוגעקומען נאָענט צו די דראָטן. דאָרטן זענען געווען דאָפּלטע שטעכל־דראָטן, אָנגעלאָדן מיט עלעקטרע. אויף יעדע עטלעכע מעטער זענען געשטאַנען וואַך־טורעמס, ווו עס זענען געזעסן אוקראַינישע וואַכלייט, באַוואָפנט מיט מאַשין־געווער און רעפלעקטאָרן אַחוץ דעם האָבן זיך אַרומגעדרייט פּאַטרולן.

מיר האָבן געוואָלט אַריבערוואַרפן אין לאַגער בנ׳ויט פאַרן טאַטן. הינטער די שטעכל־דראָטן האָבן מיר געזען אַרבעטנדיקע יידן, האָבן מיר געמיינט, אַז דאָס איז נישט שווער. מיר האָבן געהאַט בדעה צוצורופן איינעם אַ ייד, וואָס האָט הינטער די דראָטן געפירט זאַמד, אַז ער זאָל כאַפּן דאָס ברויט.

מיטאַמאָל איז פונם ביידל אַרויסגעקומען אַן אוקראַינער און האָט אונז געכאַפּט אויף דער הייסער מינוט.

— „וואָס טוט איר דאָ?" — האָט ער אונז געפרעגט.

מיר האָבן זיך זייער דערשראָקן, אײַנגאַנצן זיך פאַרלוירן און זיך אויפן אָרט מודה געווען, אַז מיר האָבן דאָ עלטערן און אַז מיר האָבן דאָס געוואָלט אַריינקומען צו זיי אין לאַגער און איבערגעבן זיי ברויט.

אַממערכטן האָבן מיר געוויינלעך מורא געהאַט פאַר אוקראַינער. אָבער דער אוקראַינער האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר גאָרנישט אַזוי שרעקלעך. ער האָט געזאָגט, אַז מיר זענען נאַריש; אַז אין לאַגער איז יידן זייער שלעכט, אַז דאָרטן איז אַ הונגער, אַז מען שלאָגט דאָרט, און מען שיסט און אַז כל זמן מיר געפינען זיך אויף דער פריי, דאַרפן מיר זיך נישט שטופּן אין לאַגער אַריין.

ער האָט אונז אויך געראַטן, אַז מיר זאָלן נישט צוקומען צו די דראָטן, ווייל אויב מען וועט אונז דאָ כאַפּן, וועט מען אונז שיסן. מיר דאַרפן אויך זיין פאָרזיכטיק, האָט ער געזאָגט, און נישט אַרומגיין אין גאַס אין צווייען, ווייל האַלינע איז דאָך אַ ברונעטקע, וועט מען צוליב איר באַלד דערקענען, אַז אויך איך בין אַ יידישקע.

ער האָט אונז צוגעזאָגט, אַז ער וועט דאָס ברויט אָפּגעבן דער

שוועסטער און האָט געפרעגט, ווי זי הייסט. דאָס האָט אונז פולשטענדיק איבערראַשט. מיר האָבן נישט געוווּסט, צו מיר זאָלן אים גלויבן. מיר האָבן נאָך קיינמאָל נישט געהערט וועגן ערנסטלעכע אוקראַינער. מיר האָבן כּסדר געהערט נאָר שלעכטס וועגן זיי.

מיר זענען פון אים אַוועק גליקלעכע, וואָס ער האָט אונז נישט אָנגערירט, אָבער מיר האָבן זייער מורא געהאַט פאַר אונזער שוועסטער אין לאַגער. דערנאָך האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן, אַז ער איז ווירקלעך געווען אַ גוטער און האָט אַוועקגעטראָגן ליאָליען דאָס ברויט אין לאַגער.

ליאָליע האָט מיר שפּעטער דערציילט, אַז ווען ער איז אַריין אין דער פאַבריק און האָט אויסגערופן איר נאָמען, האָט זי געמיינט, אַז זי וועט אויסגיין פון שרעק. לסוף האָט ער זי אַוועקגערופן אין אַ זייט, הינטער דער טיר, און האָט איר בגנבה אַריינגערוקט אין דער האַנט דאָס ברויט.

נאָך דער דאָזיקער מעשה האָבן מיר שוין אַ געוויסע צייט מורא געהאַט צוצוגיין צו די דראָטן. אָבער מיר האָבן נישט געקענט רוען. ס'האָט אונז אַהין געצויגן. מיר האָבן געוואָלט העלפן די עלטערן. איך האָב געפילט, אַז איך מוז זיין מיט אַלעמען, כאָטש איך זאָל דערביי הונגערן. איך האָב נישט געוואָלט זיין אַליין. איך בין געווען זיכער, אַז פריער אָדער שפּעטער וועל איך אַהין גיין.

און איך בין ווידער אַוועק צו די דראָטן. צוזאַמען מיט מיר האָט זיך אויסגעקליבן אויך האַלינע, זי האָט געטראָגן ברויט און נאָך איינע אַ פאָלקע — יוזיע האָט זי געהייסן, — זי האָט געמיינט, אַז איר וועט געלינגען פאַרקויפן פּוטער אין לאַגער אַריין.

ביי די דראָטן האָט אונז אָבער באַמערקט עפּעס אַ יונגל, פון אַ יאָר אַכט אפשר, און ער האָט פאַרשטאַנען, אַז מיר זענען יידישקעס. באַלד איז ער אַוועקגעלאָפן צו די אוקראַינער פון וואַך-ביידל און האָט זיי געזאָגט, אַז פאַר 10 זלאָטיס קען ער זיי ווייזן צוויי יידישקעס. איז אָנגעקומען אַן אוקראַינער און געהייסן ווייזן לעגיטימאַציעס. פאַר דער צייט, וואָס ער האָט זיך באַשעפטיקט מיט דער פרוי יוזיע און האָט אויסגעפרעגט האַלינען

האָב איך זיך אָפּגערוקט אין א זייט, זיך איינגעבויגן, כדי צו שפּילן זיך כלומרשט מיט שטיינדלעך און כ'האָב מיר ביסלעכ־ווייז גענומען אָפּציען.

דער אוקראַינער האָט די פרוי יוזיע באַפרייט און האַלינען פאַרנומען אין וואַך־ביידל. פירנדיק זי אזוי האָט ער זיך פּלוצלינג דערמאָנט אין מיר. ער האָט זיך אַרומגעקוקט אויף אַלע זייטן און האָט מיך דערזען פונדערווייטנס.

— שטיי, ווייל איך וועל שיסן! — האָט ער גענומען שרייען.

איך האָב זיך אומגעקערט — א ברירה האָב איך געהאַט — און אויף אַזא אופן זענען מיר ביידע אַריינגעפאַלן צו דער דייטשער וואַך. דער אוקראַינער איז געווען שטאָלץ, וואָס ער האָט אונז געכאַפּט. דער דייטש, וואָס האָט אונז אויפגענומען, האָט לכתחילה גאַרנישט געוואָלט גלויבן, אז מיר זענען ייִדישע קינדער, דער אוקראַינער האָט אים אָבער סוף כל סוף איבערצייגט, און מען האָט אונז אַוועקגעשטעלט אין א זייט.

מיר האָבן געציטערט, ווייל מיר האָבן געוווּסט, אז די וועמען מען כאַפּט אויף אַרישע פּאַפּירן און בפרט קינדער, שיקט מען הינטער קאַזיאַ־גורקאַ און דאָרט שיסט מען זיי.

מיר האָבן אָבער דעמאָלט געהאַט אַן אויסערגעוויינלעך גליק ווייל מען האָט אונז נישט געשיקט אויפן טויט, נאָר אין לאַגער אַריין. מען האָט אונז צוגעטיילט צום בלאָק נומער 13.

דאָס ערגסטע איז געווען אין לאַגער דער הונגער. די מענטשן האָבן די גאַנצע צייט געטראַכט און גערעדט נאָר וועגן עסן. לכתחילה האָב איך עס נישט פאַרשטאַנען, ווייל איך בין נישט געווען אַזוי אויסגעהונגערט ווי אַנדערע. שפּעטער אָבער, ווען איך בין שוין געווען א לענגערע צייט אין לאַגער, האָב איך זיך אויפגעהערט צו וווּנדערן, גענומען אַליין „אָרגאַניזירן", וואָס עס האָט זיך געלאָזט.

ס'איז נאָך געווען א גליק, וואָס איך האָב נישט געאַרבעט; איך האָב נישט געמוזט אויפשטיין 5 אַזייגער אינדערפרי און שטיין שעהנווייז אויפן אַפּעל. איך בין בכלל נישט געווען אויפן „שטאַנד". איך פלעג שלאָפן ביז מיטאָג, כדי נישט צו פילן דעם הונגער. דערנאָך פלעג איך גיין גנבענען קאַרטאָפל אין שייל־

באַראַק. די מאַמע האָט דאָרט געאַרבעט, אָבער זי האָט נישט געהאַט קיין דרייסטקייט צו גנבענען.

מיר זענען געווען אַ גרעסערע צאָל קינדער, וואָס האָבן זיך אויף אַזאַ אופן „געדעקט", ד. ה. נישט געאַרבעט און נישט גע־ווען אויפן „שטאַנד". אין אונזער באַראַק אַליין זענען געווען ביי צוואַנציק קינדער אַזעלכע. מיר האָבן נישט באַקומען קיין שום עסן און געמוזט „אָרגאַניזירן", כדי נישט צו נעמען ביי דער מאַמען איר פּאָרציע.

מיר זענען געווען גוט אָרגאַניזירט. מיר פלעגן זיך אַרומדרייען ביים שייל־באַראַק און ביי דער קיך און ווי ס'פלעגט זיך נאָר מאַכן אַ געלעגנהייט, פלעגן מיר זיך תיכף אַהין אַריינכאַפּן און דאָרט לקחנען קאַרטאָפל. דערנאָך פלעגן מיר אַוועקגיין הינטערן באַראַק, פונאַנדערלייגן אַ פייער און באַקן זיי.

מען האָט געמוזט גוט אַכטונג געבן, אַז קיינער זאָל דאָס נישט באַמערקן. מיר פלעגן דעריבער אַרומשטעלן פון אַלע זייטן וואַכן, וואָס פלעגן אונז וואָרענען, ווען עמיצער פלעגט זיך דער־נענטערן. אין אַזאַ פאַל פלעגן מיר מאָמענטאַל פאַרשיטן דעם פייער און צעלויפן זיך אין אַלע זייטן.

מער פון אַלעמען האָבן מיר מורא געהאַט פאַר געטן גופא. ער פלעגט געוויינלעך אַרויספאָרן מיט הינט אויף אַ ווייסן פערד. דער אָטעם פלעגט זיך ביי אונז אָפּשטעלן פאַר שרעק, ווען ער פלעגט זיך באַווייזן. מיר פלעגן זיך דעמאָלט באַהאַלטן אין די ערגסטע לעכער. ס'איז נישט געווען קיין פאַל, אַז ער זאָל עמיצן נישט דערשיסן. ער פלעגט אפילו אַריינגיין אין באָד, ווען פרויען פלעגן זיך דאָרט וואַשן, און שלאָגן זיי דאָרט מכות רצח.

ווען ער פלעגט אַרויסלאָזן אַ באַפעל, פלעגט אין משך פון איין טאָג אויסגעבויט ווערן אַ באַראַק, אין קעגנפאַל פלעגט ער דערשיסן דעם בוי־מייסטער. מענטשן פלעגן אַרבעטן פיבערהאַפט גאַנצע נעכט. ס'איז געווען זייער און זייער ביטער.

איך האָב זיך פולשטענדיק געענדערט. פריער האָב איך גע־האַט שיינע צעפּ, איצט האָב איך זיי געמוזט לאָזן אָפּשנייַדן, ווייל אין די האָר האָבן זיך פאַרפלאָדיעט לייז. ס'איז נישט געווען

נישט קיין זייף און נישט קיין וואסער. אלע זענען מיר ארומגעגאנגען שמוציק, אפגעריסן און אייביק הונגעריקע.

מיר זענען דעמאלט געווען א היפשע צאל קינדער.

אין לאגער זענען קינדער אריינגעפאלן אויף פארשידענע אופנים. א געוויסע צאל איז אהין אריינגעקומען לעגאל. דאס זענען על פי רוב געווען קינדער פון „ארדנונגס־פאליציאנטן", וואס האבן געארבעט ביים ליקווידירן די געטאס און מען האט זיי דערויבער צוגעזאגט צו שענקען זייערע קינדער דאס לעבן.

איניקע קינדער זענען אריינגעשמוגלט געווארן דורך מאמעס אין רוק־זעק, אין קעסטלעך, אין שאפעס, אונטער די מאנטלען. עס זענען אויך געקומען אביסל הויכע און דיקע מיידלעך, וועלכע פלעגן זיך נאך אנפעלצן, טראגן שיך אויף הויכע אפצאסן און מאכן אזוי ארום אן אנשטעל, אז זיי זענען דערוואקסענע.

א קליינע צאל קינדער איז געקומען אין לאגער, ווייל מען האט זיי געכאפט אויף ארישע פאפירן. אבער דאס איז שוין געווען שפעטער.

אט די אלע קינדער האבן זיך געמוזט ארויסבאהאלטן, ווייל זיי זענען נישט געווען אויפן „שטאנד". אינדערפרי, ווען די קאנטראל פלעגט פארקומען, פלעגט מען זיי פארבעטן אין די קאיעס און צודעקן זיי, ווי קיינמאל גארנישט. שפעטער פלעגן זיי איינציקווייז ארויסקריכן פון די פארבעטע קאיקעס און ארומדרייען זיך אויף דער „פריי".

דאן האט געט געהייסן גרינדן א קינדערהיים. האט מען דערצו איינגעארדנט א באראק אין דער הויך אויף די קשעמיאנקעס. אלס קאמענדאנטקע און פארוואלטערין איז דארט באשטימט געווארן פרוי מאנדעלבוים, די אמאליקע לערערין פון דער הולעוויטש. דארטן איז, וואס אן אמת, נישט געווען אמערגסטן, ווייל די קינדער האבן באקומען בעסער עסן און די מאמעס האבן זיי יעדן טאג געקענט באזוכן.

אזוי האט עס געדויערט ביז א פינף חדשים בערך.

נישט אלע מאמעס האבן אבער אוועקגעגעבן זייערע קינדער. פיל האבן מורא געהאט און געהאלטן פאר גלייכער צו האלטן זיי ארום זיך. שפעטער אבער, ווען מען האט אין לאגער אראפ־

געבראַכט אויפֿזעערינס, האָט מען זיי שוין מער נישט געקענט האַלטן אַרום זיך, ווייל די אויפֿזעערינס האָבן זייער גענוי קאָנ־טראָלירט דעם באַראַק און אַז מען האָט אַמאָל געפֿונען עפּעס אַ קינד, האָט מען געשלאָגן מכות רצח. אויף אַזאַ אופֿן האָט מען אַלעמען געצוווּנגען אָפּצוגעבן די קינדער אין קינדער־היים.

איך בין אָבער, נישט געקוקט אויף אַלעמען, אין קינדערהיים נישט געגאַנגען. איך פֿלעג גיין אַהין עסן, ווייל דאָס שפּייז איז דאָרט געווען בעסער, אָבער שלאָפֿן האָב איך דאָרט נישט גע־וואָלט.

איינמאָל האָט מען דעם באַראַק אָפּגעצוימט מיט דראָט און די מאַמעס האָבן באַקומען אַ דערלויבעניש צו באַזוכן זייערע קינדער נאָר פֿון 8 ביז 10 אַזייגער אינאָוונט.

פֿון דעמאָלט אָן האָבן די מוטערס, נישט געהאַט קיין רו. דאָס איז געווען אין די טעג, ווען מען האָט געשמועסט, אַז די רוסן דערנענטערן זיך צו וואַרשע.

דעמאָלט האָט מען אין לאַגער שוין נישט געשאָסן. מען האָט דערציילט, אַז אַמעריקע האָט געשטעלט די דייטשן אַן אולטי־מאַטום, אַז פֿאַר יעדן דערהרגעטן ייד וועלן דערשאָסן ווערן עט־לעכע דייטשן. דערמיט האָט מען זיך געטרייסט און מען האָט געמיינט, אַז קיין שום שלעכטס וועט שוין נישט געשען.

די קינדער איז דאָן געווען אין קינדערהיים נישט שלעכט. מען האָט זיי אַפֿילו פֿאַרבעסערט דאָס עסן.

דעם ערשטן מאַי 1944 איז אין לאַגער דאָס ערשטע מאָל געפֿאַלן דאָס וואָרט „סעלעקציע"... פֿינף און צוואַנציק טויזנט מע־נער און פֿרויען האָבן געמוזט דורכגיין פֿאַר אַ ספּעציעלער קאָמיסיע אויפֿן פּלאַץ פֿולשטענדיק נאַקעט. די קאָמיסיע איז באַשטאַנען פֿון געט, מענשעל און אַ דאָקטאָר פֿון בערלין. זי האָט אָפּגע־טיילט די געזונטע מענטשן פֿון די שוואַכע, דאַרע און שלעכט אויסזעענדיקע.

אָבער אויך דאָס מאָל האָבן מענטשן געזאָגט, אַז ס'איז נישט־טאָ וואָס זיך צו באַאומרויקן: די אַמעריקאַנער שיקן אַ סך שפּייז קיין אייראָפּע, — האָט מען זיך קענזייטיק אויפֿגע־קלערט, — קלויבן עס אויס די דייטשן די שוואַכע און די דאַרע,

כדי זיי בעסער צו באשפייזן; דער פראָנט איז שוין נאָענט, ווילן די דייטשן נישט ווייזן די אמעריקאנער די שלעכט־אויס־זעענדיקע מענטשן אין לאגער.

דעם 14 מאי איז קיין ארבעט נישט געווען. מען האָט גע־דאַרפט אויפשטיין מיט צוויי שעה פריער ווי געוויינלעך און צענדליקווייז גיין אויפן פּלאַץ. קיינער האָט אין באראק נישט געמאַרט פארבלייבן. אויך איך און עטלעכע אנדערע קינדער, וואָס האָבן זיך נאָך אויסבאהאלטן, האָבן געמוזט ארויס. דער גאַנצער פּלאַץ איז געווען ארומגעשטעלט מיט הינט און אוק־ראינער מיט אָנגעלאָדענע ביקסן.

ס'האָט געהערשט עפּעס אן אומגעוויינלעכע אטמאָספער. געט האָט באפוילן, אז ס'זאָל זיין פולשטענדיק שטיל. מען האָט געדארפט שטיין צונויפגעדריקט, קאָפּ צו קאָפּ. אן עס־עס־אָווקע האָט דעם עולם צוויי מאָל איבערגעציילט. מען האָט נישט געטאָרט רעדן צווישן זיך און אפילו זיך נישט אומקוקן. קיינער האָט נישט געוווסט, וואָס דאָ וועט זיין.

אין דער ריי האָבן מיר געזען די מוטער און די שוועסטער פון דעם „אָדעמאַן" (יידישער פּאָליציאַנט) שיינער, וועלכער האָט געהאַט דריי אויסצייכנונגען פאר שלאָגן יידן. דאָס האָט אונז שטאַרק פארוווּנדערט.

נאָכן איבערציילן דעם בלאָק, זענען די עס־עס־אָווקעס ארויף אינדערהויך. מיר האָבן דאָס נישט באמערקט, ווייל מיר האָבן זיך נישט געטאָרט אומקוקן. דאָס זענען זיי אוועק אין קינדער־היים איבערציילן די קינדער און אַנטון זיי.

דערווייל האָט זיך אונטן אָנגעהויבן די אקציע. לויט דער קאַרטאָטעקע האָט מען אויסגערופן די פאמיליע־נעמען פון אלע מענטשן, וואָס זענען אָפּגעקליבן געוואָרן, און זיי האָבן זיך גע־מוזט פינפטלערווייז איינשטעלן אין א זייט. איין פינפטל האָט מאַרשירט נאָכן צווייטן אין א גלייכער ריי, לינקס־רעכטס, לינקס־רעכטס, מיט א דייטשער מיליטערישער אָרדנונג.

זיי זענען אריין אין די וואַגאָנעס אונטער דער אָנפירונג פון אוקראַינער. ביי די מענער איז געווען אן אויסגע־צייכנטע אָרדנונג, און דערפאַר זענען אלע זעקס טויזנט מאַן

אומגעקומען; ביי די פרויען דאַקעגן איז געווען אַ באַלאַגאַן, מען האָט געשריען, נישט געוואָלט גיין, — האָט זיך טאַקע אייניקע פון זיי איינגעגעבן אַריבערצולויפן צו דער גרופּע פון די אַרבעטספעיקע און זיי זענען אַזוי אַרום צייטווייליק לעבן געבליבן.

מיך, העלענען און נאָך עטלעכע קינדער האָט מען אַוועקגעשטעלט אָן אַ זייט. מיר האָבן געוואַרט, נישט וויסנדיק, וואָס מען וועט מיט אונז טון.

פלוצלינג איז געקומען צולויפן די פרוי הולעוויטש און האָט אַלע קינדער גערופן אינדערהויך אין קינדערהיים, — ס'וועט אויך זיין אַ קינדער־סעלעקציע, האָט זי געזאָגט.

האַלינע האָט, גענוי ווי אַנדערע קינדער, איר געגלויבט און איז אַרויף אינדערהויך. זי איז געווען הויך און גוט געבויט, האָט זי פאַר קיין סעלעקציע קיין מורא נישט געהאַט. זי איז געווען זיכער, אַז איר וועט מען צום טראַנספּאָרט נישט נעמען. איך האָב זיי אָבער קיינעם נישט געגלויבט און האָב דעריבער נישט געוואָלט הערן דערפון.

איך בין פאַרבליבן אונטן. די עלטערע שוועסטער ליאָליאַ האָט מיך אַוועקגעשטעלט הינטער זיך. איך האָב זיך צוגעזעצט צו דער ערד, מענטשן האָבן מיך אַרומגעשטעלט און מען האָט מיך נישט באַמערקט.

אינדערהויך איז אינדערמאָרגן קיין שום סעלעקציע נישט געווען. אַלע קינדער האָט מען אָנגעטון מענטעלעך, מען האָט זיי איינגעשטעלט פּאָרווייז און אונטער אַ וואַך פון פּאָליציי, אַראָפּגעפירט אונטן, צו די אויטאָס. וועגן אַנטלויפן האָט קיין רייד נישט געקענט זיין. פון 400 קינדער, וואָס זענען דאָרט געווען, איז נאָר דריי געלונגען צו אַנטלויפן. דאָס זענען געווען: סאַרענקע קליינער, העניע זיידלער (מיר האָבן זי גערופן „מיקוס“) און מיין שוועסטער האַלינע.

האַלינע האָט זיך באַהאַלטן אין אַ מיסט־לאָך, וואָס איז געווען אין דער פאָדלאָגע אונטער איר קאָיקע. דאָרטן האָט זי זיך צונויפגעדרייט און אַזוי אָפּגעלעגן דעם גאַנצן טאָג פון דער אַקציע.

סאַרענקע און מיקוס זענען אַריין אין קלאָזעט־גרוב. ווען

מענטשן זענען נאָך דער אַקציע אַהיים אַריין, כּדי זיך צו דערליי־דיקן, האָבן זייביידע אָנגעהויבן שרייען און מען האָט זיי אַרויס־געשלעפּט. זיי זענען געווען אַזוי פאַרשמוצט פון אָפּפאַל, אַז מען האָט ממש נישט געקענט צוקומען צו זיי. אַ גאַנצע וואָך, געדענק איך, האָט פון זיי שרעקלעך געעיפּושט.

מענטשן זענען געשטאַנען אויפן אַפּעל־פּלאַץ און האָבן פון גאָרנישט נישט געוווסט — מיטאַמאָל האָט איין פרוי באַמערקט פיל אויטאָס מיט קינדער.

די ערשטע אויטאָס זענען פאַרבייגעפאָרן האַרט ביים פּלאַץ און מיר האָבן זיי גוט געזען. אַלע מאַמעס האָבן זיך דאַן אַ וואָרף געטון צו די אויטאָס און אָנגעהויבן שרעקלעך צו שרייען.

ס'איז אַנטשטאַנען אַן אומבאַשרייבלעכער טומל. די רייען האָבן זיך צעקלאַפּט. פרויען האָבן זיך געוואָרפן אונטער די אוי־טאָס, געריסן זיך די האָר פון קאָפּ, נאָר גערופן די קינדער, אַז זיי זאָלן אַראָפּשפּרינגען; געלאָפן, געוויינט, געשאָלטן. ס'איז גע־ווען אַזאַ פאַרצווייפלונג, אַז די מאַמעס, האָט זיך געדאַכט, וועלן משוגע ווערן.

און פּונקט אין דאָזיקן מאָמענט האָט דער לאַגער־קאָמענדאַנט געהייסן אויפשטעלן אַ פּאַטעפאָן און דורך די הילכערס האָט זיך געלאָזט הערן אַ לידל:

„עס געהט אַללעס פאָריבער,
עס געהט אַללעס פאָרביי,
נאָך יעדעם דעצעמבער
קאָממט ווידער איין מאַי“.

די אויטאָס זענען שוין מער נישט געפאָרן מיטן פּלאַץ נאָר דורכן בערגל, מיט די קזשעמיאַנקעס, דורך יענער זייט, ווו עס איז געווען די קאַזיאַ גורקאַ.

אַלע מאַמעס זענען געווען איבערצייגט, אַז מען פירט אַהין די קינדער צום דערשיסן. די פאַרצווייפלונג איז געוואָרן נאָך שטאַרקער. מען האָט אויסגעשטרעקט די הענט צו די קינדער און געריסן די בגדים פון זיך. אָבער דאָ איז אַראָפּגעקומען הולעוויטש און גענומען באַרויקן דעם עולם.

— האָט קיין מורא נישט — האָט ער געשריען — די קינדער ציִען נישט אין אויוון אַריין.

מען האָט אים נישט געגלויבט און די פּרוּוען האָבן ווייטער געשריען. דעמאָלט האָט נעט אָנגעהויבן שיסן אין המון און האָט אַלעמען באַפוילן זיך צו זעצן. אַלע האָבן געמוזט קוקן אין איין ריכטונג — אַהין, וווּ די קינדער זענען געפאָרן. קיין פּיפּס האָט מען דערביי נישט געטאָרט אַרויסגעבן.

די קינדער זענען ווייטער געפאָרן באַרג־אַרויף און ערשט איצט האָט מען געהערט זייער געוויין און זייערע געשרייען: „מאַמעלע ראַטעווע מיך! מאַמעשי, קום אַהער!"

זיי זענען געפאָרן אויף פּלאַטפאָרמעס, שטאַרק צונויפגעדריקט. די עלטערע האָבן געמוזט שטיין אויף די קני, די יינגערע זענען געווען איינגאַנצן צוגעדריקט. יעדער מוטער האָט זיך געדאַכט, אַז דאָס שמערעקט אויס איר קינד די הענטלעך צו איר; אַז דאָס שרייט איר קינד „מאַמע!"

אַלע האָבן אָבער געמוזט זיצן און קוקן. זיי האָבן גאָרנישט נישט געטאָרט טון, כדי צו העלפן זייערע קינדער. זיי האָבן נאָר געדאַרפט זיצן און קוקן...

דער ווייטיק האָט פון זיי אַרויסגעשפּאַרט. ס'זענען שוין פאַרבליבן אַזוי ווייניק קינדער, אַזוי ווייניק. בלויז אַ הייפעלע איז, מיט אַזויפיל שוועריקייטן געראַטעוועט געוואָרן, — און איצט גייען אויך זיי צו פאַרניכטונג...

ס'איז געוואָרן שרעקלעך היים. ס'איז שוין געווען איינס ביי־טאָג. די זון האָט געברענט וואָס אַמאָל שטאַרקער און מיר זענען אויסגעגאַנגען פון דורשט. מען האָט זיך אָבער נישט געטאָרט רירן פון אָרט. די אוקראַינער זענען נאָך אַלץ געשטאַנען געריכט מיט אויסגעשטרעקטע ביקסן. דער אַפּעל האָט געדויערט פון 6 אַזייגער אינדערפרי. מיר זענען געווען געצוווּנגען צו זיצן אַזוי ביז 3 נאָכמיטאָג, ביז מען האָט אַלעמען איינגעלאָדן אין צוג און פאַרפּלאָמבירט די וואַגאָנעס. ערשט שפּעטער האָט מען אונז דערלויבט פונאַנדערצוגיין זיך.

אָרעמע סאָרענקע און מיקוסקע!

דאָס ערשטע מאָל איז זיי מאַקע, פאַרן פּרייז פון שרעקלעכן

פֿיין, געלונגען צו ראַטעווען זיך, — ביים לעבן זענען זיי אָבער נישט געבליבן. זיי זענען אַוועק מיטן ווייטערדיקן יולי־טראַנספּאָרט, וואָס איז געווען נאָך אַן ערגערער, ווי דער ערשטער.

אַכט טויזנט מאַן האָט מען דעמאָלט, אין אַ כעלעקציע, אַוועקגעשיקט קיין אָשוויענטשים, גלייך אין אויוון אַריין.

עס האָבן זיך אָנגעהויבן די טראַנספּאָרטן און זיי זענען געגאַנגען איינער נאָכן צווייטן. איין טראַנספּאָרט האָט מען אַוועקגעשיקט קיין סקאַרזשיסקאָ־קאַמיענגע, צו אַרבעטן אין אַן אַמוניציע־פֿאַבריק. מענטשן זענען דאָרט געשטאָרבן פֿון הונגער, טיפֿוס און פֿאַרסמונג מיט פּיקרין. דאָרטן איז אויך אונזער מוטער געשטאָרבן אויף טיפֿוס.

זי איז געשטאָרבן, זיצנדיק ביי דער אַרבעט, און אירע לעצטע ווערטער זענען געווען: „איך הער דאָס געוויין פֿון מיינע קינדער“.

איין טראַנספּאָרט — דער פֿון אָקטאָבער — איז אַוועק קיין שטוטגאַרט. דאָרטן האָט מען עטלעכע טויזנט פֿרויען אַריינגעוואָרפֿן אין ים אַריין און דערטרונקען.

די רויטע אַרמיי האָט זיך דערנענטערט, האָבן זיך די דייטשן געאיילט צו פֿאַרענדיקן זייער זאַך. אויך איך בין געפֿאָרן מיטן אָקטאָבער־טראַנספּאָרט קיין אָשוויענטשים.

געפֿאָרן זענען מיר פֿינף שוועסטער צוזאַמען. דער טאַטע און דער ברודער זענען נאָך פֿאַרבליבן אין פּלאַשאָוו.

געווען איז דאָס שבת. ביז מיטאָג האָבן מיר געוואַרט אויף דער סטאַציע אין פּלאַשאָוו, ווייל קיין וואַגאָנעס זענען נישט געווען. דערנאָך האָט מען דערלאַנגט וואַגאָנעס. מען האָט אונז אַריינגעשטופּט אין די וואַגאָנעס און זיי פֿאַרפּלאָמבירט.

אינאָווענט האָט דער צוג געריכט פֿון אָרט. ער האָט זיך געטראָגן אין דער פֿינצטערניש און זיך אין ערגעץ נישט פֿאַרהאַלטן.

צוויי מאָל איז מיר געלונגען צו כאַפּן אַ בליק דורכן פֿאַרקראַטעוועטן פֿענצטערל און דורכצולייענען די אויפֿשריפֿט — „סקאַווינאַ“. יעדער פֿון אונז האָט געוווּסט, אַז מיר פֿאָרן קיין אָשוויענטשים און אַלע האָבן פֿאַניש מורא געהאַט. עסן האָבן מיר געהאַט, אָבער פֿון שרעק האָבן מיר זיך נישט געקענט צורירן דערצו.

צום סוף איז דער צוג אַרויפֿגעפֿאָרן אויף אַ זייטיקער ליניע; מיר זענען אָנגעקומען אויפֿן אָרט.

מען האָט געעפֿנט די וואַגאָנעס. ס'איז געווען נאַכט און אַרום איז געווען שטאָק־פֿינצטער. אַ דראָבנער, געדיכטער רעגן האָט געהאַקט ווי אין קרויט און האָט דורכגענומען דורך און דורך.

פֿאַר אונז האָבן זיך אויסגעשפּרייט ברייטע, פֿינצטערע פֿעלדער, און אויף זיי עפּעס מאָדנע בנינים — דאָס זענען געווען די בלאָקן.

מען האָט אונז אויסגעשטעלט און מיר זענען אַוועק מיטן וועג. די בלאָטע איז געווען גרויס און האָט אונז אַרומגעקלעפּט די פֿיס. פֿון ווייטן האָט געפֿלאַמט אַ פֿייער און דער הימל איז דערפֿון געווען בלוטרויט.

מען האָט אונז געטריבן דורך אַ וואַלד. אין גרויס אימה זענען מיר געגאַנגען לענגאויס עפּעס אַ שוואַרצער געביידע, וואָס איז געווען צוגעדעקט מיט שמאַטעס. דאָס איז געווען אַ קרעמאַטאָריום.

פֿיר קוימענס זענען דעמאָלט געווען טעטיק אין אָשוויענטשים און מיר זענען געווען זיכער, אַז מען פֿירט אונז גלייך אין אויוון אַריין.

מען האָט אונז אָבער געטריבן ווייטער, ביז מיר זענען צוגעקומען צו אַ שאָפּע. מען האָט אונז אַהין אַריינגעפֿירט און דאָרטן געהייסן וואַרטן.

מיר זענען געזעסן און געוואַרט אויפֿן טויט. יעדע ווײַלע איז עמיצער אַנדערש אַרײַנגעפֿאַלן מיט אַ נייער ידיעה, אײנע ערגער פֿון דער צווייטער: מען גאַזירט... אונזער חיע וועט אויספֿאַלן אינדערפֿרי... מען דאַרף זיך שוין גרייטן...

יעדערער האָט אָנגעהויבן דערציילן און נישט געענדיקט... מענטשן האָבן תּפֿילה געטון... קיינער האָט קיין וואָרט נישט אויסגערעדט...

איך האָב שוין געוואָלט, אַז דאָס זאָל זיך וואָס גיכער ענדיקן.

אַזייגער אַכט אינדערפֿרי האָט זיך אָנגעהויבן די סעלעקציע. מען האָט זיך געמוזט אויסטון נאַקעט און איינציקווייז דורכמאַרשירן פֿאַרביי אַ שפּאַליער פֿון באַוואָפֿנטע עסעסאָווקעס צו

דער צווייטער שאַפּע, וואָס האָט זיך געפונען עטלעכע טריט פון קרעמאַטאָריום. דאָרטן איז געשטאַנען ד"ר מענגעלע און אָנגעוויזן מיטן גראָבן פינגער, ווער עס דאַרף גיין רעכטס און ווער לינקס. פון איין זייט איז געווען לעבן, פון דער צווייטער — טויט.

פאַר קינדער איז געווען נאָר איין וועג — טויט.

איינער אַן אַלטער „העפטלינג", — אגב, אַ גאַנץ פרעמדער מענטש — האָט מיר געראַטן, אַז איך זאָל גיין צווישן די לעצטע, ווייל דעמאָלט וועט דער דייטש זיין מיד און וועט שוין נישט אַזוי שטרענג סעגרעגירן.

איינע אַ יונגע פרוילין איז געגאַנגען מיט איר מוטער. דער מוטערס קערפּער איז געווען אַלט; פון איר בויך זענען געהאָנגען פאַלדן, — האָט מען זי אָפּגעריסן פון דער טאָכטער און מען האָט זי צוגענומען. אַן עסעסאָווקע האָט זי געטריבן מיט אַ דיקן שטעקן אין קאַמער אַריין. די מוטער האָט נישט געוואָלט גיין, זי האָט זיך יעדעס מאָל צוריקגעקערט און זיך געריסן צו דער טאָכטער, אָבער די עסעסאָווקע האָט זי כסדר געשלאָגן איבערן רוקן און געטריבן פאָרויס.

איצט דערצייל איך דאָס מיט אַ רויקער שטימע, אָבער אין דערווירקלעכקייט איז דאָס געווען שוידערהאַפט; דאָס איז נישט מעגלעך געווען צוצוזען — שוין נישט אַזוי דער טויט גופא ווי דאָס אַלץ, וואָס איז פאָרגעקומען פאַרן טויט.

אַ גאַנצע שורה מענטשן האָט זיך לאַנגזאַם גערוקט פאָרויס. איך האָב אַלץ געוואַרט. מיר זענען געווען דריי קינדער צו דער סעלעקציע. איך, זולע בעלער און גוסטע. נאָר מיר דריי זענען פאַרבליבן פון די פלאַשאָווער קינדער.

איך האָב באַמערקט אויף דער ערד אַ קופּע שמאַטעס און אַלטע בגדים, וואָס מענטשן האָבן פון זיך אַראָפּגענומען. האָבן מיר זיך אין די דאָזיקע שמאַטעס באַהאַלטן. מענטשן האָבן אונז אומבאַמערקט צוגעדעקט און אַזויאַרום געהאָלפן אונז זיך צו ראַטעווען.

ווען די סעלעקציע האָט זיך פאַרענדיקט, האָבן מיר זיך אויפגעהויבן און אַוועק מיט אַנדערע מענטשן אין באָד אַריין.

דאָס לעבן אין אַשוויענטשים האָט זיך אָנגעהויבן. יעדן טאָג

ארום 5 באגינען האט מען זיך געמוזט אויפהויבן פון דער קאיע און שטיין אויפן אפעל, אין בלאטע, עטלעכע שעה. געארבעט האב איך נאך נישט. מיר זענען כסדר דורכגעגאנגען סעלעקציעס. יעדע ווײַלע האט מען געהערט פייפן און קיינער האט נישט געוווסט צו וואס מען רופט. בעת די סעלעקציעס האט זיך קיינער נישט אריענטירט אויף וועלכער זייט איז גוט און אויף וועלכער שלעכט. די פרויען זענען יעדעס מאל ארומגעלאפן ווי משוגע. זיי פלעגן כסדר אריבערלויפן פון איין גרופע אין דער צווייטער און דערנאך ווידער צוריק. די עסעסאווקעס האבן געשריען און געשלאגן. אבער דאס האט ווייניק־וואס געהאלפן. אזא לעבן האבן מיר געהאט.

צייטנווייז פלעגט מען אונז כאפן אויף ארבעט, — אמאל צו טראגן ברעטער, אמאל ארויסצופירן די שמוץ פון די אפטריטן. אין אזעלכע פאלן האט מען געמוזט שלעפן א וואגן דריי קילאמעטער ווייט. דערביי איז אויפן וועג געווען אזא בלאטע, אז מיינע האלענדערקעס — הילצערנע שיך — פלעגן שטעקן בלייבן אין זומפ.

אין באראק איז געווען זייער שלעכט.

קיין שעניקעס זענען בכלל נישט געווען. דריי פערזאן פלעגן שלאפן אונטער איין קאץ. אמבעסטן איז געווען דעם, וואס פלעגט ליגן אינמיטן. ווען איינער פלעגט זיך איבערדרייען, פלעגן דאס אלע מוזן טון.

מען האט שרעקלעך געגנבעט. ס'איז גענוג געווען אפצוקערן זיך אויף א מינוט און שוין איז עפעס פארשווונדן. דא פלעגט פארפאלן ווערן א לעפל, דא א שטיקל ברויט, דא א שוך. מען האט געמוזט שלאפן אין די שיך און די רעשט זאכן באהאלטן אונטער זיך און דערויף ליגן.

מיר האבן געמיינט, אז מיר וועלן דארט נישט אויסהאלטן. אבער אלטע „העפטלינגען" האבן אונז געראטן נישט צו שטופן זיך צו קיין טראנספארט, ווייל די דייטשן שיקן געוויינלעך די מענטשן אין אמוניציע־פאבריקן, כדי דארט זיי אויסצוועדיקן, און דערנאך שיקט מען זיי צוריק קיין אשוויענטשים ווי „מוזלמענער" און זיי גייען גלייך אין אויוון אריין.

שפּעטער איז ווידער פאָרגעקומען א סעלעקציע און מיר זע־נען אריבער אין פּ. ק. ל.־לאַגער. אין א פּאָר טעג אַרום האָט מען געדאַרפט 400 פרויען צו א טראַנספּאָרט אויף א פּלאַצוווקע. מען האָט אונז אויסגעשטעלט אַזוי ווי מיר שטייען און גייען און א דייטש האָט אויסגעקליבן וועמען ער האָט געוואָלט. האָט זיך געמאַכט אַזוי, אַז מיר זענען אַלע פיגף שוועסטער דורכגעגאַנגען. דורך דער סעלעקציע.

מיר האָבן זיך אַזוי געפרייט, געדענק איך, וואָס מאָרגן פרי וועלן מיר אַלע צוזאַמען אַרויספאָרן.

אינדערפרי זענען מיר אַוועק אין מאַגאַזין און זיך אויס־געטון נאַקעט, כדי צו באַקומען זאַכן. איז גראָד צוגעקומען דער זעלבער דייטש, און ווי נאָר ער האָט אונז דערזען, האָט ער תיכף ומיד מיך מיט גוסטען אַוועקגערוקט אין א זייט.

— „ווי אַלט ביסטו!“ — פרעגט ער מיך.

— „זיבעצן“, — ענטפער איך אים.

לאַכט ער זיך פונאַנדער, גיט מיר א פּאַטש איבער דער פּלייצע און מאַכט צו מיר: — „ניכט זיבצען נור דרייצען“.

ער האָט אונז פאַרשלאָסן אין דער דעזינפעקציע־קאַמער און צוגעזאָגט, אַז אויב מיר וועלן נישט וויינען, וועלן מיר פאָרן מיטן טראַנספּאָרט; דאַקעגן אויב מיר וועלן יאָ וויינען, וועלן מיר איבערבלייבן. האָבן מיר באַלד אויפגעהערט צו וויינען, ווייל מיר האָבן געמיינט, אַז ער וועט אונז טאַקע דערלויבן צו פאָרן. אָבער אויסגעלאָזט האָט זיך פון דעם א בוידעם.

מיר האָבן געקוקט דורכן פענצטערל און געזען, ווי יעדע איינע קריגט בגדים, א האַלבן לעבל ברויט... יעדע שפּאַרט זיך פאָרויס... אָט פאָרט מען שוין אָפּ און מיר זיצן נאָך אַלץ אין דעזינפעקציע־קאַמער, מיר ליגן קיינעם נישט אין זינען.

מיר זענען פאַרבליבן אין אָשוויענטשים, דאַקעגן זענען אונ־זערע עלטערע שוועסטער — ליאַליע, רענע און האַלינע — אַוועק־געפאָרן. מען האָט אונז בויידע צוגעטיילט צום בלאָק נ׳ 13 פּ. ק. ל.

מיטן דאָזיקן בלאָק זענען מיר טאָג־טעגלעך געגאַנגען אויף דער „אויסערקאָמאַנדאָ“, ד. ה. דריי קילאָמעטער הינטערן לאַ־גער. מיר האָבן דאָרט געטראָגן זאַמד אין עמערס. די דייטשן האָבן

דאָרט עפּעס געבויט און מיר האָבן געמוזט די עמערס זאַמד שלעפּן אויף אַ ברעט אינדערהויך.

איינמאָל האָבן פאַרפעלט מענטשן אין דער „טעקסטיל־שטובע". האָט מען אונז אַהין גענומען צו דער אַרבעט. דאָס איז געווען אַן עקלהאַפטע באַשעפטיקונג. פון שמאַטעס האָט מען דאָרט געמוזט פלעכטן אַזעלכע צעפּ און מאַכן פון זיי „פוסוווישער".

קיין שערלעך האָט מען אונז נישט געגעבן. מיר האָבן געמוזט רייסן די שמאַטעס מיט די הענט. קיין שמאַטעס האָט מען אונז אויך נישט צוגעגרייט. זענען מיר דעריבער געגאַנגען אומעטום אַרומ־צונישטערן, כדי די דאָזיקע „מציאה" צו גנבענען.

די אַרבעטס־נאָרמע איז געווען 12 מעטער אַ טאָג. אַזאַ נאָרמע איז פּאַקטיש נישט מעגלעך געווען אויסצופירן. אָבער אויב דער קאָנטינגענט איז נישט אויסגעפירט געוואָרן, האָט מען געמוזט שטיין אַ האַלבן טאָג אומבאַוועגלעך אויף איין אָרט, אָדער קניען מיט אויפגעהויבענע הענט אינדערהויך. אַמאָל פלעגט עס אויך דויערן אַ גאַנצן טאָג, און דערצו נאָך ווינטער אויפן פראָסט.

פאַר דעם האָב איך געאַרבעט ביי צעלולאָיד. דאָס איז געווען אַן אויסגעצייכנטע אַרבעט. פון צעלולאָיד קען מען אויסדרייען זייער שיין פאַרשידענע שפּילעכלעך.

דאָרטן בין איך די ערשטע געפאַלן אויף אַ המצאה וויאַזוי נישט צו אַרבעטן. איך פלעג בלויז מאַכן דעם אָנשטעל, אַז איך אַרבעט. דערפאַר איז אָבער דאָרט געווען זייער קאַלט. איבעריקנס די דאָזיקע אַרבעט האָט לאַנג נישט געדויערט, און איך בין אַרי־בער צו די שמאַטעס.

צום גליק האָט אונז איינער אַ הער פון לאָדזש אַרויסגעשלעפּט פון דאָרטן און האָט אונז אַריבערגענומען צו זיך אין מאַגאַזין, כלומרשט אויף אַרבעט. אינדערעמתן האָבן מיר דאָרטן אַבסאָלוט גאָרנישט נישט געטון.

דאָס זענען געווען אמתע האָניק־חדשים פאַר אונז. מיר זענען דאָרט אָפּגעווען ביז יאַנואַר 1945, ווען עס האָט זיך שוין אָנגע־הויבן די ליקווידאַציע פון אַשוויענטשים.

דעמאָלט — געדענק איך — איז אָנגעקומען אַ טראַנספּאָרט פון פּלאַשאָוו. דאָס איז שוין געווען דער לעצטער טראַנספּאָרט

פון מענער. דער לאַגער אין פּלאַשאָוו איז דאַן ליקווידירט גע־וואָרן, ווייל די סאָוויעטישע אַרמיי איז שוין געשטאַנען הינטער קראָקע. אין דעם דאָזיקן טראַנספּאָרט האָבן זיך געפונען מיין טאַטע און מיין ברודער. זיי זענען צוזאַמען מיט אַנדערע געקו־מען צופוס פון פּלאַשאָוו קיין אָשוויענטשים (60 קילאָמעטער). מען האָט זיי געטריבן זייער שנעל, נישט דערלויבט קיין שום אָפּרו אין וועג.

דער הער פון לאָדזש, וואָס האָט זיך מיט אונז פאַרנומען, האָט אויסגעזוכט דעם טאַטן און דעם ברודער און האָט זיי צוגעפירט צו די דראָטן. איך האָב דעמאָלט מיט זיי גערעדט דאָס לעצטע מאָל.

דער טאַטע איז געווען בלייך ווי די וואַנט און אויסגעשעפּט. ער האָט אונז געזאָגט, אַז מיר זאָלן זיך האַלטן צוזאַמען, אַז דאָס וועט שוין לאַנג נישט דויערן, אַז די גאולה איז שוין נאָענט. מען זאָל זיך שטאַרקן און אויסהאַלטן ביזן סוף.

לאַנג רעדן האָט ער מיט אונז נישט געקענט, ווייל ער האָט קיין כוח נישט געהאַט צו שטיין. ער איז באַלד אַוועק...

אויפן צווייטן טאָג האָט מען זיי אַוועקגעטריבן ווייטער. דער־מאָלט איז געגאַנגען אַ גרויסער שניי און די מענער האָבן גע־מוזט אויסטרעטן אַ וועג פאַר די איבעריקע. זיי זענען דערפאַר געגאַנגען די ערשטע. מען האָט זיי געטריבן טאָג און נאַכט און נישט געלאָזט אָפּשטעלן זיך אפילו אויף אַ ווײַלע. ווער עס האָט זיך אויף אַ ווײַלע פאַרהאַלטן, אָדער זיך איינגעבויגן, כדי צו פאַ־ריכטן עפּעס אין שוך — יענעם האָט מען געשאָסן.

ווען מיר זענען צומאָרגנס געגאַנגען מיטן זעלבן וועג, איז דער גאַנצער שטח געווען באַזייט מיט מתים.

— שטעלט אייך פאָר — ווייסטע פעלדער באַדעקט מיט שניי, נישט קיין הויז, נישט קיין בוים, נאָר ריזיקע שניי־פעלדער, פול מיט טויטע קערפּערס און בלוט־שפּורן.

איין דערשאָסענער — געדענק איך ווי היינט — איז ביים וועג געשטאַנען אויף די קני, ווי אַ לעבעדיקער, אַביסל איינגעבויגן. זיין רוק־זאַק איז געלעגן ביי דער זייט. ער האָט זיך, ווייזט אויס, עפּעס געמוזט פאַריכטן, האָט אים דורכגעלעכערט אַ קויל. נעבן אים

האָט מען געזען אַ קליין ריטשקעלע בלוט. דער טויטער איז געווען איינגעגנצן פאַרפרוירן.

אַנדערע מענטשן זענען געלעגן אין ראָוו מיט דורכגעשאָ־סענע קעפּ. לענג־אויס דעם גאַנצן וועג — בלוט און בלוט.

איך האָב זייער מורא געהאַט פאַר די דאָזיקע מתים. פונדעסט־וועגן האָב איך זיך אויפמערקזאַם צוגעקוקט צו יעדן איינעם, דער עיקר האָבן מיך אינטערעסירט די שיך, ווייל איך האָב גע־ווּסט, אַז מיין טאַטע האָט געהאַט גומענע שטיוול. אָבער איך האָב ביי קיינעם פון די דערשאָסענע אַזעלכע שטיוול נישט באַ־מערקט.

ביי די פרויען, איז נישט געווען קיין דיסציפּלין. ס'איז געווען אַ באַלאַגאַן. די דייטשן האָבן נישט גוט געוווּסט דעם וועג, האָבן זיי די מענטשן געטריבן בלינד ווי פי. די דייטשקעס האָבן געהאַט אַ סך כוחות, גוטע שיך, זיי זענען אויך געווען זאַט, — איז קיין וווּנדער נישט, וואָס זיי זענען גוט געגאַנגען.

אגב האָט זיי געיאָגט די מורא, זיי האָבן זיך פאַניש געשראָקן פאַר די רוסן. די רויטע אַרמיי האָט שוין געהאַט פאַרנומען קראָקע און געגאַנגען אויף מערב.

ווען מיר האָבן פאַרלאָזן בירקענאו (נישט ווייט פון אָשוויענ־טשים), האָט אונז אויפן וועג פאַרכאַפּט אַן אַלאַרם. די דייטשקעס האָבן גענומען היסטעריש שרייען: „ליכט אאוס!" — און זיך גע־וואָרפן אויף דער ערד. אין אַ קורצער צייט אַרום איז דער אַלאַרם אַריבער און מען האָט אונז געטריבן ווייטער.

מיר זענען געגאַנגען אָן אָפּרו פון שבת 4 אַזייגער נאָכמיטאָג אָן — אַ גאַנצע נאַכט און צומאָרגנס אַ גאַנצן טאָג. דאָס איז גע־ווען דער לעצטער דערגער־וועג, וואָס האָט געפירט צום שוועל פון דער פרייהייט. קיינער האָט זיך נישט פאַרגעשטעלט, אַז דאָס וועט אַזוי לאַנג דויערן און אַז ס'וועט זיין אַזוי שרעקלעך. מיר וואָלטן אויפן וועג פאַרבליבן, אָבער מיר זענען געגאַנגען דורך אַ שניי־מדבר.

קיין איין דאָרף איז נישט געווען אויפן וועג, נאָר אַלץ שטעט און שטעט, וואָס זענען געלעגן גאַנץ ווייט איינע פון דער אַנדער־

רער. אונז האָט זיך יעדעס מאָל געדוכט, אַז ס'איז שוין אַ סוף און דאָך זענען מיר געגאַנגען ווייטער...

נישט פיל מענטשן האָבן דעם דאָזיקן וועג אויסגעהאַלטן. לכתּ־חילה האָט מען כּסדר געשאָסן, דערנאָך זענען שוין די מענטשן אַליין געפאַלן.

אַזוי זענען מיר געגאַנגען צוויי וואָכן. איך האָב געהאַט מיט־גענומען אַ קאָלדרע, אין וועלכער איך האָב זיך איינגעוויקלט, אָבער נאָך דריי קילאָמעטער האָב איך זי אַוועקגעוואָרפן. איך דאַרף איצט נישט קיין שום קאָלדרע — האָב איך זיך געטראַכט — איך וועל בעסער דערגיין אויפן אָרט. מענטשן האָבן אַלץ אַוועקגעוואָרפן, כּדי זיי זאָל זיין לייכטער צו גיין — אַפילו שליטלעך און ברויט.

עסן האָבן מיר געהאַט גענוג, ווייל פאַרן אַרויסגיין פון ביר־קענאַו האָבן מיר צערויבט די קיך. איך אַליין האָב לכתּחילה גע־האַט דריי לעבלעך ברויט און אַ פּעקל מאַרגאַרין. מיר האָבן אָבער קיין כּוח נישט געהאַט צו שלעפּן עס. טאָמער האָבן מיר שוין איינמאָל געהאַט וואָס צו עסן, האָבן מיר עס געדאַרפט איבער־לאָזן אין שניי!...

דאָס וויכטיקסטע אין דער דאָזיקער וואַנדערונג זענען געווען שיך. צוליב שלעכטע שיך זענען פיל מענטשן אומגעקומען.

איך האָב געהאַט הילצערנע שיך. די פיס האָבן מיר פון זיי שרעקלעך וויי געטון, אָבער וואָרעם זענען זיי געווען.

געגאַנגען זענען מיר צו 12 שעה אַ טאָג.

אַמבעסטן איז געווען די יעניקע, וואָס זענען געגאַנגען שנעל און זענען געווען די ערשטע. די, וועלכע זענען אָפּגעגאַנגען עט־לעכע קילאָמעטער פאָרויס, האָבן זיך געקענט פון צייט צו צייט אָפּרוען. דאַקעגן די יעניקע, וואָס זענען געגאַנגען פון הינטן, האָבן קיינמאָל נישט גערוט, ווייל ווען זיי פלעגן צוקומען צום אָרט, וווּ די ערשטע האָבן זיך אָפּגעשטעלט, פלעגט דער צוג ריירן ווייטער.

כּדי צו זיין די ערשטע פלעגט מען אויפשטיין מיט אַ שעה פריער און מען פלעגט אַריבעריאָגן די אַנדערע. אָבער די שוואַכע האָט אויך דאָס נישט געהאָלפן, אין עטלעכע שעה אַרום

זענען זיי ווידער געווען פון הינטן. אזוי פלעגט זיך דאָס איבער־חזרן, ביז זיי פלעגן נישט אױעקפאַלן אינגאַנצן אויסגעשעפּטע. נאָך 14 טעג וואַנדערן זענען מיר אָנגעקומען אויף עפּעס אַן אָרט אין שלעזיען, וווּ מען האָט אונז אַרויפגעזעצט אויף אָפענע קוילן־וואַגאָנעס. געווען איז דאָרט אַזוי ענג, אַז מען האָט זיך נישט געקענט זעצן. מען האָט די גאַנצע צייט געמוזט שטיין אין ענג־שאַפט.

דער פראָסט האָט געברענט ווי פייער; פיל מענטשן האָבן זיך אָפּגעפרוירן די הענט און די פיס.

ס'האָט געבלאָזן אַ שאַרפער ווינט און די געזיכטער זענען גע־ווען בלוי פון קעלט. דער הונגער האָט זיך אויך זייער שטאַרק געלאָזט פילן — פאַר דער גאַנצער צייט האָט קיינער קיין טראָפּ וואַרעמס נישט געהאַט אין מויל.

די דייטשן האָבן קיין הונגער נישט געליטן. אויף די קליינע סטאַציעס פלעגן די קליינע דייטשלעך דערלאַנגען זיי פּוטער־ברויטן, קאַווע, טיי. מיר פלעגן נאָר קוקן דערויף. טאָמער פלעגט אַמאָל אַ דייטש אַריינוואַרפן אין וואַגאָן אַ פּאָר שטיקלעך ברויט, פלעגט אַנטשטיין אַזאַ געשלעג, אַז מען פלעגט שפּעטער אַרויס־שלעפּן נישט איין טויטן קערפּער פון וואַגאָן.

אין ראַווענסבריק האָט מען אַרויסגעשלעפּט 10 טויטע פרויען־קערפּערס פון איין וואַגאָן. ווי נאָר איינער פלעגט זיך אויף אַ ווײַלע צוזעצן, פלעגן אים די איבעריקע דערדריקן.

געפאָרן זענען מיר מיט דער באַן 7 מעת לעת. ערשט אין ראַ־ווענסבריק האָט מען אונז אַרויסגעזעצט אין פעלד.

מען האָט אונז אויסגעשטעלט אין פינפטלעך און אַוועקגעפירט אין לאַגער. די דערוואַקסענע זענען דעמאָלט געשטאַנען פון מי־טאָג אַן אַ גאַנצע נאַכט אויפן פראָסט, אָן עסן. אונז, קינדער, האָבן די דייטשן אין אָוונט אַרויסגעשלעפּט און אַוועקגעפירט אין דער „זאונע". מיר האָבן מורא געהאַט צו גיין מיט זיי, — מיר זע־נען געווען זיכער, אַז מען פירט אונז צום גאַז. אויך אין ראַווענס־ברוק — האָבן מיר געהערט — איז דאָ אַן אויוון. אָבער זיי האָבן אונז געגעבן אַ וואַרעמע זופּקע און דערלויבט אונז דאָרט זיך דורכצושלאָפן.

אינדערפרי האָט מען אונז אַוועקגעפירט אין קינדער־בלאָק, און דאָרט איז געווען גאַנץ גוט. מיר האָבן באַקומען 3 מאָל עסן אין טאָג און נישט געגאַנגען אויף אַרבעט. די דערוואַקסענע אָבער איז געווען זייער שלעכט, דער עיקר — די יידן.

קודם כל איז דאָרטן געווען אַ שרעקלעכער הונגער. „אָרגאַניזירן" האָט מען דאָרט גאָרנישט געקענט, ווייל דאָס איז געווען מיט אין דייטשלאַנד. עסן האָט מען געגעבן איינמאָל אַ טאָג.

די דייטשע בלאָק־עלטסטע פלעגט די יידן באַגנבענען. זי האָט געדאַרפט טיילן אַ לעבל ברויט אויף פינף טיילן, האָט זי געטיילט אויף זעקס. דאָס דאָזיקע שטיקעלע ברויט האָט עס געדאַרפט גענוג זיין אויף אַ גאַנצן טאָג. ביים טיילן זופּ פלעגט פאַר די יידן שטענדיק אויספעלן.

די גרעסטע פּראָגעדיע האָט זיך אָפּגעשפּילט אין „צעלט". דאָרטן זענען געלעגן סאַמע „מוזולמענער". דאָס זענען געווען על פי רוב עלטערע מענטשן, וועלכע זענען שוין סיי־ווי געווען האַלב־טויט.

קיין פּריטשעס האָבן זיי נישט געהאַט, זיי זענען געלעגן אויף דער ערד, נישט צוגעדעקט, אין שמוץ און אין עיפּוש. דער דאַך איז געווען אַ לעכערדיקער, דער שניי און דער רעגן איז אויף זיי אַראָפּגערינען.

די בלאָק־עלטסטע האָט זיי אינגאַנצן קיין עסן נישט געגעבן, כאָטש זי פלעגט פאַר זיי יאָ באַקומען שפּייז. קיינער האָט איר דערפאַר גאָרנישט געקענט טון. ווען זי פלעגט שוין איינמאָל אַ וואָך ברענגען זיי אַ שטיקל ברויט, פלעגט עס קריגן נאָר יענער, וועלכער האָט געקענט אויפשטיין און אויסקעמפן דאָס. די רעשט פלעגט אויסשטאַרבן.

מיר זענען דאַן אַוועק קיין ריכלין, וואָס ליגט 30 קילאָמעטער ווייט פון ראַווענסברוק. דאָרטן איז שוין געווען אַביסל בעסער. מיר האָבן געהאַט אַן אַלטן, גוטן קוכער, און ער פלעגט די קינדער געבן עסן. אָבער אויך דאָרטן איז געווען אַ „צעלט" (מיר האָבן אַלץ געזען, ווייל דאָס איז געווען אַנטקעגן אונזער באַראַק). טאָג־טעגלעך פלעגט מען אַרויספירן אויטאָס פול מיט טויטע קערפּערס, ווי מען פירט אַרויס נישט נויטיק מיסט.

דער „וואַשרוים" איז טאָג־טעגלעך געווען פול מיט מתים, מענטשן האָבן געקרענקט אויף דעזינטעריע. אַלע האָבן זיך דער־לײדיקט אונטער זיך. געשלאָפן איז מען נאַקעט. זייערע אָרגאַ־ניזמען האָבן שוין נישט פונקציאָנירט. אפילו ברויט האָבן זיי נישט געקענט עסן. און ווען עמיצער האָט אין לאַגער נישט גע־קענט עסן קיין ברויט, האָט עס באַדייט, אַז ער איז שוין אַ מת.

איך האָב דעמאָלט אויך געקרענקט. איך ווייס נישט גענוי, וואָס מיר איז געווען. איך האָב געהאַט הויכע היץ, דער קאָפּ האָט מיר וויי געטון און די האָר זענען מיר אויסגעקראָכן.

מען האָט געזאָגט, אַז דאָס איז טיפוס. איך בין געלעגן אין שפּיטאָל. קוריערט האָט מיך עפּעס אַ דאָקטאָרין אַ פּאָלקע, זי האָט אָבער נישט געהאַט קיין רפואות.

איך בין געלעגן אָן באַוווסטזיין און גאָרנישט געוווסט, אַז די דייטשן האָבן אונז דאַן געוואָלט אויסמאָרדן. ערשט שפּעטער, ווען איך בין אַביסל געקומען צו זיך, האָב איך זיך אָנגעהויבן אויפצו־הייבן פון דער פּריטשע און אַלץ געזען דורכן פענצטערל.

נישט ווייט פון אונז האָט זיך געפונען אַ פלי־פּלאַץ, איז ער אָן אויפהער באַמבאַרדירט געוואָרן. טאָג און נאַכט זענען געפאַלן באָמבעס. יעדע ווײַלע איז געווען אַן אַלאַרם.

די דייטשן פלעגן זיך באַהאַלטן ווו עס פלעגט זיך לאָזן. ס'איז אויסערגעוויינלעך אָנגענעם געווען צוצוזען זייער פּחד.

איינמאָל האָב איך צוגעזען ווי אַ העכערער דייטשער אָפיציר מיט אָפּצייכנונגען האָט זיך באַהאַלטן אונטערן פלויט און געציטערט פאַר שרעק.

צוזעענדיק אַזעלכע זאַכן, האָט זיך ביי אונז פאַרבעסערט די שטימונג.

פון עראָפּלאַנען פלעגט מען אַראָפּוואַרפן מאַסן פלוגבלעטלעך, מען האָט מיט זיי פּשוט פאַרשאָטן די שמאַט. נאָכן אָנפלי פלעגט אַ גאַנצע קאָמאַנדע זיך אַרויסלאָזן אָפּצורוימען עס; לייענען האָט מען נישט געטאָרט.

טויזנטער עראָפּלאַנען זענען דאַן געפלויגן, דאָס גאַנצע הימל צוזאַמען מיט דער זון זענען מיט זיי באַדעקט. זיי פלעגן

פינצטער מאכן די זוניקסטע טעג. א ריזיקע, שווארצע כמארע האט כסדר געאיילט פארויס.

לאנגע, שווארצע זיילן רוקן זיך פלעגן זיך אפרייסן פון די אעראָ-פּלאַנען, און דאָס הימל פלעגט צעשניטן ווערן אויף פּאַסן. אָפט האָט עס געהאַט דעם אויסזען ווי רוקנס פון זשיראַפן... דאָס אַלץ איז געווען אַזוי ווונדערלעך און אומגלויבלעך, גלייך ווי עס וואָלט מקוים געוואָרן אַ נבואה פון דער ביבל. ס'האָט זיך פשוט נישט געגלויבט, אַז דער הימל קען אַזוי שוואַרץ ווערן.

און אפשר זענען דאָס אַלץ געווען דיזעלבע אַעראָפּלאַנען, וואָס האָבן זיך אַזוי אַרומגעדרייט? אפשר איז דאָס נאָר געווען אַזאַ מין שפּיצל? אַלץ האָט זיך אַזוי, דוכט זיך, געריסן פאָרויס, — די אַעראָפּלאַנען, דאָס הימל, די כמארעס, די זון. דאָס גערויש פון די מאָטאָרן — האָט אונז אויסגעוויזן — רייסט מיט די גאַנצע ערד.

מיר האָבן דעמאָלט איבערגעלעבט העכלעכע מאָמענטן, און כאָטש אַ באָמבע האָט על פּי טעות געקענט אַראָפּפאַלן אויך אויף אונז, האָבן מיר אַבסאָלוט נישט מורא געהאַט.

די דייטשן האָבן שוין אינגאַנצן אויפגעהערט צו שיסן — ס'האָט קיין זין נישט געהאַט. זיי האָבן זיך שוין איצט באַשעפטיקט מיט עפּעס אַנדערש — כסדר געלאָפן אין די שוץ-קעלערן. אפילו דער וועכטער פון דעם טורעמל האָט שוין אויפגעהערט צו געבן סיגנאַלן — אויך ער איז אַנטלאָפן אין שוץ-קעלער. זיי האָבן שרעקלעך מורא געהאַט פאַר באָמבעס און ס'האָט זיי געקלאַפּט אַ צאָן אָן אַ צאָן.

מיר זענען געווען זאַט און שיכור פון גליק. קיינער האָט נישט געפילט קיין הונגער. מען וועט אונז באַלד באַפרייען, — האָבן מיר זיך געטראַכט — און דאַן וועלן מיר זיך אָנעסן. קיינער האָט וועגן גאָרנישט נישט געטראַכט, נאָר וועגן דער באַפרייונג.

מען האָט שוין געקענט איבערלאָזן ברויט אויף דער פּאָליצע, קיינער האָט עס נישט געגנבעט, אַזוי זענען מענטשן איידל געוואָרן. מען האָט אָבער אין געוויסע מאָמענטן אויך געצווייפלט.

— וואָס מיינט איר זיך, — האָבן מענטשן געזאָגט — זיי וועלן דען אונז לאָזן לעבן, די דייטשן? זיי וועלן דען אונז איבערלאָזן, כדי מיר זאָלן דערנאָך קענען דערציילן ווי דאָס איז געווען? נאַראָנים.

פינף מינוט פאר דער באפרייונג וועט מען מיט אונז מאכן א סוף...

און וואס מיינט איר? — מען האט אונז מאקע געוואלט אויס־שיסן. נישט מער — זיי האבן נישט באוויזן, ווייל זיי האבן געמוזט אנטלויפן. די מאכט האט אונז איבערגעלאזט בלויז מיט די איינ־פאכע זעלנער; אליין האבן די אנפירער ביינאכט געמאכט פליטה.

אינדערפרי האבן זיך אויך די קוכערס און די „אויפזעערינס" אנגעהויבן צו פאקן. רוסישע פרויען זענען דאן באפאלן די קיך און געכאפט וואס עס לאזט זיך. דער לאגער איז ליקווידירט געווארן זייער כאאטיש און אן אן ארדענונג. יעדער איינער האט געטון וואס ער האט געוואלט.

די דייטשע זעלנער האבן אונז געוואלט טרייבן ווייטער, אבער זיי האבן, ווייזט אויס, אליין נישט געוווסט וווהין צו גיין און וואס צו טון מיט אונז. זיי איז שוין נמאס געווארן ארומצושלעפן זיך מיט אונז.

גוסטע, איך און נאך איינע א פרוי מיט א טעכטערל האבן אויס־געניצט די לאגע, אפגעטיילט זיך פון דער רעשט און גענומען פרווון מזל אויף אייגענער האנט. צו זיכער האבן מיר זיך נישט געפילט. מיר האבן קיין אנונג נישט געהאט ווו מיר געפינען זיך, אבער דאס, וואס מיר האבן יא געוווסט, איז געווען זייער דער־פרייענדיק.

דאס מאל האבן שוין געוואנדערט די דייטשן. געגאנגען זענען גאנצע טאבארן; גאנצע קאראוואנעס פון אויטאמאבילן, וועגענער, קינדער־וועגעלעך, פוסגייער. אלע וועגן זענען געווען פארשטאפט פון זיי.

אין די פעלדער זענען זיי געזעסן אויף דער ערד און געבאקט קארטאפל. זיי זענען שוין איצט געווען פונקט אזעלכע הונגעריקע ווי פריער די יידן. פיל פון זיי האבן זיך אויסבאהאלטן אין די וועלדער און זיך ענדלעך געפונען אין דער זעלבער לאגע, וואס מיר פריער.

גאנצע ריכלין איז עוואקואירט געווארן. אויך אלע ארומיקע דער־פער און שטעטלעך זענען פוסט געווארן, — די גאנצע באפעלקע־רונג האט אויסגעוואנדערט. די הייזער זענען געווען אויסגעליי־דיקט.

דערפאַר האָבן איצט די אויסלענדער געגעסן פאַר אַלע צייטן. יעדער איינער האָט זיך אונטערגעפּיטערט ווי ער האָט געקענט. מען האָט געשאָכטן קי, קעלבער, פערד — וואָס איינער האָט געכאַפּט. מען האָט געבראָטן אין פעלד אויף צווייגלעך, מען האָט געגעסן האַלב־רויע פליש. אַלע האָבן נאָר געגעסן, געגעסן, געגעסן...

מיר האָבן זיך אַריינגעקראָגן אין עפּעס אַ דאָרף, געכאַפּט דאָרט אַ הון און אָפּגעקאָכט. דערנאָך האָבן מיר אויסגעגראָבן קאַרטאָפל פון קאָפּיעץ און געבאַקן אין פעלד. אין אַ טיכעלע האָב איך געהאַט אַ ביסעלע זאַלץ, האָבן מיר געזאַלצן און געגעסן מיט גרויס אַפּעטיט. אַלץ איז געווען אויסערגעוויינלעך געשמאַק. קיינמאָל אין לעבן האָבן מיר נישט געהאַט אַזאַ הנאה פון עסן ווי דעמאָלט.

דער ערשטער טאָג פון פרייד און גליק איז אַדורך. ס'זענען געקומען שוועריקייטן, עגמת־נפש, זאָרגן. ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דאָרט, וווּ די דייטשן זענען נאָך אויף אַ וואַסער נישט איז אופן געווען אָרגאַניזירט, האָבן זיי נאָך געכאַפּט די פריערדיקע „העפטלינגען". מען האָט נאָך דעריבער געמוזט זיין פאָרזיכטיק מיט זיי.

אונז האָט מען צוויי מאָל געכאַפּט. דאָס ערשטע מאָל האָט מען אונז אַריינגעזעצט אין אַ שטייג, אָבער מיר האָבן זיך פון דאָרט אַרויסגעקריגן (מיר האָבן שוין געהאַט דערפאַרונג פון לאַגער). אַ צווייט מאָל האָט מען אונז געכאַפּט, האָבן מיר זיך שוין נישט געקענט אַרויסשמוגלען מיר האָבן געמוזט גיין מיט די דייטשן ביז מאָלהאָף. מען האָט אונז דאָרט, וואָס אַן אמת, געגעבן צו עסן, מען האָט אונז אָבער געהאַלטן אונטערן ביקס און פאַרשלאָסן אין אַ שאָפּע.

דערווייל האָבן פּאָליאַקן, איטאַליענער און אַנדערע אויסלענדער גענומען רויבן. דער עולם האָט זיך געמאַכט ווענגעלעך, צוגעפאָרן מיט זיי צו די הייזער און די געשעפטן און גענומען, וואָס עס האָט זיך געלאָזט! דער האָט זיך גענומען אינסטרומענטן, דער פאַרשידענע סחורות — יעדער איינער, וואָס אים איז געפעלן און לויט זיינע כוחות און פעיקייטן. דאָרפסלייט האָבן זיך גענומען לעבע-

דיקן אינווענטאַר, פּרויען — קליידער און וועש, מענער — אַנצוגן, ראַוורן, מאַטאַציקלען...

מיר זענען אַ גאַנצע נאַכט געזעסן אין שאַפע. איבערפרי האָבן מיר דערהערט, אַז אינדרויסן איז עפּעס מאָדנע טומלדיק, קי דרייען זיך אַרום אָן אויפהער און מעקן פאַרוווּנדערט.

האָבן מיר לאַנג נישט געטראַכט, אַרויסגעהאַקט די טיר און אַרויס אינדרויסן. דערזען איינעם אַ פּאָליאַק, האָבן מיר אים אָפּגעשטעלט און געפרעגט ווו געפינען זיך די דייטשן.

— נאַראָנים, וואָס איר זענט! — צעלאַכט ער זיך — די דייטשן האָבן דאָך שוין געמאַכט פּליטה.

דאַן האָבן מיר דערפילט, אַז מיר זענען שוין אויף דער פריי.

די דייטשן זענען שוין נישט געווען, אָבער די פרייהייט האָט אונז עפּעס נישט געדינט. פאַרוואָס ווייס איך אַליין נישט. אַלץ איז געווען אַנדערש ווי איך האָב זיך פאָרגעשטעלט.

ווען איך האָב נאָך געליטן אין לאַגער, האָב איך געהאַט איין טרוים — איבערוואַרטן, איבערלעבן, דערוואַרטן די פרייהייט. איך האָב זיך פאָרגעשטעלט, אַז די פרייהייט וועט זיין אַן אומגעהויער גרויס גליק. אויף דער פרייהייט וועט שוין נישט זיין קיין אומגערעכטיקייט.

ווען איך וועל איבערלעבן די מלחמה, — האָב איך זיך געטראַכט — וועל איך זיין אַ גרעפין. מען וועט מיר אָפּגעבן אַלץ, וואָס די דייטשן האָבן ביי מיר צוגענומען. נישט נאָר ברויט, מלבושים און אַ וווינונג, נאָר פיל, פיל מערער. מען וועט זיך בוקן פאַר מיר ווי פאַר אַ פּריצטע ביז דער ערד.

„איר ווייסט, — וועט מען וועגן מיר זאָגן — דאָס איז דאָך וואַרשאַווסקיס טאָכטער, וואָס האָט דורכגעמאַכט אַזויפיל לאַגערן... זי איז שוין איין מאָל אַ מיידל, די דאָזיקע ייִדישקע!...”

איך וועל מיר דאַן קענען זיין — האָב איך פאַנטאַזירט — דאָס, וואָס איך בין, אַ ייִדיש קינד. איך וועל ענדלעך אויפהערן צו זאָגן ליגן.

געווען איז אָבער אין דער ווירקלעכקייט אינגאַנצן אַנדערש. די דייטשן זענען טאַקע אַנטלאָפן, אָבער דער אַנטיסעמיטיזם איז געבליבן. מודה זיין זיך, אַז מען איז ייִדן, האָט מען אויך איצט

נישט געקענט — דאָס איז נאָך אַלץ געווען געפּערלעך. כּדי צוריק־צוקומען אַהיים, האָבן מיר ווייטער געמוזט מאַכן אַן אָנשטעל, זאָגן ליגן און פירן זיך אַזוי ווי פּאַר די דייטשן.

מיר האָבן געטראָפן פּאַליאַקן, וואָס זענען צוריקגעגאַנגען קיין פּוילן. האָבן מיר געוואָלט צושטיין צו זיי, ווייל אַליין האָבן מיר נישט געוווסט דעם וועג. די פּאַליאַקן האָבן אָבער אונדז אַוועקגע־טריבן פון זיך, געשריען אויף אונדז „זשידוווי" און אומעטום צעפּלאַפּלט, אַז דאָ גייען יידישקעס.

זיי האָבן געהאַט אַ פּאָר פערד און אַ פולן וואָגן מיט אָנגע־רויבטע זאַכן; דאַקעגן זענען מיר געגאַנגען אין דינינקע, פּאַרלויזטע קליידעלעך.

נאָך לאַנגע תּחנונים האָבן זיי אונדז סוף כּל סוף דערלויבט נאָכ־צוגיין נאָך זייער וואָגן. ביינאַכט זענען זיי געשלאָפן אויפן וואָגן און מיר אונטערן וואָגן.

פון דעם לאַזיקן שלאָפן אונטערן וואָגן האָב איך באַקומען אַן אַנגינע און איך האָב זיך נישט געקענט רירן.

ווען איך בין אַזוי געלעגן, האָב איך נישט געהאַט וואָס צו עסן. גוסטע האָט זיך אַליין נישט געקענט געבן קיין עצה. אָבער אויך שפּעטער, ווען איך בין שוין געזונט געוואָרן, איז מיר נישט געווען בעסער. אַנדערע האָבן געגעסן די בעסטע זאַכן און איך האָב גע־מוזט גיין גאַנצע 6 קילאָמעטער נאָך ברויט און שטיין אַ האַלבן טאָג מיט דייטשקעס אין דער ריי.

מיר זענען אַוועק ווייטער. דאַר זענען מיר געווען ווי צוויי שטעקנס, די קערפּערס זענען געווען באַדעקט מיט אייטערדיקע קרעץ; די פיס זענען ביי אונדז געווען אָפּגעריבן. די רוסן פלעגן אונדז כאַפּן אויף אַרבעט: דאָס צום דרעשן קאָרן, דאָס צום אַר־בעטן אין שייער. מיר האָבן שוין קיין כּוח נישט געהאַט ווייטער צו גיין. קוים וואָס מיר האָבן געשלעפּט די פיס. קיינער האָט אונדז נישט געוואָלט מיטנעמען, נישט די רוסן אויף די אויטאָס, נישט די פּאַלאַקן אויף די וועגענער.

נישט אַזוי האָבן מיר זיך פאַרגעשטעלט די באַפרייונג, נישט אַזוי! איך האָב נישט דערוואַרט, אַז איך וועל ווידער הונגערן און זיך פּייניקן, אַז מען וועט אויף מיר שרייען „פּאַרשיווע זשי־

דוּוקאַ"; אַז מען וועט מיך נישט וועלן מיטנעמען אַהיים, קיין פּוילן.

די רוסן האָבן כּסדר דורכגעפירט רעוויזיעס אין די הייזער, אַלץ אַרויפגעלאָדן אויף די אויטאָס און אַרויסגעפירט. דער עיקר האָט מען רעקווירירט זייגערלעך און שטיוול.

לסוף זענען מיר צוגעקומען צו עפּעס אַ קליינער סטאַציע, פון וואַנען ס'האָט געזאָלט אָפּגיין אַ צוג קיין פּוילן. מיר האָבן זיך אַריינגעזעצט אין אַ וואַגאָן און אַוועקגעפאָרן.

אין בידגאָשטש האָבן אונז די רוסן געהייסן זיך אַרויסזעצן.

דאָרטן האָבן מיר באַגעגנט איינעם אַ ייִד, וועלכער האָט זיך מיט אונז פאַראינטערעסירט. ער האָט אונז אַוועקגעפירט אין אַ ייִדישן קאָמיטעט, וווּ מיר האָבן באַקומען צו 100 זלאָטיס און צו לעבל ברויט.

פון בידגאָשטש זענען מיר אַוועקגעפאָרן קיין קראָקע. אונזער וואַנדערונג האָט זיך געענדיקט.

מיר זענען ענדלעך געווען אין קראָקע, אין דער שטאָט, וווּ מיר זענען געבוירן געוואָרן. מיר זענען געשטאַנען ביי אונזער הויז און האָבן מורא געהאַט אַהין אַריינצוגיין. מיר האָבן זיך געשראָקן...

אין אונזער הויז זענען שוין געווען אַנדערע מענטשן, אומזיסט זענען מיר צוריקגעקומען...

איך בין אַוועק אין געטאָ. איך האָב געוואָלט אַלץ זען, דערקענען.

איך האָב אויף אַלץ געקוקט און געציטערט. איך בין אַרומגעגאַנגען איבער וויסטע גאַסן און אַ פּחד האָט מיך באַהערשט.

איך האָב געזען אָפענע טויערן און מיר האָט זיך געדוכט, אַז אין אַ ווײַלע אַרום וועט עמיצער פון זיי אַרויסגיין און זאָגן:

— „וואָס מאַכסטו, יאַנקע? וואָס מאַכט דער טאַטע?"

איך האָב דערקענט אַלע הייזער, אויך פערסטערס הויז. מיר האָט זיך געוואָלט אַרויסגיין אויפן בוידעם, מיר האָט זיך אַלץ געדוכט, אַז עמיצער זיצט נאָך דאָרט, באַהאַלט זיך אויס.

איך האָב געזען דאָס פענצטערל אויף בראָזשינסקעגאָס, דורך וואַנען איך פלעג אַרויסשטופן די קינדער. „שטיל, פאַרזיכ-

טיק, — פלעג איך יעדעם מאָל זאָגן צום קינד — טוליע זיך צו צו דער וואַנט, עמיצער גייט"...

איך האָב געזען דאָס טויער, וואָס מיין ברודער פלעגט עפענען, ווו איך פלעג אָפּט אַרײַנפאַלן גלייך צום פּאָליציאַנט, דאָ, וווּ ס'איז אומגעקומען די פרוי דרענגער מיט די קינדער. אַרײַנצוגיין אַהין האָב איך מורא געהאַט, און איך בין מאַקע נישט אַרײַן. איך האָב מורא געהאַט, אַז מען וועט מיך דאָרט דערהרגענען. וויקטאָר טענענבוים, וואָס פלעגט מיך שיצן, איז שוין מער נישט געווען.

דורך דאַנען זענען געגאַנגען די דראָטן, דאָ פלעג איך אַריבערוואַרפן דאָס ברויט, דאָרטן פלעג איך די דראָטן צעשניידן און אַרומקוקן זיך, צו קיינער זעט נישט. איך האָב געוואָלט אַנטלויפן, מיר האָט זיך געדוכט, אַז די דייטשן וועלן מיך כאַפּן, אָפּנעמען די סחורה, פאַרשפּאַרן, דערשיסן...

קיינער איז נישט געווען. קיינער האָט מיך נישט נאָכגערופן. קיינער האָט נישט געשאָסן. אומעטום איז געווען פּוסט און וויסט, שטיל ווי אויף אַ בית־עלמין. קיינעם האָב איך מער נישט געזען. נישט קיין דייטשן, נישט קיין יידן.

איך האָב נישט געוווסט וווהין צו גיין. עפּעס האָט מיך אַ קלעם געטון ביים האַרצן. איך בין געגאַנגען מיט די גאַסן און געוויינט, געוויינט, געוויינט... ס'האָט זיך צוזאַמענגעקליבן ביי מיר אַלץ, וואָס איך האָב איבערגעלעבט וואָס אַנדערע האָבן איבערלעבט און אויסגעליטן. אַלץ, אַלץ, וואָס איך האָב געוווסט, אפילו די קלענסטע נאַרישקייט, האָט מיר איצט אַזוי שרעקלעך וויי געטון, אַז איך האָב כסדר געוויינט. די קלענסטע נאַרישקייט האָט ביי מיר אַרויסגערופן טרערן.

ס'איז עפּעס געווען אַזוי, ווי איך וואָלט ערשט איצט אַלץ באַגריפן, ווי ערשט איצט וואָלט זיך מיין ווייטיק אָנגעהויבן.

איצט בין איך אַוועק צו דער הויזוועכטערין אויף בראָדזשינסקע גאַס. זי איז געווען אַ גוטע.

ווען איך בין אַרײַן צו איר אין שטוב, האָט זי זיך אַזש איבערגעצלמט פון שרעק. איר מאַן האָט אויפגעהערט צו עסן, זיך אויפגעהויבן פון טיש און איז צוגעגאַנגען צו מיר.

איך האָב, ווייזט אויס, זייער שלעכט אויסגעזען, ווייל ער האָט געקוקט און געקוקט און זיינע אייגענע אויגן נישט געגלויבט. ווי־אַזוי האָב איך עס געקענט אויסהאַלטן און צוריקקומען.

זיי האָבן מיך האַרציק פאַרבעטן צו זיך און האָבן זיך אויפ־ריכטיק געפרייט מיט מיר. דער בעל הבית האָט מיך געלויבט. איך בין „אַ קאָזאַק אַ מיידל" — האָט ער געזאָגט — ווי באַלד איך האָב די דייטשן געקענט פירן אין באָר אַריין.

פאַר די דייטשן — האָב איך דערויף געענטפערט — זענען נאָך געווען פיפיקערע פון מיר, און דאָך האָבן זיי נישט געקענט אָפּנאַרן די דייטשן, — זיי זענען אומגעקומען.

ער האָט אַ געריטער געשאָקלט איבער מיר מיטן קאָפּ און געמורמלט: המ... המ... און ער האָט מיר צוגערוקט דאָס עסן.

מיך האָט עס נישט געפרייט. איך האָב נישט געקענט עסן. אַלץ האָט אין מיר געוויינט. איך האָב געוווסט, אַז איך בין שוין אויס „קאָזאַק"...

שפּעטער האָב איך אָפּגעזוכט נאָך דריי שוועסטער — זיי זע־נען געווען אין די סודעטן. מיר זענען ווידער געווען זאַלבעפינפט.

אַ גרויס, גרויס, אומגעריכט גליק! פינף שוועסטער זענען מיר געבליבן פון איין משפּחה. נאָר העליע איז אומגעקומען אויף באַ־באָווע גאַס. זי האָט געלעבט אויף אַרישע פּאַפּירן ביי פּויערים, האָט זי אַ שכנטע אַרויסגעגעבן און די דייטשן האָבן זי דערשאָסן.

מיר זענען פאַרבליבן אין קראָקע. איינמאָל בין איך מיט גוסטען אַוועק אין יידישן קאָמיטעט אויף דלוגע, כדי צו פאַר־שרייבן זיך אין אַ שול. האָט אונז דאָרט באַטראַכט אַ דאָקטאָרין און געזאָגט, אַז מיר מוזן פאָרן קיין זאַקאָפּאַנע, ווייל מיר זענען געווען שרעקלעך דאַר.

ווען מיר זענען געווען אין זאַקאָפּאַנע, איז צוריקגעקומען אַ ברודער פון אַ דייטשן לאַגער, און איז באַלד צוריקגעפאָרן קיין דייטשלאַנד, כדי צו זוכן דעם טאַטן. מיין עלטערע שוועסטער איז אויך מיט אים געפאָרן.

זיי האָבן אַרומגעזוכט דעם טאַטן איבער אַלע לאַגערן אין דייטשלאַנד. זיי זוכן אים אויך איצט, אָבער לײדער — ביזן היינטיקן טאָג האָט מען פון אים אפילו קיין שפּור נישט געפונען.

# באַמערקונגען וועגן יאַנקע וואַרשאַווסקי

מיר האָבן פאַר זיך אַ קינד — אַ 7-יעריק מיידעלע, די יינגסטע אין הויז.

דאָס לעבן באַווייזט זיך אונזער יאַנקען אין זיין שווידערלעכסטער, געמיינסטער געשטאַלט. דאָס קינד קען קיין אַנדערע ווירקלעכקייט אויסער דער, וואָס עס זעט אין געטאָ, אויף דער אַרישער זייט, אין לאַגער...

די גיפטן פון דער דאָזיקער ווירקלעכקייט דרינגען אַריין טיף-טיף אין איר נשמה און לאָזן איבער זייער פלעק.

קיין נאָרמאַלע מאָראַלישע סעלעקציע עקזיסטירט נישט. די אַלטע, פאַרמלחמהדיקע מאָסן פון גוטס און שלעכטס, זייערע סובטעלע גראַדאַציעס זענען לאַנג פאַרשוווּנדן.

דאָס אַלץ איז פאַרזונקען אין ימים בלוט... יעדער איינער ווייסט און פילט נאָר איינס — דאָס לעבן איז גוט און דער טויט איז שלעכט.

אין אַזעלכע אומשטענדן וואַקסט אויס דאָס קינד אומדערצויגן און ווילד. עס ווייסט נאָר איין אמת — מען דאַרף קעמפן פאַרן אייגענעם לעבן און פאַרן לעבן פון די נאָענטסטע.

דאָס פאָדערט אַ גרויסע אָנשטרענגונג פון אַלע כוחות — דרייסטקייט, אויסדויער, פיפיקייט, חוצפה, אויספאַל.

די דאָזיקע אַלע אייגנשאַפטן אַנטוויקלט יאַנקע אין זיך, זי מאָביליזירט און פאַרפולקאָמט זיי, כדי צו געווינען דאָס העכסטע געווינס — דאָס מענטשלעכע לעבן.

יאַנקע איז אַ קינד פון קריג, זי איז אַ סימבאָל פון קאַמף מיטן גורל פאַרן לעבן דאָס איז אַ קינד, וואָס האָט דערפירט די קאַמפסמעטאָדן פאַרן לעבן ביזן לעצטן גרעניץ.

און דער דאָזיקער קאַמף ווערט געקרוינט מיט דערפאָלג. עס געלינגט איר נישט בלויז אויסצושפּילן דאָס אייגענע לעבן, נאָר אויך דאָס לעבן פון אַנדערע, און דער עיקר — פון קינדער, וועמען זי גנבעט אַרויס פון געטאָ און ראַטעוועט.

דאָך, ווען די מלחמה האָט זיך געענדיקט, און קיין קאַמף איז שוין מער נישט געווען; ווען אין געטאָ האָט גענומען הערשן אַ טויטע שטילקייט (עס זענען נישט געווען נישט קיין יידן, נישט קיין דייטשן) און פון די פוסטע פענצטער-לעכער האָט צו איר אַרויסגעקוקט די שוואַרצע פאַרגאַנגענהייט — דאַן, האָט יאַנקע נישט אויסגעהאַלטן און זיך צוזאַמענגעבראָכן...

דאָס פריערדיקע חוצפהדיקע מיידל איז ערגעץ-ווו פאַרשווּנדן און ס'איז איבערגעבליבן אַן אָרים, ראַטלאָז און איינזאַם קינד.

מיט אַ לאַנגער זכרונות-כוואַליע האָט זיך אויף איר דער וויטיק אַראָפּגעלאָזט, פון זיין שאַרפקייט און ענדלאָזיקייט איז זי אינגאַנצן פאַרפלייצט געוואָרן...

אַלע איבערגעלעבטע לײדן, אַלע אײגענע און פֿרעמדע עוולות, די גאַנצע פֿאַרלאָרענע קינדהײט-שענקײט, — אַלץ האָט זיך אַװעקגע-שטעלט פֿאַר אירע אױגן אין יענער טראַגישער מינוט, װען זי האָט זיך אומגעקערט אין געטאָ, און זיך אױסגעגאָסן אין אַן אומענדלעכן װײטיק און אין אַ ביטערן געװײן.

יאַנקע האָט זיך צוזאַמענגעבראָכן. דער װײטיק האָט זי דערדריקט. זי האָט נישט געװוּסט װיאַזוי אים צו באַזיגן, זי האָט זיך מיט אים נישט געקענט קײן עצה געבן.

די שװערע, גרױזאַמע פֿאַרגאַנגענהײט האָט אױף איר געלאַסטעט װי אַ שטיקנדיקער אײזערנער רײף און זי האָט זיך פֿון איר נישט גע-קענט באַפֿרײען.

די פֿאַרגאַנגענהײט האָט איבערגעלאָזט אין איר נשמה טיפֿע שפּורן פֿון װעלכע זי קען זיך נאָך עד היום נישט באַפֿרײען.

# וואָס דערציילט יורעק גאָלדמאַן

געבוירן דעם 3–טן אַפּריל 1931 אין וואַרשע
(בעתן געשפּרעך 15 יאָר אַלט)



ס׳איז אַ מחיה׳דיקער, שטראַלנדיקער פרילינגס - טאָג. איך לייג יורעקן פאָר אַ שפּאַציר אין וואַלד.

מיר שלייכן זיך אַרויס פון שטוב און מיר גייען אין וואַלד אַריין. איך שפּרינג נאָך יורעקן איבער די שטיינער אין באַרביזאָן - וואַלד, מיר פּלוידערן און קלעטערן באַרג - אַרויף. מיר דערגרייכן דעם שפּיץ פונם הויקערדיקן געבירג, ווו גרויסע משונהדיקע שטיינער רייטן איינער אויפן צווייטן.

מיר זעצן זיך אויף איינעם פון זיי — אַ ווייסן און אַ פלאַכן ווי אַ טיש. די זון פאַרגיסט אונז פון אַלע זייטן. אונטער אונז טונקלען זיך כאָסנע-טשופּרינעס.

— דערצייל מיר עפּעס וועגן זיך... — זאָג איך צו יורעקן.

יורעק פאַרטראַכט זיך. ער זעצט זיך איין מיטן פּנים צו מיר, קאָנצענטרירט זיך און, קוקנדיק אויף זיינע אַרונטערגעבויגענע פיס, הויבט ער אָן:

— אַלץ, וואָס איך געדענק פון די יונגסטע יאָרן איז געווען אַזוי שיין און גוט. אַ קינדהייט האָב איך געהאַט אַזאַ וואַרימע און אַזאַ שמעקעדיקע.

אַמאָל געמסטן זענען געווען די אָוונטן, ווען דער טאַטע פלעגט צוריקקומען אַהיים פון דער אַרבעט. די דערוואַקסענע זענען דאַן געזעסן ביים טיש און געשמועסט, און איך האָב נישט געוואָלט שלאָפן גיין. פאַר מיר איז געווען אַ טראַגעדיע, ווען איך האָב געמוזט אַוועקגיין פון טיש. די אויגן פלעגן זיך מיר קלעפן, איך פלעג געניצן, דער קאָפּ פלעגט זיך מיר שאָקלען, איך פלעג שיעור פון שטול נישט אַראָפּפאַלן, אָבער שלאָפן גיין פלעג איך נישט וועלן.

דער טאַטע פלעגט ווייניק זיין אינדערהיים, ווייל ער האָט געאַרבעט אין ביורא. דערפאַר איז די מאַמע כסדר געווען מיט אונז. זי איז געווען אַן אַדוואָקאַט, אָבער זי האָט נישט פּראַקטיצירט.

דאַנקע, אַ יונגערע פון מיר מיט צוויי יאָר, איז געווען מיין אַפּקומעניש. איך פלעג צוליב איר כסדר כאַפּן שמיץ.

זי איז געווען דעם טאַטנס ליבלינג און ווי נאָר דער טאַטע פלעגט אינאָוונט צוריקקומען אַהיים, פלעגט זי גיין צו אים מיט מסירות. דעמאָלט — געדענק איך אויסגעצייכנט — פלעגט דער טאַטע זי נעמען אויף די קני, פלעגט איר גלעטן דאָס פּנים און מיט אַ האַרצרייסנדיקער שטים, באַדויערן איר גורל. אַלעמאָל איז געווען דאָס זעלבע:

— אָרים קינד, פלעגט ער איר מיטפילן — אָרים קינד, אַלע שלאָגן עס, אַלע פּייניקן עס. אַלע זענען אין דער דאָזיקער שטוב אַזוי נישט גוט צו דיר... לאָמיר זיך גאָר אַרויסציען פון דאַנען. לאָמיר זיך אַוועקגיין זאַלבעצווייט. מיין אָרעם קינד!”

ערשט דעמאָלט פלעגט זיך אָנהויבן דאָס געוויין אויף אַן אמת. דאַנקע פלעגט יאָמערן אויפן גאַנצן קול, וואָס אַמאָל מיט מער רחמנות אויף זיך, איך פלעג לאַכן, און די מאַמע פלעגט שרייען אויפן טאַטן, אַז ער צעפּיעשטשעט דאַנקען און מאַכט פון איר אַ היסטעריקערין.

דאַנקע פלעגט זייער שנעל ווערן סענטימענטאַל. איך געדענק, ווי דער טאַטע האָט איר אַמאָל פאָרגעלייענט אַנדערסענס מעשה־לע וועגן דעם מיידעלע מיט די שוועבעלעך (ער האָט עס, וואָס אַן

אמת, פארגעלייענט מיט א זייער טרויעריקער שטימע), האט זי זיך אזוי צעוויינט, אז קוים וואס מען האט זי בארויקט.

איך האב זיך דעמאלט זייער געוואונדערט. מיך פלעגן אזעלכע זאכן נישט רירן. איך האב געוואוסט, אז דאס זענען בלויז הבאי־מעשיות. כ'פלעג נאר וויינען פון כעס, ווען כ'פלעג זיין זייער בייז, אדער ווען איך פלעג קריגן געשמיסן.

און געשען פלעגט עס זייער אפט, ווייל איך בין געווען אן אזוי גערופן „שווער" קינד.

די מאמע פלעגט שטענדיק זאגן, אז איך בין א שווערער צום דערציען און דאנקע איז א „לייכטערע".

איך בין געווען אן עקשן און נישט קיין געהארכזאמער, איך האב ליב געהאט אויסצופירן. געגעסן האב איך זייער אומגערן און גאנצע שעהן. ווען מען פלעגט מיך אוועקזעצן ביים טיש, פלעג איך אפט אפזיצן צוויי שעה איבערן טעלער אדער ארומגיין מיט א שטיקל ברויט פון פרישטיק ביז מיטאג (אזוי ווי אונזער וויטעק קריג).

איינמאל, געדענק איך, האב איך נישט געוואלט עסן קיין שוואמען־זופ, האט מיר די מאמע א גאנצן טאג נישט געוואלט געבן עפעס אנדערש צום עסן, זי פלעגט כסדר אנווארעמען די זעלבע זופ און מיר דערלאנגען. אבער איך האב זיך דאן אזוי איינגעשפארט, אז איך האב א גאנצן טאג גארנישט געגעסן און די זופ דאך נישט אנגערירט. לסוף האב איך אויסגעפירט, ווייל דער טאטע האט געהייסן דערלאנגען מיר עפעס אנדערש.

דאנקע איז געווען געהארכזאמער און פלעגט עסן בעסער — מיט איר האט מען נישט געהאט אזויפיל צו טאן.

דערפאר פלעג איך קיינמאל קיין ליגן נישט זאגן, און דאנקע איז געווען א פיפיקע, זי פלעגט צייטנווייז פליאדערן.

די מלחמה ערשט האט מיך אויסגעלערנט צו זאגן ליגן.

די מלחמה האט זיך פאר אונז אנגעהויבן אין דארף באנטשקי פאבריטשנע (60 קילאמעטער צו מזרח פון ווארשע), ווו מיר האבן פארבראכט אויף זומער־וווינונג. דער טאטע איז מיט אונז נישט געווען — ער האט געארבעט אין ווארשע. מיר האבן זיך זייער בא־

אומרויקט וועגן זיין גורל, ווייל ווארשע איז אריינגעפאלן אין ערשטן פייער; ער ווידער פון זיין זייט האט זיך שרעקלעך באומרויקט צוליב אונז, ווייל די דייטשן האבן איבערגעשניטן אלע פארקערס־מיטלען. ער האט זיך נישט געקענט צו אונז דורכרייסן און האט אזוי ארום נישט געוווסט וואס עס טוט זיך מיט אונז.

לסוף איז ער געקומען צופוס. ווען מיר זענען שוין געווען צוזאמען, האבן מיר זיך באומרויקט צוליב אונזער וווינונג אין ווארשע, און בכלל צוליב אלעמען — צוליבן זיידן, דער באבען, די מומעס, די פעטערס, די פריינט, וועלכע זענען דארטן איבערגעבליבן.

אין באנטשקי האבן מיר נישט געקענט פארבלייבן, ווייל זינט די דייטשן האבן פארנומען די דארטיקע געביטן, האט אין יענער געגנט געהערשט א הונגער. דעריבער איז דער טאטע ווידער אוועק קיין ווארשע, כדי צוצוגרייטן א וווינונג און לעבנס־מיטלען פאר אונז.

מיר זענען צוריקגעקומען קיין ווארשע אנהויב נאוועמבער.

דער ווינטער האט זיך שוין אנגעהויבן. מען האט אויפגעשטעלט געטא־ווענט. די יידן זענען געווען שרעקלעך דערשלאגן. אלע האבן מורא געהאט פארן געטא.

וואס אן אמת, איז אויך פריער געווען זייער שלעכט, עס זענען כסדר פארגעקומען אומרוען — מען האט געכאפט, ארויסגעפירט און צעשאכטן יידן. מיר זענען דאן געווען אויסגעמישט מיט די פאליאקן און אונז איז שווערער געווען צו כאפן. האבן אבער די דייטשן איינגעפירט ארעם־בענדער פאר יידן, כדי מען זאל זיי לייכטער דערקענען.

פיל יידן, וואס האבן געהאט אן ארישן אויסזען, פלעגן אויסמיידן צו טראגן „ארעם־בענדער", הגם דערפאר האט געדראט טויט־שטראף. מיין טאטע איז שטענדיק ארומגעגאנגען אן אן ארעם־באנד, און מיין מאמע האט געציטערט פאר אים. דעמאלט איז געווען אזא מין צייט, ווען מען פלעגט כאפן יידן אויף די גאסן אויף ארבעט, האט דער טאטע נישט געוואלט, אז מען זאל אים כאפן.

די מאַמע האָט פֿון דער ערשטער מינוט אָן שרעקלעך מורא גע־האַט פֿאַרן געטאָ. איך ווידער האָב גוט נישט געוווּסט, וואָס דאָס איז אַזוינס.

איך געדענק אויסגעצייכנט — דאָס איז נאָך געווען אין די פּויליש צייטן פֿאַרן קריג — איך גיי אַזוי מיט דער מאַמען שפּאַצירן און דערזע פּלוצלינג, אויף אַ הויז גרויסע פּלאַקאַטן מיט אַן אויפֿשריפֿט „יידן אין געטאָ אַריין!" דערביי איז געווען אָנגע־צייכנט אַ ריזיקער בעזים, וואָס פֿאַרקערט יידן מיט פּיאות הינטער אַ געמויערטן צוים. די יידן האָבן געהאַט אַ קאַריקאַטוראַלן אויס־זען, מיט לאַנגע אויסגעדרייטע נעז, מיט אויסגעגלאָצטע אויגן, מיט יאַרמלקעס אויף די קעפּ און פּיאות, וואָס הענגען אַראָפּ. דעמאָלט האָב איך צום ערשטן מאָל אין לעבן איבערגעלייענט דאָס וואָרט „געטאָ". דער פּלאַקאַט האָט בכלל איבערגעלאָזט אויף מיר אַ שטאַרקן רושם.

האָב איך געפֿרעגט דער מאַמען, וואָס באַדייט דאָס וואָרט „גע־טאָ."

האָט מיר די מאַמע דאַן אויסגעטייטשט, אַז דאָס איז אַזאַ מין געשלאָסענער שטח, אַרומגערינגלט מיט אַ צוים, פֿונוואַנען קיינער טאָר נישט אַרויס, און אַז אין אַמאָליקע צייטן, אין מיטלאַלטער, פֿלעגט מען יידן האַלטן אין געטאָס. דערנאָך האָב איך געהערט, ווי דער טאַטע האָט געזאָגט, אַז די ענדעקעס האָבן עס אויסגע־האָנגען די פּלאַקאַטן.

אָבער איך האָב נאָך דאַן פֿאַר קיין זאַך נישט מורא געהאַט. דאָס אַלץ איז נאָך דעמאָלט געווען ווייט, און איך האָב זיך גע־פֿילט פֿולשטענדיק זיכער.

איצט איז דאָס שוין געווען נישט קיין צייכענונג און נישט קיין ווערטער. פֿאַר אונז אין די אויגן האָט מען געבויט אַ געטאָ.

פֿאַרן געטאָ האָבן מיר געציטערט. מיר זענען געווען צוגעוווינט צו פֿרייהייט. מיר האָבן זיך אָפּגעגעבן אַ רעכענונג, אַז דאָס געטאָ וועט זיין פֿאַר אונז אַ גרויסער קאָלעקטיווער לאַגער. מען וועט אונז פֿאַרשליסן, מען וועט נישט דערלויבן אַריינצופֿירן פֿאַר אונז

לעבנס־מיטלען, מען וועט אונז אויסהונגערן, פֿאַרניכטן מיט קראַנק־הייטן. ווען זיי וועלן אונז אַלעמען צוזאַמענעמען, וועלן זיי האָבן אַ לייכטערע אַרבעט. זיי וועלן פֿאַרשפּאָרן אונז אויסצוכאַפּן, זיי וועלן אונז דעמאָלט קענען פּריי פֿאַרטיליקן.

פֿאַר קיין שום פֿאַל האָבן מיר נישט געוואָלט גיין אין געטאָ.

מיר האָבן באַשלאָסן אַלץ איבערצולאָזן און אַנטלויפֿן אויף יענער זייט בוג, אויף דער רוסישער זייט.

דער טאַטע האָט אויסגעצייכנט גערעדט רוסיש, ער איז צען יאָר געווען אין רוסלאַנד און אויך בעת דער רעוואָלוציע. ער איז געווען אַ ראָטמיסטער אין דער ערשטער קאַוואַלעריע־אַרמיי אונטער דער אָנפֿירונג פֿון בודיאָני.

די גרעניץ איז, פֿאַרשטייט זיך, געווען געשלאָסן און מען האָט זיך געמוזט אַריבערשמוגלען אומלעגאַל.

געווען זענען מיר זאַלבעפֿערט: דער טאַטע, די מאַמע, דאַנקע און איך. מיר האָבן אָבער נישט געוואָלט גיין אַלע צוזאַמען אויס מורא טאָמער וועט אונז די אונטערנעמונג נישט געלינגען, וועלן מיר נישט האָבן וווהין און צו וועמען צוריקצוקומען. האָבן מיר באַשלאָסן צו גיין זאַלבעצווייט. איך מיט דער מאַמען און דער טאַטע מיט דאַנקען. די ערשטע האָבן מיר געזאָלט גיין — די מאַמע און איך.

מיר האָבן זיך געמאַכט גוטע שיך און רוקזעק און זיך אַרויס־געלאָזט אין וועג אַריין. מיר האָבן זיך געדונגען אַ פֿירער, וואָס זאָל אונז אַריבערפֿעקלען איבער דער גרעניץ, ביז ווישקאָוו זענען מיר געפֿאָרן מיטן צוג. אונזער פֿירער האָט זיך אָפּט צוגעגעבן מוט דורך טרינקען בראָנפֿן דירעקט פֿון דער פֿלאַש. דער צוג האָט גלייכמעסיק געקלאַפּט און דאָס פֿלעשל פֿון דער קעשענע האָט אים צוגעקלונגען צום טאַקט.

מיר זעצן זיך אַרויס אין ווישקאָוו און פֿעקלען זיך אַריבער מיט אַ פּראָם איבערן בוג אויף דער צווייטער זייט. דערנאָך פֿאָרן מיר ווידער מיטן צוג און קומען אָן אינאָוונט אין אַ דאָרף, וואָס ליגט האַרט ביים גרעניץ־פּאַס.

ס'איז אַ ליכטיקע, שטערנדיקע נאַכט. אין אַזאַ נאַכט קען מען זיך נישט לאָזן איבער דער גרעניץ.

מיר וואַרטן אויף אַ פינצטערערע נאַכט. לסוף לאָזט זיך אַראָפּ אַ כמאַרע און אַ פינצטערניש. מיר לאָזן זיך אַרויס. מיר גייען אין דער פינצטער. דער פירער ווערט אין כעס צוליב יעדן פּאַרטשע־פּעטן קשאַק, צוליב יעדן צוטראָטענעם גרעזל, ווי אַ טונקעלער פלעק באַוועגט זיך פּאַר אונזערע אויגן זיין אומרוהיקער רוקן.

אויפן הימל צעבליצן זיך די ראַקעטעס פון דער גרעניץ־וואַך. יעדע פּאָר מינוט לייגן מיר זיך אויף דר'ערד.

לסוף שטויכן מיר זיך אָן אויף די ערשטע דראָטן און מיר וואַרפן אַריבער איבער זיי אונזערע רוק־זעק. דער פירער העלפט אונז דורכקריכן צווישן זיי.

דאָס איז די דייטשע גרעניץ. מיר זענען אויפן ניימראַלן פּאַס.

דאָס גראָז איז דאָ צעטראָטן, פול מיט שפּורן און סימנים נאָך די יידן, וואָס די דייטשן האָבן מאַסנווייז אַרויסגעטריבן אויף דער רוסישער זייט, און די רוסן האָבן זיי נישט געוואָלט אויפנע־מען, האָבן זיי זיך דאָ דעריבער געמוזט וואַלגערן.

דעם דאָזיקן אָפּשניט איז אָמשיוערכטן דורכצומאַכן, ווייל ער איז דער ליכטיקסטער. יעדע ווײַלע באַלויכטן אים רעפלעק־טאָרן. מיר פויזן דעריבער די גאַנצע צייט אויף די בייכער.

לסוף דערזען מיר זיילן און אונזער פירער זיפצט אָפּ מיט אַ דערלייכטערונג. „זיי" האָבן נאָך נישט קיין דראָטן... דער פירער לאַכט, וואָס די רוסן האָבן נאָך נישט באַוויזן אויסצוציען די דראָטן אויף דער גרעניץ — אַזאַ באַלאַגאַן איז ביי זיי. ער וויל מיט אונז נישט גיין ווייטער, ער זאָגט, אַז מיר זענען שוין אויף דער רוסישער טעריטאָריע.

די מאַמע קען זיך מיט אים קיין עצה נישט געבן. זי גיט אים די רעשט געלט און שרייבט עפּעס אונטער אויפן פּאַפּיר פון שאַ־קאָלאַד.

איצט זענען מיר שוין אַליין און מיר גייען ווייטער. מיר גייען און מיר גייען. מיר זענען פולשטענדיק דעזאָריענטירט. יעדע ווײַ־

לע באַלויכטן אונז ראַקעטעס און מיר מוזן זיך לייגן אויף דר'ערד. מיר זעען נישט קיין שום פּונקט אויפן האָריזאָנט.

מיר בלאָנדזשען. מיר האָבן מורא, צי האָבן מיר אַמאָל ווידער נישט פאַרקראָכן אויפן דייטשן געביט, צי די גרעניץ פאַרדרייט זיך נישט דאָרט, צי האָט דער פירער אונז נישט אָפּגענאַרט.

מיר זענען פאַרצווייפלט. אַ גאַנצע נאַכט דרייען מיר זיך אַרום און מיר ווייסן נישט אויף וועלכער וועלט מיר זענען.

לסוף שפּרייט אויס די מאַמע מיט אַ רעזיגנירטער באַוועגונג אַ קאָץ. מיר לייגן זיך אויף דר'ערד און איך שלאָף איין מיט אַ האַרטן שלאָף.

פאַרטאָג וועקט מיך אויף אַן אויסגעשריי. עמיצער האָט נישט ווייט אַ געשריי געטון.

אין גרויען באַגינען־ליכט דערנענטערט זיך צו אונז אַ זעלנער אין אַ היטל מיט אַ שפּיץ.

איך האָב זיך דערפרייט, ווייל איך האָב געוווסט, אַז די דייטשן טראָגן נישט קיין היטלעך מיט שפּיצן. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דאָס איז ווירקלעך געווען אַ רוס.

ס'זענען אָנגעקומען מערערע זייערע און האָבן אָנגעהויבן אונז צו רעווידירן, זוכן געווער. דערנאָך זענען געקומען אַנדערע מיט הינט. דאָס זענען געווען שרעקלעך בייזע הינט, „וועלף" און יאַגד־הינט. די זעלנער האָבן מיט אָנשטרענגונג זיי איינגעהאַלטן אויף די פּאַסקעס. איך האָב זיך צוגעקוקט צו זיי מיט נייגעריקייט. זיי זענען מיר זייער געפעלן געוואָרן. איך האָב זייער ליב הינט און פערד.

מיר האָבן אַמאָל אויך געהאַט אַ פּרעכטיקן „וואָלף" אין שטוב, ווען איך בין נאָך געווען אַ קליינער. דעם דאָזיקן הונט האָבן מייַנע עלטערן געהאַט נאָך איידער איך בין געבוירן געוואָרן און ער איז געווען דער ליבלינג פון אַלע בני־בית. נאָך מיין געבוירן ווערן איז דער הונט אַראָפּ אויפן צווייטן פּלאַן און די וויכטיקסטע פּער־זאָן אין שטוב בין איך געוואָרן. דער הונט האָט עס געמיזט פילן (ווער ווייס וואָס ער האָט אויסגעליטן), אָבער ווי אַן אמתער הונט איז ער אונז פאַרבליבן טריי. פאַר מיינע צייטן איז ער שוין געווען

אַלט און פֿלעגט כּסדר ליגן אַרום מיר. שפּעטער, ווען ס'איז גע־בוירן געוואָרן דאַנקע, האָב איך פֿאַרזוכט זיין גידל, ווייל אַמ־מערסטן האָט מען זיך שוין דאַן באַשעפֿטיקט מיט דאַנקען.

איך געדענק נישט יענע צייטן, אָבער דער טאַטע האָט מיר דער־ציילט, אַז איך בין געווען שרעקלעך אייפֿערזיכטיק און כ'האָב אַפֿילו געדראָט, אַז איך וועל זי אַרויסוואַרפֿן פֿון וועגעלע.

אויף וויפֿיל איך געדענק, האָב איך זיך צו איר באַצויגן גיכער מיט גרינגשעצונג, ווי מיט כּעס. אַזאַ קליין נעבעכדיק נפֿשל, זי האָט דעם קאָפּ אַפֿילו נישט געקענט האַלטן ווי געהעריק — וועל איך גיין צו איר זיין אייפֿערזיכטיק! דאָר איז זי געווען ווי אַ שמשון. ערשט שפּעטער, ווען איך בין שוין אַלט געווען אַ יאָר פֿינף, האָט איינע אַן אַלטע דינסט צוגעזאָגט, אַז זי וועט זי מאַכן פּאַר אַ מענטש. זי האָט זי געפֿיטערט און געשטאָפּט מיט קלוס־קעס אויף מילך דריי מאָל אַ טאָג, געניי ווי אַ גאַנדז. זי פֿלעגט איר אַן אויפֿהער קאָכן די קליוסקעס. און וואָס מיינט איר — אין עטלעכע חדשים אַרום איז דאַנקע געוואָרן אַ קיילעכדיקע און אַ פּוכקע ווי אַ קייכל. יעדערער פֿלעגט זי אונטערפּאַטשן און פֿלעגט זי רופֿן „די דיקע קאַשקע".

אָבער איך קער זיך כּסדר אום צו די אַלטע צייטן און רייס אי־בער די גרעניץ־ענינים.

האָט מען אונדז, אַלזאָ, אַוועקגענומען אויפֿן וואַך־פּונקט און אי־בערגעגעבן אין די הענט פֿון קאָמענדאַנט פֿון דער גרעניץ־וואַך. דאָס איז געווען אַ יונג אָפֿיציר מיט אַ ברייט פּנים, וועלכער האָט אונדז באַהאַנדלט זייער אַנשטענדיק. ער האָט אונדז געפֿרעגט: „קאַק וואַשאַ פֿאַמיליאַ?" — און דאָס איז מיר אויסגעקומען זייער לעכערלעך.

דערנאָך האָט מען אונדז מיט אַ פֿור אַוועקגעפֿירט צום נאָענטסטן שטעטל. פֿון דאָרט האָט מען אונדז איבערגעפֿירט קיין לאָמזשע און אַריינגעזעצט אין תּפֿיסה. דאָס איז געווען אַ פֿייכטער קעלער מיט אַ שטיינערנער פּאָדלאָגע, וווהין מען האָט צוזאַמענגעקוועטשט אַ מאַסע געכאַפּטע מענטשן. מיר האָבן געהאַט גליק, ווייל אין אונדזער קעלער איז געווען אַן אויוון, — וואָס אַן אמת אַ צעפּאַ־

לענער. איך האָב געפונען עפּעס אַן אַלטע טיר, האָב איך זי אַרויפ־ געלייגט אויף צוויי הילצערנע קאָזלעס, צוגעדעקט מיט שטרוי און געמאַכט אַ געלעגער פאַר דער מאַמען.

דאָס עסן איז געווען זייער געמיין. די עלטערע פלעגט מען בכלל נישט אַרויספירן נישט אויף דער גאַס, נישט אויף שפּאַציר.

כמעט יעדן טאָג פלעגט מען אונז רופן אויף אַ פאַרהער. אָפט פלעגט מען אונז אום האַלבער נאַכט פירן אינדערהויך און מען פלעגט אונז אויספרעגן וועגן די פאַרשיידנסטע ענינים. זיי האָבן זיך געטראַכט, אַז ביינאַכט, ווען דער מענטש איז פאַרשלאָפן, איז לייכטער פון אים עפּעס אַרויסצוקריגן.

מיר איז געווען בעסער, ווי דער מאַמען, ווייל אַלס קינד פלעג איך באַקומען עסן פון דער אָפיציר-קיך און מען פלעגט מיך אויך פירן שפּאַצירן. יעדן טאָג פלעגט נאָך מיר קומען אַ זעלנער מיט אַ ביקס און אַרויספירן אויפן הויף. ער פלעגט מיר נאָכגיין מיט זיין ביקס און היטן, אַז איך זאָל פון אים נישט אַנטלויפן, אָבער איך האָב נישט געהאַט בדעה צו פאַרלאָזן די מאַמע.

דערנאָך בין איך דאָרט קראַנק געוואָרן (איך האָב באַקומען אַן אויסשיט אויפן גאַנצן קערפּער). די רוסן האָבן דערקלערט, אַז אויב עמיצער וועט קומען נאָך מיר, וועלן זיי מיך אַרויסלאָזן. זיי האָבן שטאַלצירט דערמיט, וואָס זיי פאַרנעמען זיך מיט קינדער. זיי פלעגן זאָגן, אַז קיין קינדער האַלטן זיי נישט אין קיין תפיסות. האָבן זיי דעריבער דערלויבט דער מאַמען צו טעלעפאָנירן צום פעטער, וועלכער איז טאַקע צו מיר שפּעטער געקומען און מיך צו־ גענומען קיין קשעמעניץ.

דער מאַמען דאַקעגן האָט מען אַריבערגעטראָגן קיין ביאַליסטאָק און זי דאָרט אָפּגעהאַלטן ניין חדשים. מיט איר זענען געזעסן פאַר־ שידענע פאַרברעכערינס און גנבטעס — אַזאַ מין געזעלשאַפט האָט זי געהאַט. באַפרייט האָט מען איר ערשט קורץ פאַרן רוסיש־דייטשן קריגס־אויסברוך.

אין קשעמעניץ בין איך געגאַנגען אין אַ שול. מיין פעטער איז דאָרט געווען אַ גימנאַזיאַל־לערער.

דאָרט האָט מען מיר געעצהט, אַז איך זאָל שרייבן אַן אייגנ־

האַנטיקן בריוו צו סטאַלינען מיט אַ ביטע, אַז מען זאָל באַ־פרייען מיין מאַמע פון דער תפיסה.

האָב איך טאַקע אָנגעשריבן אויף אַ ראָזן פּאַפּיר, מיט גרויסע אותיות, אַ בריוו צום „טאַטן" סטאַלין מיט אַ הייסער ביטע, אַז ער זאָל באַפעלן צו באַפרייען מיין מאַמע, ווייל איך בין פאַר־בליבן אַליין און מיר איז זייער אומעטיק אָן דער מאַמען; אַז מיר זענען נישט באַגאַנגען קיין שום פאַרברעכן, נאָר אונז איז זייער שלעכט געווען ביי די דייטשן און דעריבער זענען מיר פון זיי אַנטלאָפן צו די רוסן.

אויפן דאָזיקן בריוו האָב איך באַקומען אַן ענטפער, אָבער זיי האָבן מיך שלעכט פאַרשטאַנען, ווייל זיי האָבן מיר געהייסן זיך מעלדן צום טאַרנאָפּאָלער פּראָקוראָר. דערווייל האָט דער מאַרנאָ־פּאָלער פּראָקוראָר מיטן דאָזיקן ענין קיין שום געמיינזאַמעס נישט געהאַט, ווייל די מאַמע איז גאָר געזעסן אין ביאַליסטאָקער וואָיע־וודסטווע, מיין וווינאָרט האָט זיך גאָר געפונען אין טאַרנאָפּאָלער וואָיעוודסטווע.

אַזוי אַרום האָבן אונזערע אָנשטרענגונגען קיין שום נוצן נישט געבראַכט און די מי איז געווען אומזיסט.

אין דער זעלבער צייט האָט דער פעטער געהאַט ערנסטע אומ־אָנגענעמלעכקייטן אין דער שול.

ער איז געווען אַ לערער פון געשיכטע. צום לערנען האָט ער נישט געהאַט קיין שום נייע האַנטביכער, ווייל אין רוסלאַנד איז געווען אַ באַלאַגאַן. האָט ער זיך אויך ווייטער באַנוצט מיט אַלטע לערנביכער. אָבער ווען דער שול־אינספּעקטאָר האָט זיך וועגן דעם דערוווסט, האָט ער פון גאָרנישט געוואָלט וויסן — גענומען און אַרויסגעשמיסן אים אויף דער שוואַרצער ליסטע.

דער פעטער האָט זיך וועגן דעם באַצייטנס דערוווסט און איז אַנטלאָפן קיין קאָסאָוו. מיר זענען אַהין אַוועקגעפאָרן צוזאַמען. אין קאָסאָוו האָט דער פעטער נישט געקענט געפינען קיין שום אַרבעט. ער איז געווען אַ היסטאָריקער, אין גלייכצייטיק שטודירט רעכט, האָט ער געוואָלט זיין אַן אַדוואָקאַט. דאָס איז אים אָבער נישט געלונגען. דאָס איז געווען אַ קליין שטעטל און אַלע פּאָסטנס זענען געווען באַזעצט.

דערווייל האָבן די רוסן פאַרנומען ווילנע און מיר זענען אַהין אַוועקגעפאָרן מיט דער האָפנונג, אַז דאָרטן וועט לייכטער זיין דעם פֿעטער צו באַקומען אַרבעט. אָבער אין ווילנע האָט מען גע־דאַרפט קענען די ליטווישע שפּראַך, און דערפֿון איז גאָרנישט אַרויסגעקומען.

אין ווילנע האָבן מיר דערהאַלטן אַ טעלעגראַמע פֿון דער מאַ־מען, אַז מען האָט זי אַרויסגעלאָזט פֿון דער תּפֿיסה. איך געדענק גוט די דאָזיקע טעלעגראַמע, ווייל זי איז אָנגעקומען אין טאָג פֿון מיין געבוירן, דעם דריטן יוני 1941.

זענען מיר צוריקגעפאָרן קיין קאָסאָוו און זיך געשלאָגן מיט דער דעה, צי מיר זאָלן פֿאָרן צו דער מאַמען קיין קשעמיעניעץ, צי די מאַמע זאָל קומען צו אונז קיין קאָסאָוו.

אָבער איידער איך האָב באַוויזן זיך צו זען מיט מיין מאַמען, איז אויסגעבראָכן די דייטש־רוסישע מלחמה (דעם 22 יוני 1941).

פֿון קאָסאָוו האָבן זיך עוואַקויִרט אַלע אַמטן. אַלע זענען אַנט־לאָפֿן אין אַן אומבאַשרייבלעכער מהומה. מיר האָבן אויך געוואָלט אַנטלויפֿן צוזאַמען מיט די רוסן, אָבער מען האָט אונז נישט גע־וואָלט מיטנעמען, ווייל דער פֿעטער האָט אינערגעץ נישט געאַר־בעט. איבעריקנס, מען האָט מיטגענומען בלויז אייגענע מענטשן, רוסן.

די רוסן האָבן באַשאָסן דעם שאָסיי פֿון פֿאַנצער־אויטאָס, און די דייטשן האָבן זיך באַמיט צו באַהערשן עס. דייטשע מעסער־שמיטן האָבן זיך געיאָגט נאָך רוסישע אָפּטיילונגען און באַוואָרפֿן זיי מיט באָמבעס.

הארט ביי אונזער הויז איז געשטאַנען אַ פֿאַנצער־אויטאָ, וואָס האָט געקנאַלט מיט גאַנצע אויטאָמאַטן־סעריעס. די קוילן האָבן געפייפֿט לענג־אויס די ווענט.

מיר זענען געלעגן אויף דער פּאָדלאָגע, כדי עס זאָל אונז נישט טרעפֿן אַ פֿאַרבלאָנדזשעטע קויל.

איך האָב שוין דעמאָלט דאָס אַלץ געהאַט גענוג. מען האָט אונז פֿאַרבאָטן אַפֿילו שעפּטשען זיך אין צימער.

ווער וואָלט זיך דען דעמאָלט אינטערעסירט מיט אונזערע שעפּ־

טשערייען? די רוסן אָדער די דייטשן? מיט וואָס וואָלטן עס דאָן אונזערע שעפּטשערייען געקענט שאַטן?

עס זענען זיך צונויפגעקומען עטלעכע ווייבער, וועלכע האָבן גאָרנישט נישט פאַרשטאַנען און פאַר אַלץ מורא געהאַט, און זיי האָבן עס קיינעם נישט דערלויבט צו שעפּטשן זיך. איבעריקנס, די מענער האָבן געציטערט נישט ווייניקער פון די ווייבער.

איך בין דעמאָלט געווען אַזוי בייז אויף מיין סביבה און אַזוי פאַרגרידיעט פון איר, אַז איך האָב זיך פאַררוקט אונטער אַ בעט און די גאַנצע שיסעריי דורכגעשלאָפן.

אויף מאָרגן איז אַלץ שטיל געוואָרן. קיינער איז נישט געווען. נישט קיין דייטשן און נישט קיין רוסן. אַלץ איז געווען הפקר. מענטשן זענען אַרויסגעקראָכן פון די באַהעלטענישן און גענומען האַקן און רויבן די געוועלבער. זיי האָבן געטראָגן פּראָדוקטן אויף די קעפּ, אויף די אַקסלען, אויף טאַטשקעס, אין פאַרטוכער, מען האָט געשלעפּט גאַנצע זעק מיט צוקער און מעל, קעסטלעך זייף.

די אַרבעט איז נישט געווען קיין לייכטע, ווייל עס זענען נאָך געפלויגן קוילן אין דער לופטן און געטראָפן נישט איין באַלאָדע-נעם מיט רויב. די מער סאָלידערע און די פחדנותדיקע האָבן בעסער רעזיגנירט פון גוטע זאַכן, אַבי נישט איינצושטעלן דאָס לעבן, זיי האָבן אָבער מקנא געווען די יעניקע, וועלכע זענען געקומען גאַנץ מיטן אָנגערויבטן.

אין די שויך-באַהעלטענישן און אין די קאָרידאָרן האָט מען נישט געוווּסט וועגן וועמען צו רעדן גוטס און וועגן וועמען שלעכטס, פאַר וועמען אַרויסצוזאָגן זיך, פאַר די דייטשן, צי פאַר די רוסן. מען האָט נישט געוווּסט, ווער וועט ענדגילטיק זיגן. ווען איך האָב נישט ווילנדיק אונטערגעזונגען שטילערהייט אַ רוסיש לידעלע, האָט זיך דער פעטער אויף מיר שטרענג אָנגעבייזערט. וועגן די דייטשן האָט מען אויך מורא געהאַט צו רעדן — טאָמער וועלן נאָך צוריקקומען די רוסן.

מיטאָג-צייט האָט מען אָנגעהויבן צו באָמבאַרדירן פון אַרטילעריע און די הייזלעך האָבן אָנגעהויבן ברענען. מען האָט נישט געוווּסט ווער עס שיסט, די רוסן אָדער די דייטשן, דאַכט זיך,

אז דאָס זענען געווען די רוסן. פאַר די הייזלעך איז דאָס געווען אַלץ איינס. די שריפה האָט זיך צעשפּרייט אומאָפּהענגיק דערפון.

מיר זענען געזעסן אין אַ הייזל, וועץ האַרט ביי דער זייט איז געפאַלן אַ האַרמאַטן־קויל. עס האָט זיך אָנגעצונדן אַ שטאַל. עטלעכע שריט פון אונזער הויז. איך האָב געוואָלט אַ שפּרונג טאָן אין שכנותדיקן צימער, כדי אַרויסצוכאַפּן פון שראַנק אַ זייגערל און אַ ביסל מלבושים, ווייל פון יענער זייט איז געווען די שריפה און איך האָב מורא געהאַט, אַז אויך דאָס הויז וועט זיך אָנכאַפּן. אָבער דער פעטער האָט מיר נישט דערלויבט צו רירן זיך פון אָרט. ער איז געווען איבערשראָקן און האָט מיך מיט אַלע כוחות געהאַלטן אַרום זיך.

מיר האָבן אַלץ איבערגעלאָזט און אַנטלאָפן. די שריפה האָט אַרומגעכאַפּט די הייזלעך, וואָס די מענטשן האָבן פאַרלאָזן.

ווען נישט ווען פלעגן מענטשן אַרויסוואַרפן דורך די פענצטער אַ פּאַק זאַכן און דערנאָך לויפן פאַרויס. די געשרייען פון די מענטשן האָבן זיך אויסגעמישט מיט די ריטשערייען פון די קי און דעם געפּילדער פון די קינדער, וועלכע זענען פאַרלוירן געגאַנגען אין אומבאַשרייבלעכער מהומה.

דאָס פּי איז געווען אַזוי צעשראָקן, אַז עס האָט זיך געטראָגן ווי די אויגן האָבן געטראָגן. די פאַרשלאָסענע קי האָבן זיך געבראָטן לעבעדיקערהייט אין די שטאַלן.

מענטשן זענען אַנטלאָפן פון די ברענענדיקע הייזער, וואָס האָבן זיך אָנגעצונדן מיט אַ קנאַל, און געלאָפן אין די גאַסן, ווו ס'האָט געדונערט פון האַרמאַטן־קוילן.

זיי האָבן נישט געוווּסט וואָס צו טון, ווו צו באַהאַלטן זיך פון געפאַר. אייניקע האָבן געכאַפּט קישנס, צוגעבונדן זיי צו די רוקנס און זענען אַזוי אַרומגעלאָפן אין די גאַסן.

דערוואַקסענע מענטשן זענען אויס זייער קאָמיש, ווען זיי האָבן מורא. איך דערמאָן זיך אַ סצענע, וואָס איך האָב געזען אין אָש־וויענצימער לאַגער.

איך האָב זי דעמאָלט גוט נישט פאַרשטאַנען און זי האָט מיר אויסגעזען זייער לעכערלעך.

אַ געווייסע פֿרוי, וואָס איז געשטאַנען אין דער „רייע“ ביי דער באָד, האָט זיך באַמיט אויסבאַהאַלטן פֿון די דייטשן איר זייגערל. האָט זי אַריינגעפּאַקט די גרויסע גאָלדענע „ציבעלע“ אין מויל אַריין. די ציין האָבן איר דערביי געציטערט פֿון שרעק און גע־קלאַפּט אין דעם מעטאַל. אַלע האָבן געזען דאָס זייגערל, ס'איז געווען אַזוי גרויס, אַז עס האָט אַזש צעשפּאַרט איר מויל, זי האָט אים נישט געקענט פֿאַרמאַכן — און זי איז געווען איבערצייגט, אַז קיינער באַמערקט עס נישט און אַז דאָס זייגערל איז גוט באַ־האַלטן.

די זעלבע שרעק האָב איך געזען אויף די פּנימער פֿון די מענטשן, וועלכע זענען געלאָפֿן ווי די אויגן טראָגן זיי מיט קישנס אויף די קעפּ. מענטשן זענען אַנטלאָפֿן פֿון דער שריפֿה, און די שריפֿה האָט זיי נאָכגעיאָגט. אויף דער גאַס איז געווען אַזאַ היץ, אַז אַלע זענען געווען באַגאָסן מיט שווייס. דער רויך האָט אַריינגעדרונגען אין די אויגן און האָט אַרויסגעדריקט טרערן. יעדע ווילע פֿלעגט מיט אַ גרויסן קנאַק איינפֿאַלן אַ הויז.

איך בין אַנטלאָפֿן פֿון דער שטאָט צוזאַמען מיט אַנדערע. איך האָב מער מורא געהאַט פֿאַר די קי און אָקסן, וואָס האָבן זיך גע־טראָגן, ווי פֿאַר דער שריפֿה.

אחוץ דעם האָט מען זיך געדאַרפֿט היטן פֿאַר די האַרמאַטן־קוילן. באַזונדערס דערנערהווירנדיק זענען געווען די גראַנאַטן. זיי האָבן אונז בסדר געפּייפֿט אין די אויערן. מען האָט זיי נישט געקענט אויסמיידן, ווייל ס'איז געווען אומבאַוווּסט ווו זיי וועלן פֿאַלן.

לסוף האָבן מיר זיך אַרויסגעקריגן פֿון דער שטאָט און זיך באַ־האַלטן אין אַ שפּיטאָל, וואָס מיר האָבן אויפֿן וועג געטראָפֿן, דאָרטן איז אין ערגעץ נישט געווען קיין אָרט. אַלע זאַלן זענען געווען איבערהפֿולט און מיר האָבן זיך געמוזט צוטוליען אין דעם צי־מער פֿאַר אַנשטעקנדיקע חולאים. קיין זאַך האָט מען נישט געטאָרט אָנרירן. מיר זענען דאָרט אָפּגעזעסן אַ גאַנצן מעת־לעת.

דאָס באַשיסן פֿון אַרטילעריע האָט זיך געענדיקט. דער פֿראָנט האָט זיך איבערגערוקט. די דייטשן האָבן ביינאַכט פֿאַרנומען דעם

דאָרף. די אעראָפּלאַנען זענען געפֿלויגן זייער נידריק. מענטשן זענען געווען אַזוי איבערגעשראָקן, אַז ווי נאָר עס פֿלעגט זיך באַווייזן עפּעס אַן אעראָפּלאַן, פֿלעגן זיי פֿאַלן אויף דער ערד און זיך באַהאַלטן אונטער קשאַקעס, אַפֿילו ווען זיי זענען באַשטאַנען בלויז פֿון אַ פּאָר ריטלעך.

לסוף האָבן די דייטשן פֿאַרנומען קאַסאָוו און מיר האָבן זיך אומגעקערט אין שטאָט אַריין. מיר האָבן זיך אויפֿגעהאַלטן ביים טאַטנס באַקאַנטע ביי דער ראָגאַטקע, ווייל נאָר דאָרטן זענען גאַנץ געבליבן עטלעכע הייזלעך. גאַנץ קאַסאָוו איז פֿאַרברענט געוואָרן, גאַנץ געבליבן איז נאָר די קירכע און די הייזלעך ביי דער ראָגאַטקע.

דערנאָך האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די דאָזיקע דראַמע האָט נישט גורם געווען צו קיין שום קרבן, אַחוץ איין ייִד, וועלכער איז אַ פּאַראַליזירטער געזעסן אין פֿאָטעל און מען האָט פֿאַרגעסן אים אַרויסצוטראָגן בעת דער שריפֿה. ווען די מענטשן האָבן זיך אומגעקערט אין שטאָט אַריין און מען האָט זיך וועגן אים דערמאָנט, האָט מען געפֿונען בלויז אַ פֿאַרקוילטן גוף. ווען מען האָט אים אַרויסגעטראָגן אויפֿן הויף, איז ער זיך פֿונאַנדערגעפֿאַלן.

אין קאַסאָוו זענען מיר פֿאַרבליבן צוויי וואָכן. ס'איז געווען אַ שרעקלעכער הונגער.

מיר האָבן געטרוימט וועגן צוריקגיין קיין וואַרשע. מיר האָבן נישט געוווסט, וואָס הערט זיך ביי דער מאַמען. די מאַמע איז פֿאַרבליבן אין קשעמיעניעץ און דאָרטן, האָבן מיר געהערט, זענען פֿאָרגעקומען גרויסע פּאַנצער־שלאַכטן.

פֿאַרבלייבן ווייטער אין קאַסאָוו האָט פֿאַר אונדז נישט געהאַט דעם מינדסטן זין. האָבן מיר זיך אויסגעקליבן קיין גראָדנע, וווּ מיר האָבן געהאַט קרובֿים. אַריינבאַקומען זיך אַהין האָבן מיר טיילווייז צופֿוס, טיילווייז אויף פֿורן, וואָס זענען געפֿאָרן אין יענער ריכטונג.

ווען מיר האָבן זיך לסוף אַהין אַריינבאַקומען, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אויך אונדזערע קרובֿים זענען „נשׂרפֿים”. דאָרט האָט געהערשט אַזאַ הונגער און אַזאַ נויט, אַז ס'איז אוממעגלעך געווען אויסצוהאַלטן.

דאָס ערשטע מאָל אין לעבן האָב איך דאַן פאַרזוכט דעם טעם פון אמתן הונגער.

מיר האָבן דאָרט געלעבט ווי אין תפיסה. ס'איז נישט געווען קיין מעגלעכקייט ארויסצוקריגן זיך פון דאָרטן. עס זענען נישט געווען נישט קיין צוגן, נישט קיין אויטאָס, און די פויערים האָבן מיט קיין פורן נישט געוואָלט פאָרן. קיין געלט האָבן מיר אויך נישט געהאַט.

איינמאָל האָט אונז באַזוכט מיין פעטערס א באַקאַנטער און האָט דערציילט וויאַזוי מענטשן כאַפּן זיך אריבער קיין ווארשע. ער האָט אונז אָנגעצייכנט דעם פּלאַן פון דעם וועג און צוגערעדט מיר זאָלן זיך אהין ארויסלאָזן.

דער פעטער האָט מורא געהאַט צו גיין, איך האָב אָבער באַשלאָסן אדורכצורייסן זיך קיין ווארשע פאַר יעדן פּרייז און האָב געפּייניקט דעם פעטער, אז ער זאָל מיר דערלויבן צו גיין.

לכתחילה האָט דער פעטער נישט געוואָלט הערן וועגן דעם. איך בין אַלט געווען בכך הכל עלף יאָר און בין נאָך קיינמאָל נישט געווען אליין.

דאָס איז געווען א זייער לאַנגער און נישט זיכערער וועג. די איינזנבאַנען האָבן געדינט אויסשליסלעך פאַר מיליטער-טראַנספּאָרטן. אַלע ציווילע פלעגן די דייטשן ארויסוואַרפן פון די צוגן. צופוס האָט עס אויסגעמאַכט א צווי הונדערט קילאָמעטער בערך. אחוץ דעם איז נאָך אויך די פריערדיקע גרעניץ אָפּגעהיט געוואָרן.

נישט געקוקט דערויף, האָב איך זיך באַמיט צו איבערצייגן דעם פעטער, אז זיצן דאָ ווייטער האָט נישט קיין זין, אז איך וועל זיך לייכטער אריבערקריגן ווי א דערוואַקסענער, אז די דייטשן וועלן מיר גאָרנישט טון. און ווי נאָר איך וועל זיך אריבערקריגן קיין ווארשע, וועל איך זיך באַמיען צו פאַרבינדן מיטן טאַטן און מיטן פעטערס פרוי, און צוזאַמען וועלן מיר אראָפּברענגען אהין דער מאַמען און דעם פעטער.

נאָך א לאַנגן ווידערשטאַנד, האָט דער פעטער ענדלעך מסכים געווען.

מיט עטלעכע זלאָטעס אין דער קעשענע, מיט א שטיקל ברויט

אין רוק־זאַק און אַ גאַנצן וואָגן גוטע עצות, האָב איך זיך אַרויסגעלאָזט אין וועג אַריין.

קיין לייכטער ענין איז דאָס נישט געווען.

אַמוויכטיקסטן איז געווען צו כאַפּן עפּעס אַ צוג. געגאַנגען זענען בלויז לאַסט־טראַנספּאָרטן און די דייטשן פּלעגן אומברחמנותדיק אַרויסוואַרפן די אומגעבעטענע פּאַסאַזשירן, מעגן זיי ברעכן דערביי האַלדז און נאַקן.

מיר איז אָבער געלונגען צו כאַפּן אַ צוג מיט פּוילישע קאָנדוקטאָרן, וואָס איז געגאַנגען פון גראָדנע קיין באַראַנאָוויטש. מיר האָט זיך איינגעגעבן נושא חן צו זיין ביי זיי, ווייל איך האָב גוט גערעדט פּויליש. האָבן זיי זיך מיט מיר פאַרנומען פון דער ערשטער מינוט אָן און אויף אַזאַ אופן בין איך ווי עס איז דערפאָרן ביז באַראַנאָוויטש. אין באַראַנאָוויטש האָבן מיר די קאָנדוקטאָרן געראַטן אַריינצוזעצן זיך אין עפּעס אַ צוג, וואָס גייט אויף מערב.

פּונקט האָט זיך געמאַכט אַ צוג מיט ציסטערנעס. האָב איך זיך אַריינגעזעצט אין אַ וואַגאָן־ביידל, כאָטש איך האָב אַפילו נישט געוווסט גענוי וווהין דער צוג גייט (געוווסט האָב איך נאָר, אַז אויף מערב). דערנאָך האָבן זיך אָנגעשפּאַרט אין ביידל פול מענטשן מיט קלומיקלעך. האָב איך זיי אָפּגעטראָטן דעם פּלאַץ און זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ שטיגל. לסוף האָט מען מיך אַרויסגעשטויסן אויך פון דאָרטן — אויף די בופערן — און איך האָב געמוזט זייער פאָרזיכטיק זיין איך זאָל נישט איינשלאָפן און נישט אַראָפּפאַלן אונטער די רעדער.

אויסגעזען האָב איך זייער שלעכט. איך בין געווען זייער אויסגעדאַרט און ברודיק. מיין אָנטועכץ איז געווען צעריסן. דער קאָפּ אָפּגעראַזירט.

איך בין כסדר געווען הונגעריק. קיין ברויט האָב איך שוין לאַנג אין די אויגן נישט געזען. אין רוק־זאַק האָב איך געהאַט עטלעכע אוגערקעס, — האָב איך אין וועג באַמיט אויסצוטוישן זיי אויף שוואַרצע, טרוקענע סוכאַרעס.

מיר זענען אָנגעקומען קיין טשיזשעוו. דאָ איז געווען די פריערדיקע דייטש־רוסישע גרענעץ, און דייטשע וואַכליים האָבן דאָ

נאָך אַלץ קיינעם נישט דורכגעלאָזט אין דער „גענעראַל־גובערניע“.
מען האָט זיך געמוזט אַרויסזעצן פון צוג און איבערוואַרטן.

אָבער מענטשן האָבן זיך אַן עצה געגעבן. זיי האָבן געוווּסט פון אַ וועג, וווּ קיין דייטשן זענען נישטאָ. מיט יענעם וועג זענען זיי געגאַנגען, און איך — מיט זיי. ס'איז אויסגעקומען דורכצומאַכן שרעקלעכע זומפּן. די פיס פלעגן זינקען אין דער בלאָטע, מיר האָבן זיי געשלעפּט מיט גרויסע שוועריקייטן.

צום סוף זענען מיר אָנגעקומען קיין מאַלקין, וואָס האָט זיך געפונען אויף דער פריערדיקער דייטשער זייט.

פון דאָרטן האָט ביינאַכט געזאָלט אָפּגיין אַ צוג קיין וואַרשע מיט פאַרווונדערטע רוסישע זעלנער.

דאָרטן האָבן שוין מענטשן געקויפט נאָרמאַל באַן־בילעטן. איך האָב אָבער נישט געהאַט קיין געלט און געמוזט פאָרן „אויף גאַפּע“.

ביינאַכט בין איך אָנגעקומען אויפן מזרח־וואָקזאַל און דאָרטן איבערגעוואַרט ביז אינדערפרי.

פינף אַזייגער בין איך אויפגעשטאַנען און זיך אַרויסגעלאָזט אויף פּראַגע. די טראַמווייען האָבן שוין אָנגעהויבן קלינגען, די גאַסן אָבער זענען נאָך געווען גרוי און פּוסט.

איך בין געגאַנגען אַליין מיט אַ פּעקעלע אויף די פּלייצעס. פּלוצלינג האָט מיך באַמערקט אַ פּאָליציאַנט, וואָס איז געשטאַנען אויף דער וואַך, און האָט מיך פאַרהאַלטן. איך האָב אַבסאָלוט נישט געקענט די פאַרהעלטענישן אין וואַרשע און נישט געוווּסט וואָס מען מעג און וואָס מען טאָר נישט.

— וווּהין גייסטו? — האָט ער מיך געפרעגט.

— צום טאַטן. — ענטפער איך.

— און וווּ איז דיין טאַטע?

— אין געטאָ.

איך בין באַגאַנגען אַ נאַרישקייט, וואָס איך האָב אַזוי געענטפערט, אָבער איך בין נאָך געווען נאַיוו, „גרין“, אַ ראָצער. איך בין נאָר וואָס געקומען פון רוסלאַנד און נאָך נישט געקענט ליגן זאָגן.

דאָ האָט זיך מיין פּאָליציאַנט זייער דערפרייט און אַ זאָג געטון מיט סאַטיספאַקציע:

— ביסטו הייסט עס אַ ייד? און וואָס שמוגלסטו אין געטאָ?

— גאָרנישט. — זאָג איך.

האָט ער מיר געהייסן באַווייזן דעם רוקזאַק און גענומען באַטאַפּן דעם גאַנצן קערפּער.

איך בין געווען אַזוי מאָגער, אַז אויסער ביינער, האָט ער קיין שום זאַך נישט אויסגעטאַפּט. אין רוק־זאַק ווידער האָט ער געפונען אַביסל ברודיקע וועש און צוויי אַלטע סוועטערס.

האָט ער זיך צוגעטשעפּעט, אַז איך שמוגל וואָל אין געטאָ.

האָב איך זיך געוואָלט אַרויסדרייען און גיין ווייטער, אָבער ער האָט מיך נישט געלאָזן. ער האָט מיך אַרומגעשלעפּט פון פינף אינדערפרי ביז מיטאָג: ד. ה. אַזוי לאַנג ווי ער האָט געהאַט דינסט. ער האָט מיך געמוזט היטן, אַז איך זאָל נישט אַנטלויפן און האָט מיר כסדר געדראָט, אַז ער וועט מיך שיסן, אויב איך וועל פּרוון אַנטלויפן, „ווייל ער קען אַזעלכע פויגל“.

דערביי איז ער געשטאַנען אויפן ראָג און האָט זיך אויפמערקזאַם צוגעקוקט צו אַלע פאַרבייגייער. פון צייט צו צייט פלעגט ער פאַרטשעפּען עמיצן.

לסוף האָט ער געפונען אַ קרבן. דאָס זענען געווען גוט געקליידעטע צוויי מענטשן — אַ הער און אַ דאַמע. איך האָב אין זיי נישט געזען קיין שום אויסערגעוויינלעכס. זיי זענען געווען ענלעך צו די איבעריקע דורכגייער. אָבער אים זענען זיי, ווייזט אויס, נישט געפעלן געוואָרן, ווייל ער האָט זיי אָנגעהויבן נאָכצוגיין און איך האָב אים געמוזט באַגלייטן. לסוף, ווען זיי האָבן שוין געדאַרפט אַריינגיין אין עפּעס אַ הויז, האָט ער זיי פאַרהאַלטן און געהייסן זיי זיך אויסלעגיטימירן.

איך האָב באַמערקט, אַז די דאַמע איז בלייך געוואָרן. איר חבר האָט אָנגעהויבן אַרויסצונעמען די פּאַפּירן, פרעגנדיק דערביי מיט כעס, אויף וואָס פאַר אַ גרונט ער פאַרהאַלט זיי.

דער פּאָליציאַנט האָט געמאַכט דעם אָנשטעל, אַז ער באַטראַכט די פּאַפּירן, אָבער כ'איז קענטיק געווען, אַז ער לייענט זיי נישט. דאַקעגן האָט ער זיי צוגערעדט זיי זאָלן זיך מודה זיין,

אַז זיי זענען ייִדן, — אַנדערש וועט ער זיי אַוועקפירן אין געס־טאַפּאָ, ווו „מען וועט שוין פון זיי אַרויסקריגן דעם אמת". די דאָ־זיקע קונצן מיט די פּאַפּירן קען ער שוין גוט און האָט שוין נישט איינעם מיט אַזעלכע פּאַפּירן אַוועקגעשיקט אויף יענער וועלט.

פאַר דער צייט וואָס ער האָט אַזוי גערעדט און זיך געקאָכט, האָב איך זיך גוט צוגעקוקט צו די דאָזיקע מענטשן. ערשט איצט האָב איך זיך געכאַפּט, אַז זיי זענען טאַקע אויף אַן אמת ייִדן, זיי זענען געווען זייער בלייך און געהאַט אינגאַנצן פאַרענדערטע אויגן.

מיטאַמאָל האָט דער פּאָליציאַנט געענדערט זיין טאָן. ער האָט אָנגעהויבן כלומרשט רחמנות האָבן אויף זיי. ער האָט קענטיק אָפּגעשאַצט זייערע מאַנטלען און דעם פוטער־קאָלנער און איך האָב געהערט ווי ער האָט אָנגערופן עפּעס אַ סומע. איך האָב נישט געהערט איר גרויס, ווייל ער האָט מיר געהייסן אָפּצוטרעטן אין אַ זייט.

נאָך אַ ווײַלע דינגען זיך, האָט דער הער אים אַרייַנגערוקט עפּעס אַ סומע אין יד אַחיין און געוואָלט אַוועקגיין. אָבער דער פּאָליציאַנט איז דאָכ געווען ווייניק — ער האָט זיך נאָך געהייסן ווייזן פונדערהויטן זייער דירה און האָט פאַרצייכנט איר נומער. און אויך איצט האָט ער נאָך זיי נישט אָפּגעלאָזט. ער איז זיי נאָכגעגאַנגען ביז דער וווינונג, כדי צו איבערצייגן זיך, צי האָבן זיי אים נישט אָפּגענאַרט.

איך האָב באַמערקט, אַז די פרוי האָט זיך קוים געהאַלטן אויף די פיס, אַזוי אַז דער הער האָט זי אונטערגעהאַלטן. דאָס זענען שוין נישט געווען די זעלבע מענטשן.

און דער פּאָליציאַנט איז זיך צוריקגעגאַנגען אויף זיין וואַך־פונקט אין אַ גוטער שטימונג.

און איך בין נאָך אַלץ געווען אַ נאַר און קיין זאַך נישט פאַר־שטאַנען. איך האָב זיך אָנגעהויבן אָריענטירן אין דער לאַגע ערשט דאַן, ווען ער האָט אַ צווייט מאָל פאַרהאַלטן אַ ייִדישע פרוי אויף דער גאַס.

דאָס איז געווען אַן עלטערע אָרימע פרוי. ער האָט זי אַוועקגע־פירט אין קאָמיסאַריאַט, אַרייַנגעשטופּט אין אַ קעמערל און האָט

זי דאָרטן געשלאָגן מיט אַ שמעקן איבערן קאָפּ. זי האָט געהאַט ביי זיך נישט מער ווי פינף גילדן. האָט ער ביי איר צוגענומען דאָס געלט און זי דאָרט איבערגעלאָזט. וואָס מיט איר איז דערנאָך געשען, ווייס איך נישט.

איך אַליין האָב געהאַט ביי זיך בלויז 50 גראָשן, האָב איך נישט געוווסט וואָס צו טון דערמיט. כ'האָב שוין פאַרשטאַנען, אַז איך בין אַריינגעפאַלן. אַנטלויפן האָב איך נישט געקענט, ווייל ער האָט מיך גוט געהיט. ער איז, ווי עס שיינט, געווען אַ ספּעציאַליסט אין יסצוכאַפּן יידן און שמוגלערס אין געטאָ.

ביי טאָג האָט ער מיך געבראַכט אין קאָמיסאַריאַט, אַוועקגעזעצט אויף אַ באַנק, און איז אַליין עפּעס אַוועק אויף אַ ווײַלע, מסתמא — צו מאַכן אַ „לחיים" נאָך דער „אַרבעט".

דערמיט האָב איך זיך באַנוצט און אַזוי ווי די באַנק איז געשטאַנען נאָנט צו דער טיר, האָב איך געמאַכט פּליטה.

איצט האָב איך שוין געוווסט פון דער דערפאַרונג, אַז אַרומצושלעפּן זיך אויף די גאַסן איז ווייט נישט קיין זיכערע זאַך, בפרט מיט אַזאַ אויסגעמאַטערטן אויסזען ווי ביי מיר.

איך האָב געוואָלט וואָס שנעלער צוצוקריגן זיך צום פּאָטער.

איך האָב אויסגעגעבן מיינע פּאָר גראָשן און צוגעפאָרן צו דער מויער פון געטאָ.

איך האָב דאָרט געזען די גאַנצע באַנדע, וואָס איז געשטאַנען אויף דער וואַך: די פּוילישע פּאָליציי, „אָרדנונגס־דיענסט" (אָרדנונגס־פּאָליציי).

אויף ביידע זייטן פונם געטאָ־טויער — אויף דער יידישער און אויף דער פּוילישער — איז געשטאַנען אַ וואַך. אחוץ דעם האָבן פּאַטרולן אַרומגעשפּאַצירט הינטער די מויערן. דורך דאָרטן איז נישט געווען מעגלעך אַריינצוקריגן זיך.

איך האָב געזען איינעם אַ קליין יינגעלע מיט אַ זעקעלע (ס'האָט אויסגעזען ווי אָנגעשטופּט מיט עפּעס), וואָס האָט געפּרוווט דורכצושמוגלען זיך דורכן מויער. אָבער מען האָט אים באַמערקט און די דייטשן האָבן אים אַזוי צעשלאָגן, אַז דאָס יינגעלע האָט קיין כוח נישט געהאַט אויפצושטיין. מען האָט ביי אים אַרויסגעריסן

דאָס זעקעלע און אויסגעשאָטן פון אים אַביסל מערעלעך און רויע קאַרטאָפל.

איך האָב געזען, אַז אַ טראַמוויי פאָרט דורכן געטאָ, האָב איך אַ טראַכט געטון, אפשר וועט מיר געלינגען אַרויסצושפּרינגען פון טראַמוויי. דער טראַמוויי איז אָבער דורכגעפאָרן דורכן געטאָ זייער שנעל, און ביי יעדן אַרויסגאַנג איז געשטאַנען אַ באַוואָפנטער פּאָליציאַנט. וואָס זשע טוט מען? — בין איך כסדר אַרומגעפאָרן מיטן טראַמוויי הין און צוריק, אין דער האָפנונג, אַז אפשר וועט מיר דאָך געלונגען אויסצונוצן אַ פּאַסיקן מאָמענט און אַרויסצושפּרינגען.

איך האָב אויסגעגעבן אויף בילעטן דאָס גאַנצע געלט מיינס און בין שוין געפאָרן אויף „גאַפּע“ אויף דער „בלינדער זייט“ פון טראַמוויי.

אָבער אומזיסט זענען געווען מיינע באַמיונגען. אין געטאָ איז מיר נישט געלונגען אַריינצוקריגן זיך.

האָב איך זיך אומגעקערט אין שטאָט אַריין און אַריינגעטראַכט, וואָס איך זאָל דאָ טון.

דאָ האָב איך זיך דערמאָנט, אַז מיר האָבן אַמאָל געהאַט' אַ דינסט, וועלכע האָט געדינט ביי אונז נאָך פאַר מיין געבוירן ווערן. אייגנטלעך איז זי נישט געווען קיין דינסט. זי האָט פּאַקטיש מיך מיט דאַנקען דערצויגן און האָט כמעט געהערט צו דער פאַמיליע. איך האָב זי אפילו גערופן „מומע“. נישט איינמאָל איז מיר אויסגעקומען צו כאַפּן שמיץ פון איר, דאָך בין איך געווען צו איר צוגעבונדן.

פון דער מאַמען, געדענק איך, פלעג איך אויך קריגן שמיץ. על פי רוב פלעגט עס געשען, ווען איך פלעג שלאָגן דאַנקען דערפאַר, וואָס זי האָט מיר געשטערט אין לייענען, אָדער ווען איך פלעג אַרויפקלעטערן אויף דער אַנטרעסאָליע, צי קריצן מיט אַ פּינישן מעסער אינם מעבל.

איך האָב אויך שרעקלעך ליב געהאַט אויפצושניידן מיט אַ מעסער די בייכלעך פון דאַנקעס ליאַלקעס. אַ מאָדנע הנאה האָב איך געהאַט דערפון, וואָס דאַנקע פלעגט מאַכן אַ גוואַלד און פליען מיט דער ליאַלקע צו דער מאַמען, צו דער באָבען, צום טאַטן, און

פון דער ליאַלקעס בויך פלעגן זיך בשעת מעשה שיטן מראַטשענעס.

די דאָזיקע „מומע" מײַנע איז געווען אַ פּאַלקע, און איך האָב נאָך געדענקט ווו זי וווינט.

בין איך צו איר אַוועק.

שוין פונדערווײַטן האָב איך דערזען די סילוועטקע פון איר מאַן בײַ דער פורטקע. איך האָב אים באַלד דערקענט, ווײַל ער האָט מיך נישט איינמאָל געהוידעט אויף זײַנע קני, ווען איך בין געווען אַ קלײנער.

בין איך צו אים צוגעגאַנגען און אים באַגריסט:

— דזיען דאָברי, פּאַניע דאַנקו!

האָט ער אַ קוק געטון אויף מיר און האָט מיך אין דער ערשטער רגע נישט דערקענט. איך האָב זיך אַבסאָלוט נישט געוווּנדערט, ווײַל איך בין געווען ברודיק ווי אַ פּאַרזעעניש און אָפּגעריסן ווי אַ שלעפּער.

— איר געדענקט מיך נישט! — מאַך איך צו אים — דאָס בין איך דאָך, יורעק.

ער האָט אַזש אַ שפּרונג געטון פון פאַרווונדערונג און שמחה, ווען ער האָט זיך געכאַפּט ווער איך בין. ער האָט מיך אַ כאַפּ געטון אויף די הענט און הוידענדיק מיך, ווי אין די אַמאָליקע צײַטן, איז ער אַרײַנגעלאָפן אין שטוב אַרײַן און אויסגערופן:

— צעלינאַ, יולעק איז געקומען, יולעק! האָפּ, האָפּ!

אַזעלכע פײַנע מענטשן זענען עס געווען, אַזעלכע אָרנטלעכע! די גאַנצע פאַמיליע זייערע איז געווען אַזאַ. אַליין האָבן זיי גאָר־נישט נישט געהאַט און מיט אַלעמען האָבן זיי זיך געטיילט. זיי האָבן זיך אַבסאָלוט נישט גערעכנט מיט דער דראָענדיקער געפאַר.

צעלינע האָט פאַר מיר גלײַך אָנגעוואַרעמט אַ קעסל וואַסער און האָט מיר אָנגעגאָסן די באַליע, איך זאָל זיך אויסבאָדן.

איך בין געווען אַזוי ברודיק און פאַרלויזיקט, אַז איך האָב זיך געשײַערט אַ גאַנצע שעה.

דערנאָך האָט זי אָפּגעקאָכט אַ ווײַסן באָרשטש, צוגעגרייט גרויסע פּיראָזשקעס און מיר האָבן זיך געזעצט עסן. איך בין געווען אַזוי אויסגעהונגערט, אַז איך האָב אויפגעגעסן אַזויפיל, וויפיל זיי אַלע צוזאַמען. ס'איז שוין פשוט געווען אַ חרפּה צו עסן מער.

דערנאָך האָט צעלינע טעלעפאָנירט צום טאַטן אין געטאָ אַריין, אַז ער זאָל קומען נאָך מיר. איך ווייס נישט אויף וואָס פאַר אַן אופן זי האָט דאָס געמאַכט, אָבער, ווייזט אויס, אַז דעמאָלט איז דאָס נאָך געווען מעגלעך.

דער טאַטע האָט געהאַט אַ פּאַסיר־שיין, וואָס האָט דערלויבט צו באַוועגן זיך אין שטאָט, איז ער דערמיט אַרויס פון געטאָ און געקו־מען צו מיר.

ווען איך האָב פריער ביים טעלעפאָנירן גענומען דאָס הער־טרייבל אין האַנט אַריין און אַרויסגערעדט די ווערטער: „האַלאָ, טאַטע!“, איז אַ לאַנגע ווײַלע געווען שטיל אין אַפּאַראַט. דער טאַ־טע האָט קיין וואָרט נישט געקענט אויסריידן.

לסוף האָב איך געהערט דעם טאַטנס שטימע:

— „גוט מאָרגן, אַלטער!“

איך בין אַריינגעקומען אין געטאָ.

איך בין געווען שרעקלעך אויסגעדאַרט. ווען איך האָב זיך אויס־געטון כדי צו וואַשן זיך, האָט דער טאַטע זיך אַוועקגעשטעלט אַרום מיר און גענומען דרייען מיך אויף אַלע זייטן. אַלע ביינער האָבן ביי מיר געסטערטשעט.

איך האָב באַמערקט, אַז דער טאַטע האָט קיין וואָרט נישט גע־קענט אויסריידן. ער האָט זיך אָפּגעקערט און איז שנעל אַרויס אין צווייטן צימער.

דערנאָך פלעגט ער מיר קויפן אַלץ, וואָס ער האָט נאָר געקענט: קוכן, אײַז־קרעם, ווייס ברויט.

איך האָב אפילו נישט געוואָלט, אַז דער טאַטע זאָל אויסגעבן אויף מיר אַזויפיל געלט, ווייל אין געטאָ איז דעמאָלט געווען אַ שרעקלעכער יקרות. דער טאַטע האָט, ווי עס שיינט מיר, פאַר־קויפט דער מאַמעס פוטער, כדי צו האָבן געלט אויף עסן.

ווייס ברויט פלעגט ער קויפן נאָר צוליב מיר.

ס'פלעגט אָפט טרעפן, אַז איך פלעג אויף פרישטיק אויפעסן דאָס גאַנצע ברויט און דער טאַטע פלעגט דעריבער מוזן צוקויפן, אַזוי אויסגעהונגערט בין איך געווען. וויפיל שטיקלעך דער טאַטע זאָל מיר נישט האָבן צוגעגרייט, איז מיר אַלץ געווען ווייניק. אָפט פלעגט מיר דער טאַטע דערמאָנען, וויאַזוי איך פלעג

נישט וועלן עסן פאר דער מלחמה. איצט האב איך זיך פשוט גע־שעמט, וואס איך בין אזא פרעסער.

גערעדט האבן מיר בלויז אויף רוסיש, ווייל דער טאטע האט זייער ליב געהאט די דאזיקע שפראך, און איך האב זי שוין אביסל געקענט.

שפעטער, ווען איך בין אביסל געקומען צו זיך, בין איך מיטן טאטן אוועקגעפארן קיין פאלעניץ, דארט האט געוווינט די מומע, ביי וועמען דאנקע איז געווען. די דאזיקע מומע איז געווען א פאלקע. דער טאטע האט געוואלט, אז אויך איך זאל ביי איר פאר־בלייבן. איך האב אבער נישט געוואלט שיידן זיך מיט אים. אגב, האב איך חשק געהאט ווייטער זיך צו לערנען.

בין איך דעריבער פארבליבן אין געטא.

געוווינט האבן מיר אין אן אנשטענדיקער וווינונג אויף כלאדנע.

אין א קורצער צייט ארום האבן די דייטשן ענגער געמאכט דאס געטא און מיר האבן זיך געמוזט ארויסציען, ווייל אונזער טייל כלאדנע איז איינגעגלידערט געווארן אין דעם ארישן טייל. דער טאטע האט אבער נישט געקענט געפינען קיין וווינונג. לסוף איז אים געלונגען צו קויפן א וווינונג אין גרויסן געטא.

די אזוי גערופענע גרויסע און קליינע געטא זענען געווען פארוויי־ניקט מיט א בריק איבער דער כלאדנע גאס. די גאס גופא האט געהערט צו דערארישער געגנט.

דאס גרויסע געטא איז געווען שרעקלעך איבערפולט, ווייל דא איז געווען די אמאליקע יידישע געגנט. דארט האט געהערשט הונ־גער און טיפוס אלס צולאג. מענטשן פלעגן מאסנווייז פאלן אין די גאסן. פון איין זייט האט מען געקענט זען לוקסוס און רייכקייט און פון דער צווייטער — הונגער און טויט.

ס'זענען דעמאלט געווען אזעלכע רייכע מענטשן אין געטא, אז זיי האבן נישט געוווסט וואס צו טון מיטן געלט, אבער אנדערע האבן זיי נישט געהאלפן. ביי זייערע הייזער פלעגן ארימעלייט טאג־טעגלעך שטארבן פון הונגער.

ס'איז געווען, צום ביישפיל, אין געטא א טעאטער אויף לעשנא, — „פעמינא" האט עס געהייסן — זענען דארט געשטאנען קלוב־פאטעלן און פלעצער פלעגן דארט קאסטן טויזנטער. מענטשן פלעגן

אהין צופארן אויף ריקשעס און דאס טעאטער איז יעדן טאג גע־
ווען איבערפולט.

ביים טעאטער איז געווען א ווורשט־געשעפט „אלא פורשעט״.
האט מען דארט געקענט קריגן גענדזלעך, אינדיטשקעס און כל
המינים פליישן — געווי אזוי ווי פארן קריג.

און ביי דער זייט זענען אויף דער גאס געלעגן מענטשן און
אויסגעגאנגען פון הונגער.

אין געטא האבן זיך אפגעשפילט שרעקלעכע סצענעס. דורכגיין
די גאס מיט א פעקל אין דער האנט האט מען נישט געקענט, —
ארימע לייט פלעגן דאס ארויסכאפן פון די הענט און אנטלויפן.

די מירן פלעגן זיך נישט פארמאכן אין די הייזער — אזויפיל
בעטלער פלעגן אין זיי קלאפן. ס'איז נישט מעגלעך געווען צו העלפן
זיי אלעמען.

די פרויען, וואס פלעגן פארקויפן זעמל אויף די גאסן, פלעגן די
קוישן מוזן באדעקן מיט אזעלכע נעצן, ווייל אנדערש פלעגן די
ארימעלייט ארויסכאפן די זעמל פון די קוישן און תיכף ומיד
אריינשטופן זיי אין מויל אריין.

ווען איך בין איינמאל געגאנגען אין שול אריין אויף פאנסקע,
האב איך געזען ליגן א פרוי אינמיטן גאס. זי האט זיך געדרייט
פון ווייטיק און שרעקלעך געקרעכצט. ווען איך בין צוריקגעגאנגען
פון דער שול, האב איך די זעלבע פרוי שוין געזען א צוגעדעקטע
מיט א פאפיר.

נישט איינמאל פלעגט מען פון א בר־מינן אראפציען די הויל־
צערנע שיך, כדי צו קויפן פאר זיי א צייטונג אויף צוצודעקן אים.
די מתים פלעגן מוזן ליגן אויף דער גאס זייער לאנג, ביז די „עגלה״
פלעגט קומען נאך זיי.

אין די הייזער זענען געשאפן געווארן הויז־קאמיטעטן, צו וועל־
כע אלע לאקאטארן האבן געמוזט געהערן און צאלן מיטגלידס־
אפצאל. דאס געלט פלעגט גיין אויף מקבר צו זיין די מענטשן,
וואס מען פלעגט געפינען געשטארבענע פארן געגעבענעם הויז. אן
געלט פלעגט דער „חסד של אמת״־פורמאן נישט צונעמען קיין מת.
אפט פלעגט דער הויז־וועכטער נעמען א מת פאר די פיס און

שנעל אים צושלעפּן צו אַן אַנדער הויז, כּדי זיין הויז זאָל אויס־מיידן די אויסגאַבן אויף מקבר צו זיין אים.

אָרימע קינדער פלעגן בעטלען. אָפט פלעגט מען זען פולשטענ־דיק נאַקעטע, נישט געקוקט אויף דעם פראָסט און דעם שניי.

געשוואָלענע פון הונגער, נאַקעטע קינדער — פלעגן זינגען אויף דער גאַס ספּעציעלע לידלעך וועגן דעם „חסד של אמת"־פירער פינקערט און וועגן די ברויט־קאַרטעס, וואָס מען דאַרף פאַרן טויט באַהאַלטן פאַר אים, ווייל אַנדערש וועט ער נישט וועלן מקבר זיין. זינגען פלעגן זיי אַן ערך אַזוי:

אוי, די באָנעס,
איך וויל נישט געבן די באָנעס.
כ'וויל בעסער ברויט אַ שטיקל,
ווייל דאָס איז דאָך דער עיקר.
דער פּינקערט איז אַ „לקח"
די באָנעס כאַפּט אַוועק ער,
נעמט אונזער ברויט ביים בעקער
טראַ־לאַ־לאַ,
טראַ־לאַ־לאַ.

זיי האָבן אויך געהאַט אַן אַנדער לידעלע:

מעות, מעות,
מעות איז אַ גוטע זאַך.

וועגן געטאָ קען מען דערציילן גאַנצע טעג און נעכט. מען קען עס אויך באַצייכענען מיט איין וואָרט: דאָס איז געווען אַ גיהנום.

אין אַ צייט אַרום האָבן מיר באַקומען פון דער מאַמען אַ ידיעה פון קשעמיעניעץ, אַז זי לעבט דאָרט, אָבער ס'איז איר זייער שלעכט, ווייל די דייטשן מאַכן שרעקלעכע פּאָגראָמען אויף ייִדן. אויך דער פעטער פון גראָדנע האָט אין אַ בריוו געבעטן, אַז מען זאָל אים אַראָפּברענגען קיין וואַרשע, האָט דער טאַטע זיך גענומען וועגן דעם באַמיען און ס'איז אים געלונגען זיי אַראָפּצוברענגען.

מיר האָבן אַלע צוזאַמען געוווינט אויף דער גענשע. מיר האָבן אויך דאַנקען אַראָפּגעבראַכט פון פאַלעניץ און די גאַנצע פאַמיליע

איז ווידער געווען פאַרייניקט. דאָס איז פאַר אונז געווען אַ גרויס גליק אין די דאָזיקע שלעכטע צייטן.

דער טאַטע האָט געמוזט אַרבעטן, כדי אויסצוהאַלטן די גאַנצע פאַמיליע. דאָס לעבן אין געטאָ איז געווען שרעקלעך טייער, און פאַרדינסט-מעגלעכקייטן זענען קיינע נישט געווען. מען האָט זיך געבראָכן דעם קאָפּ כדי אויסצוטראַכטן עפּעס אַ פּרנסה. לסוף האָט דער טאַטע באַשלאָסן צו ריזיקירן און אויפשטעלן זיך אַ מילכל צו מאָלן קאָרן. דאָס מאָלן תבואה אין געטאָ איז געווען פאַרבאָטן אונטער דער הראָאונג פון טויט-שטראָף.

אַמאָל האָט דער טאַטע געהאַט אַ האַלץ-סקלאַד, האָט ער דער־מאָלט באַקומען אַ דערלויבעניש אײַנצוקויפן אַן עלעקטרישן מאָ־טאָר צו שנײַדן האָלץ. איצט איז אים דער דאָזיקער מאָטאָר נישט געווען נייטיק, פלעגט ער ביינאַכט איבערלייגן דעם טראַנסמיסיע־פּאַס פונם מאָטאָר אויף אַ קליין מילכל און האָט געמאָלן תבואה.

מען האָט געדאַרפט זיין זייער פאָרזיכטיק, אַז די דייטשן זאָלן גאָרנישט נישט אויפדעקן, ווייל זיי פלעגן כסדר אַרומגיין און נישטערן. דערפאַר האָט מען דערביי געקענט נישט שלעכט פאַרדינען. שפּעטער האָט מען צום געטאָ צוגעטיילט אַ שטיק זשעלאַזנע, האָבן מיר זיך אַהין אַריבערגעצויגן פון גענשע.

דאָרטן איז נאָך קיין רעכטער צוים נישט געווען, ווייל דאָס איז געווען אַ נייע געגנט און מען האָט נאָך קיין געטאָ-וואַנט נישט באַ־וויזן אויפצושטעלן. אָנשטאָט אַ געמויערטער וואַנט איז אין מיטן גאַס דורכגעגאַנגען אַ צוים פון שטעכל-דראָט. וואַך האָבן דערביי געהאַלטן פּוילישע פּאָליציאַנטן. פון צייט צו צייט פלעגן זיך דאָרט אַרומדרייען אויך דייטשע פּאַטרולן. דורך די דאָזיקע דראָטן איז געגאַנגען דער הויפּט-שמוגל אין געטאָ.

איך האָב אַלץ גוט געזען, ווייל מיר האָבן געוווינט נישט ווייט. געמאַכט געוואָרן איז עס אַזוי:

אויף דער אַרישער זייט פלעגט אין עפּעס אַ טויער שטיין אַ פּאָליאַק מיט אַ קויש, אין וועלכן ער פלעגט האָבן ברויט, קאַר־טאָפל אָדער אַ שטיקל פּוטער.

אויף דער געטאָ-זייט ווידער ביי די דראָטן, פלעגט געוויינלעך שטיין אַ ייד און זיך דינגען. דערנאָך פלעגט דער ייד אַריבערוואַרפן

א גוט איינגעבונדן פעקעלע מיט געלט, וואָס דער פּאָליאַק פלעגט כאַפּן און איבערציילן. נאָכדעם פלעגט מען וואַרטן, אַז דער פּאָלי־ציאַנט זאָל זיך אָפּקערן, כדי מען זאָל קענען אַריבערוואַרפן דאָס פּעקל עסן.

איין טראַנזאַקציע אַזאַ פלעגט אָפּט דויערן אַ האַלבן טאָג. מען האָט פריער געדאַרפט איבערקויפן דעם פּאָליציאַנט און דער־ביי אָנטרעפן אויף אַן אָרנטלעכן, דאָס הייסט אַזעלכן, וואָס זאָל נאָכן צונעמען דאָס אויסקויף־געלט, נישט אַוועקרויבן אויך די סחורה, אָדער נישט „אַרויסגעבן" די מענטשן.

צייטנווייז פלעגט דער קונה און דער פאַרקויפער זיך אָפּדינגען גאַנצע שעהן. אָפּט פלעגט אַ פּאָליאַק צוכאַפּן דאָס געלט און פלעגט זיך שוין מער נישט באַווייזן.

דעמאָלט האָב איך מיך איבערצייגט, אַז מענטשן באַזיצן פאַר־שידענע מדרגות פון אָרנטלעכקייט.

אַמשווערסטן איז געווען די הענדלער־קינדער, ווייל זיי האָבן נישט געהאַט קיין געלט אויף איבערצוקויפן די פּאָליציאַנטן. עס פלעגן אויך טרעפן אָרנטלעכע פּאָליציאַנטן, וועלכע פלעגן זיך אָפּ־דרייען אין אַ זייט אָן געלט, און אַ קליין הענדלערל פלעגט זיך אַזוי אַרום קענען דורכשמוגלען פאַרביי זיי. על פי רוב אָבער זענען דאָרט געשטאַנען רשעים. ווען אַזאַ איינער פלעגט כאַפּן אַ „זשי־דאָווסקי באַכאַר", פלעגט ער אים אַזוי צעממיתן, אַז דאָס צעמזיק־טע קינד האָט שוין פאַרלוירן אויף אייביק די פעיקייט צו האַנדלען. גאַנץ אָפּט פלעגט ער אַזאַ „פאַרברעכער" איבערגעבן אַ דייטש, דאַן האָט מען אים שוין מער נישט געזען.

זייער אָפּט פלעגן זיך דייטשע זשאַנדאַרמען באַהאַלטן און שיכן פון אַ באַהעלטעניש. איך האָב אַליין געזען, ווי איינער האָט אויס־געשאָסן אין צוויי, גאָט די נשמה שולדיקע פרויען, וואָס זענען דורכגעגאַנגען די גאַס. איינער האָט ער געטראָפן אין פּוס, און דער צווייטער — אין בויך. פון דער געטראָפענער אין פּוס האָט זיך געגאָסן אַזויפיל בלוט, אַז די גאַנצע גאַס איז רויט געווען. אַ באַ־ווסטלאָזע האָט מען זי שפּעטער ערגעץ אַוועקגעפירט.

דער עיקר פלעגן פאָרקומען די שיסערייען נאָענט פון די דראָטן. מען האָט דאָרט געהאַלטן אין איין אָפּשאָבן דאָס פאַרגליווערטע

בלוט פון די גאסן, אָדער באַגיסן עס מיט וואַסער, אַז דאָס רויט־קייט זאָל אַראָפּרינען אין רינשטאָק.

נישט געקוקט אויף אַלע פאַרבאָטן, כאַפּעכצן און שיכעררייען, האָט מען כסדר געשמוגלט שפּייז אין געטאָ. ווען נישט דער שמוגל, וואָלטן אַלע אויסגעשטאָרבן פון הונגער. פונם שמוגל אין געטאָ האָבן געלעבט טויזנטער פאַמיליעס אין וואַרשע.

מען האָט געפירט אַ קליינעם שמוגל און אַ שמוגל אין גרויסן פאַרנעם. איך האָב איינמאָל געזען ווי אַ גאַנצער לאַסט־אויטאָ, וואָס איז געווען אָנגעלאָדן מיט פלייש, איז דורכן טויער אויף זשעלאַזנע אַריינגעפאָרן אין געטאָ. ווען די דייטשן האָבן זיך גע־כאַפּט, האָבן זיי אָנגעהויבן שיסן אויף אים, ער האָט זיך אָבער נישט פאַרהאַלטן און האָט זיך מיט דער גאַנצער קראַפט אַ לאָז געטון פאָרויס.

אַלע ערטער, דורך וועלכע ס'איז געגאַנגען דער שמוגל, האָט מען גערופן „מעטע". עס זענען געווען פאַרשידענע מעטעס. עס זענען געווען אַזעלכע, ביי וועלכע עס זענען געשטאַנען אונטערגע־קויפטע פּאָליציאַנטן, און אַזעלכע, וווּ ס'איז קיינער נישט געווען. עס זענען געווען מעטעס דורך דעכער, און מעטעס דורך פענס־טער, מעטעס דורך צוימען און מעטעס דורך דראָטן.

עס זענען געווען באַזונדערע מעטעס פאַר ברויט, און באַזונדערע מעטעס פאַר מילך אָדער מענטשן. ס'זענען אויך געווען געמישטע מעטעס, דורך וועלכע מען האָט אַלץ געשמוגלט.

אויף זשאַביע, צום ביישפּיל, איז געווען אַ מעטע פאַר מילך. איז זי געווען איינגעאָרדנט אויף אַזאַ אופן, אַז אויף דער אַרישער זייט פלעגט מען אַריינגיסן טויזנטער ליטער מילך אַ טאָג, און אין געטאָ פלעגט מען אויפדרייען אַ קראַן און די מילך פלעגט פון קראַן פליסן. דאָרטן האָט מען איינגעאָרדנט אַ ספּעציעלע מילך־איינריכטונג אַזאַ, וואָס האָט געהאַט דעם אויסזען פון אַ געוויינ־לעכער וואַסער־רער. דער אײַנהאַבער פון דער דאָזיקער אונטערנע־מונג האָט דערביי געמאַכט מיליאָנען...

אַ חוץ דעם האָבן זיך באַשעפטיקט מיט שמוגלען פּראָדוקטן אין געטאָ די אַזוי גערופענע „פּלאַצוווקעס", אָדער קאָמאַנדאָס.

„פּלאַצוווקעס" האָבן געהייסן יידן, וועלכע האָבן געאַרבעט אויי־

סערן געטאָ, אויף די אַזוי גערופענע פּלאַצוווקעס אין די דייטשע וואָפן־פאַבריקן, קליידונגס־וואַרשטאַטן א. א. וו. זיי פלעגן טאָגטעגלעך אַרויסגיין צו דער אַרבעט אונטער אַ דייטשער וואַך און פלעגן צוריקגייענדיק אַריינשמוגלען אַביסל שפּייז פאַר דער פאַמיליע, וואָס איז פאַרבליבן אין געטאָ. מען האָט געמוזט דערביי זיין זייער פאָרזיכטיק, ווייל די טויער־וואַך האָט רעווידירט די ייִדן סיי ביים אַרויסגיין, סיי ביים אַריינקומען אין געטאָ. ווען מען פלעגט עפּעס געפינען, האָט דערפאַר געדראָט טויט־שטראָף. נישט געקוקט דערויף, האָט מען דאָך געשמוגלט, ווייל הונגער איז, ווי באַקאַנט, שטאַרקער פון אַלע פאַרבאָטן.

ווען אַ פאָטער פלעגט, צום ביישפּיל, וועלן ברענגען פאַרן קינד אַ שטיקעלע פּוטער, פלעגט ער דאָס אַריינלייגן אין קעשענע און צודעקן עס גוט מיט אַ שיכט שטינקנדיקן קעז „שאַראַטקאַ“. ווען דער דייטש פלעגט שפּעטער אַריינרוקן די האַנט אין קעשענע, פלעגט דאָס קעז אים באַקלעפּן די פינגער. דאָ פלעגט דער דייטש שנעל אַרויסכאַפּן די האַנט, אַ געשריי טון: „שיים, פאַרדאַמטער יודע!“ — און פלעגט אים אָפּלאָזן.

נישט געקוקט אויפן שטאַרק אַנטוויקלטן שמוגל, האָט אין געטאָ געהערשט אַן אומבאַשרייבלעכער הונגער.

אַ געוויסע מוטער, געדענק איך, איז איינמאָל געזעסן אויף דער גאַס מיט צוויי קינדער. איינס האָט זי געהאַלטן אויף די הענט אַ טויטס און דאָס צווייטע איז געלעגן ביי דער זייט און האָט געגוססט... מענטשן זענען פאַרביי געגאַנגען, געוואָרפן אַ בליק אויפן דאָזיקן שוידער־בילד, און אויפן טויטן קערפּערל זענען געפאַלן מטבעות...

אין אַ געוויסער צייט אַרום האָבן מיר געהאַט פאַמיליען־אומאַנגענעמלעכקייטן. אונזער פאַמיליע איז געווען אַ שטאַרק באַקאַנטע און אַ צאָלרייכע. דער טאַטע האָט געהאַט אַ קוזין — איזאַק גאָלדמאַן האָט ער געהייסן — איז ער אַמאָל געווען זייער רייך. פאַר דער מלחמה איז ער געווען דירעקטאָר פון דער פאַרזיכערונגס־געזעלשאַפט „אייראָפּאַ“, און מיין פאָטער איז געווען זיין באַפולמעכטיקטער. האָבן זיך די דייטשן וועגן דעם דערוווּסט. זענען זיי

ביינאַכט צוגעקומען מיט אַן אויטאָ, אַרויסגעפירט דעם פעטער פון שטוב און אים געהייסן גיין פאָרויס. נישט אומקוקנדיק זיך, איז ער געגאַנגען, און אין עטלעכע מינוט אַרום האָבן זיי אים פון הינטן אַריינגעשאָסן אַ קויל אין קאָפּ אַריין. גלייכצייטיק האָבן זיי אויך דערשאָסן זיין איידעם, דעם באַקאַנטן רעזשיסער שאַראָ.

די מאַמע האָט שרעקלעך מורא געהאַט פאַרן גורל פון דעם טאַטן, ווייל ער האָט געטראָגן דעם זעלביקן פאַמיליען־נאָמען, וואָס דער פעטער. פון דעמאָלט אָן האָט דער טאַטע ביינאַכט נישט געקענט שלאָפן אינדערהיים. די מאַמע האָט זיך כסדר געפונען אין אַ נערוון־שפּאַנונג און אין איין שרעק פאַר זיין לעבן. ווי נאָר ער פלעגט אַמאָל נישט קומען פּינקטלעך צו דער באַשטימטער שעה אַהיים, פלעגט זי שלאַף ווערן — זי האָט געליטן פון אַ האַרץ־פעלער — און שיקן מיך באַלד אַרומזוכן אים, איך ווייס אַליין נישט וווהין. ווען דער טאַטע ווידער פלעגט צוריקקומען, און איך פלעג נאָך נישט זיין, פלעגט זי זיך דענערווירן צוליב מיר, און אַזוי כסדר.

אַן אַנדער טראַגעדיע ווידער איז געווען מיטן זיידן, דער זיידע איז אַלט געווען 78 יאָר און האָט געליטן אויפן האַרץ. ער איז געווען אַ זייער פרומער ייד, אפילו אין די ערגסטע צייטן האָט ער נישט געוואָלט עסן קיין חזיר־פלייש. די באָבע דאַקעגן איז געווען פּראַקטישער פון אים און פלעגט אים אין זיין עסן אַריינפּאַקן פעטס אין דער זופּ. מיין טאַטע איז געווען דער יונגסטער זון און האָט זייער ליב געהאַט זיינע עלטערן, באַזונדערס דער באָבען. ווען ער פלעגט אַמאָל קומען צו זיי אויף מיטאָג, פלעגט אים די באָבע כסדר לייגן אויפן טעלער פון איר עסן, און דער טאַטע פלעגט איר צוריקגעבן. אַזוי פלעגט זיך ציען דאָס דינגעניש אין משך פון גאַנצן מיטאָג,

נישט געקוקט אויף דער דאָזיקער פאַמיליען־וואַרעמקייט, האָט דער זיידע באַשלאָסן צו באַגיין זעלבסטמאָרד און נישט דערלאָזן דערצו, אַז די דייטשן זאָלן אים טויטן. אַ לעבעדיקער האָט ער נישט געוואָלט אַריינפאַלן צו זיי אין די לאַפּעס.

באַשלאָסן — און האָט זיין באַשלוס אויסגעפירט.

צוויי מאָל האָט ער זיך געפּרוווט הענגען אויפן בוידעם און ביי־

דע מאָל איז אים נישט געלונגען. יעדעס מאָל האָט מען די שטריק איבערגעשניטן און אים אָפּגעראַטעוועט.

און דאָך האָט ער פון זיין באַשלוס נישט רעזיגנירט. ער האָט אויסגעפונען אַזאַ מאָמענט, ווען קיינער איז נישט געווען אין שטוב, אַרויף אויפן בוידעם, האָט זיך צוגעשטעלט אַ שטול און זיך ענד־גילטיק געהאָנגען. ווען מען האָט אים געפונען, איז ער שוין געווען אַ מת.

געשען איז דאָס אָבער אַ סך שפּעטער, אין דער צייט פון דער אַקציע.

די אַקציע האָט זיך דערנענטערט.

מיין פעטער איז געווען דער קאָמענדאַנט פון דער יידישער פּאָליציי אין פּאַלעניץ, און האָט זיך דערוווּסט — פונוואַנען ווייס איך נישט — אַז אין וואַרשע וועט בקרוב דורכגעפירט ווערן אַן אַקציע. איז ער תיכף ומיד געקומען צולויפן צו אונז און האָט צו־גענומען מיין שוועסטער צוריק צו דער פּוילישער „מומען" אין וואַרשע. איך ווידער האָב געזאָלט גיין אויף דער אַרישער זייט צו צעלינען.

ס'איז שוין אָבער געווען צו שפּעט. דאָס גאַנצע געטאָ איז אַרומגעשטעלט געוואָרן מיט אוקראַינער און שאוליסן, מען האָט קיינעם נישט אַרויסגעלאָזט און קיינעם נישט אַריינגעלאָזט.

דעם פעטער איז נאָך ווי עס איז. געלונגען אַרויסצוכאַפּן זיך מיט דער שוועסטער, ווייל ער האָט געהאַט אַ מענגע מיט פּאַסיר־שיינען. איך דאַקעגן האָב נישט באַוויזן אַרויסצוקריגן זיך.

די דייטשן האָבן אָנגעהויבן דערפון, וואָס זיי האָבן פונאַנדער־געקלעפּט פּלאַקאַטן, אין וועלכע זיי האָבן געמאָלדן, אַז מען וועט, וואָס אַן אמת, מאַכן אַן איבערזידלונג, אָבער דאָך קען מען מיט־נעמען פּופצן קילאָ באַגאַזש, ווי אויך געלט און ווערט־זאַכן (די יידן האָבן שוין לאַנג נישט געטאָרט האָבן ביי זיך קיין ווערט־זאַכן, — דערפאַר האָט געדראָט טויט־שטראָף — און דאָך האָבן זיי אַזוי געמאָלדן!).

זיי האָבן אויך מודיע געווען, אַז אַלעמען, וועלכע וועלן זיך מעלדן פרייוויליק צו דער איבערזידלונגס־אַקציע, וועט די דייטשע

מאכט געבן צו צוויי קילא ברויט אויף א מענטשן און מארמעלאדע אויפן וועג.

אלע ארעמעלייט, וואס האבן חדשים-לאנג נישט געהאט קיין ביצל ברויט אין מויל, זענען אוועקגעשטעלט געווארן פאר א נסיון. זיי האט געלאקט דער צוזאג און זיי האבן זיך דעריבער געמאלדן צום טראנספארט. אויף אזא אופן האבן די דייטשן פריער אפגע-ריייניקט דאס געטא פון די קבצנים.

דערנאך זענען זיי צוגעטרעטן פלאנמעסיק אויסצומארדן אלע יידן.

לכתחילה האט מען אנגעהויבן כאפן יידן, וועלכע האבן נישט געהאט קיין ארבעטס-קארטן.

דערנאך האט מען געכאפט אזעלכע מענטשן, וועמענס ארבעטס-קארטן זענען געווען נישט געשטעמפלט. די ווייטערדיקע סעלעק-ציעס צווישן די ארבעטנדיקע האבן זיך אויסגעדריקט אין מאכן אונטערשיידן צווישן מער אדער ווייניקער וויכטיקע אונטערנע-מונגען און פאבריקן.

דעמאלט האבן עס יידן, אויסער ווייסע ארעם-בענדער, גענומען טראגן פארשידנפארביקע בענדער לויט די אונטערנעמונגען, ווו זיי האבן געארבעט, אויסער די נומערלעך אויף דער ברוסט.

אלע יידן זענען ארומגעלאפן ווי משוגעים און געזוכט גוטע אר-בעטס-פלעצער, ווייל אנדערש איז מען געווען אויסגעשטעלט אויף טויט. דאס לעצטע געלט האט מען באצאלט פאר ארבעט.

מיט גרויס מי איז דער מאמען געלונגען צו באקומען ארבעט אין א ניי-אנשטאלט, וואס האט מיט זיך פארגעשטעלט א טייל פון טעבענכעס פאבריק פאר דייטשע מונדירן. דער טאטע האט געקריגן ארבעט אין די גרויסע וואפן-פאבריקן „אורסוס", הינטער ווארשע.

ליידער, האט ער נישט געקענט וווינען מיט אונז, ווייל ער האט זיך געמוזט אויפהאלטן צוזאמען מיט די איבעריקע יידישע „אור-סוס"-ארבעטער אין א ספעציעלן הויז, וואס האט זיך געפונען אין גרויסן געטא. פון דארטן האט מען זיי טאג-טעגלעך געפירט צו דער ארבעט מיט לאסט-אויטאס, אונטער א וואך. דאס האט גע-הייסן גיין מיט דער פלאצווקע.

אָבער ביז דער טאַטע האָט באַקומען די דאָזיקע אַרבעט, און צוזאַמען מיט איר די אַזוי געדופענע גוטע פּאַפּירן, ווען מיר זע־נען נאָך געווען געוויינלעכע, נישט־אַרבעטנדיקע שטערבלעכע, איז געווען מיט אונז, זינט דער אַקציע, זייער שלעכט.

איינמאָל איז געווען אַזאַ מעשה:

דייטשן זענען אַרויפגעקומען אויפן הויף פון דעם הויז, אין וועלכן מיר האָבן געוווינט, און גענומען מיט געשרייען און קאָלבעס אַראָפּטרייבן אַלע לאָקאַטאָרן. די מאַמע איז צום גליק נישט גע־ווען. ס'זענען נאָר געווען דער טאַטע, די מומע און איך.

מען האָט אונז אויסגעשטעלט אין צענטלעך און אַוועקגעפירט צום „אומשלאַג־פּלאַץ", ווו מען האָט געלאָדן אין וואַגאָנעס.

דער טאַטע און איך — ביידע זענען מיר געגאַנגען אינם לעצטן צענטל. הינטער אונז האָט מאַרשירט אַ דייטש מיט אַ ביקס. מיך האָבן געזאָלט פּאַרדרייען אויף זשעלאַזנע גאַס, און דער דייטש, וואָס איז הינטער אונז געגאַנגען, איז אַראָפּ אַביסל אין אַ זייט. אין דעם זעלביקן מאָמענט האָט דער טאַטע מיר אַריינגעשטופּט אין דער האַנט די שליסלען און אַ שעפּטשע געטון:

— אַנטלויף!

בין איך אַרויסגעשפּרונגען פון דער רייע און געוואָלט בליץ־שנעל אַריינפאַלן אין עפּעס אַ טויער, כדי צו באַהאַלטן זיך. אַלע טויערן זענען אָבער געווען פאַרשפּאַרט און איך האָב זיך נישט געהאַט ווו צו באַהאַלטן. בין איך געלאָפן ווייטער, פּלוצלינג האָט דער פּאַטרולירנדער דייטש מיך באַמערקט און אויסגעשאָסן.

איך האָב דערהערט דעם שאָס. די קויל האָט אַ פייף געטון אי־בער מיין קאָפּ. אין דער ערשטער מינוט האָב איך נישט געוווּסט, וואָס עס טוט זיך מיט מיר, אָבער באַלד האָב איך באַגריפן די גע־פאַר און זיך אָפּגעשטעלט.

אַ יידישער פּאָליציאַנט איז צו מיר צוגעלאָפן און האָט מיך צוריקגעפירט צו דער רייע.

דער טאַטע איז געווען שרעקלעך בלייך און די מומע האָט גע־וויינט.

איך בין אויך געווען איבערגעשראָקן. די פיס האָבן מיר געצי־טערט.

ווען מיר זענען אָנגעקומען אויפן אומשלאָג־פּלאַץ, האָב איך יע־
דע ווײַלע געבראָכן.

אויפן פּלאַץ זענען געווען פאַרזאַמלט מאַסן ייִדן און מען האָט
זיי געלאָדן אין די וואַגאָנעס, וועלכע זענען געשטאַנען אויף זײַ־
טיקע אײַזנבאַן־שינעס.

צום גליק האָבן מיר פאַרשפּעטיקט. אַלע וואַגאָנעס זענען שוין
געווען פול.

האָט מען אונז איבערגעלאָזט אויפן צווייטן טראַנספּאָרט.

מיר און אַ באַקאַנטער פרוי, וועלכע איז מיט מיר געשטאַנען
אין דער רייע, האָט דער טאַטע געזאָגט, אַז מיר זאָלן זיך פאַר
יעדן פרייז באַמיען צו אַנטלויפן. אַליין איז ער אַוועק זוכן די
מומע, וואָס איז ערגעץ ווי געלם געוואָרן אין המון.

האָבן מיר זיך טאַקע אַרויסבאַקומען דורך אַ לאָך אין צוים, וואָס
פּוילישע מויערער האָבן געהאַלטן אין פאַריכטן.

דער טאַטע האָט זיך אַרויסגעקריגן דורך מעלדן זיך צו טראָגן
פאַרוווּנדעטע און דערשאָסענע אויפן פּלאַץ. ווען ס'איז צוגעפאָרן
אַ סאַניטאַר־אויטאָ, האָט ער זיך אַרויפגעזעצט צוזאַמען מיט די
פאַרוווּנדעטע און איז אָפּגעפאָרן פון אומשלאַגס־פּלאַץ.

די מומע ווידער איז פאַרלוירן געגאַנגען.

קורץ נאָכן דאָזיקן פאַל האָבן מײַנע עלטערן אַרויסבאַקומען אַר־
בעטס־קאַרטן.

דער טאַטע האָט געקענט קומען צו אונז נאָר צוויי מאָל אַ
וואָך. ער פלעגט אונז יעדעס מאָל ברענגען אביסל עסן פון דער
אַרישער זײַט. די מאַמע פלעגט יעדן טאָג אינדערפרי אַרויסגיין
אויף אַרבעט מיט איר פּלאַצוווקע. אין דער וווינונג פלעגט פאַר־
בלײַבן מײַן יונגסטער פעטער און איך. מיר זענען געווען אין גרויס
געפאַר.

אַקציעס זענען דעמאָלט פאָרגעקומען איינע נאָך דער צווייטער.
יעדן טאָג פלעגט מען נישטערן אין אַנדערע קוואַרטאַלן און צונע־
מען אַלעמען אויפן אומשלאַגס־פּלאַץ.

די הײַזער און די גאַסן זענען געווען ווי אויסגעשטאָרבן. קיין
לעבעדיקן נפש האָט מען נישט געזען. אין דער קבֿר־שטילקייט
האָבן איבער די גאַסן בלויז אָפּגעקלונגען די טריט פון די פּלאַ־

צוויקעס, וואָס פלעגן יעדן טאָג צוריקקומען אין דער טויטער שטאָט.

אונזער הויז איז שוין געווען פוסט.

מיר האָבן באַשלאָסן צו מאַכן אַ באַהעלטעניש אין דער וווינונג.

אין דער וואַנט פון דער קיך איז געווען אַן אויסהוילונג. האָבן מיר צו איר צוגעשטעלט אַ שאַפע. צום הינטערשטן וואַנטל פון דער שאַפע, דורך וועלכער מיר פלעגן אַריינדרינגען אין דער אויסהוילונג, האָבן מיר איינגעריכטעט אַ באַוועגלעך ברעט. אַריינדרינגען אַהין האָבן מיר געקענט, אָבער באַהאַלטן זיך דאָרט האָבן מיר געמוזט שטייענדיקערהייט.. די אַריינגאַנגס־טיר האָבן מיר גוט פאַרזיכערט. זי איז געווען באַשלאָגן מיט פאַנצער־בלעך און פלעגט זיך פאַרהאַקן מיט אייזערנע שטאַבעס, וואָס פלעגן זיך אַריינרוקן אין דער וואַנט. אַזוי האָבן מיר זיך צייטווייליק פאַרפעסטיקט. ווען די מאַמע פלעגט גיין אויף אַרבעט, פלעגט זי אונז פאַרשליסן פון דרויסן מיט אַ שליסל און אַ שטאַבע, כדי די וווינונג זאָל מאַכן אַן איינדרוק פון אַ נישט־באַוווינטער.

אַזוי האָבן דעמאָלט געטון פיל מענטשן, הגם די דייטשן האָבן געוווּסט וועגן דעם. איינמאָל, בעת אַן אַקציע, האָבן די דייטשן אָנגעהויבן קלאַפּן ביי אונז. זיי האָבן געהאַקט אין דער טיר מיט שווערע אייזערנע דרענגער. מיר זענען געשטאַנען אין דער אויסהוילונג, געהערט וואָס אַמאָל אַ שטאַרקערן האַקן, און די הערצער זענען אונז אָפּגעשטאָרבן פון שרעק. מיר האָבן נישט געוווּסט, צי די טיר וועט אויסהאַלטן. זי האָט אָבער אויסגעהאַלטן און די דייטשן זענען אַוועק ווייטער.

דעם זעלבן טאָג איז אומגעקומען די מאַמע. דאָס איז געווען דעם 19־טן אויגוסט 1942.

מען האָט זי פשוט צוגענומען פון דער אַרבעט ביי טעבענסן.

זי איז געווען בלייך און שלעכט אויסגעזען. די פינגער זענען ביי איר געווען צעשמאָכענע פון נייען און אויף די הענט האָבן זיך איר געזעצט משיראַקעס.

זי איז אַרומגעגאַנגען מיט באַנדאַזשן אויף די הענט און דערפאַר האָט מען איר מסתמא צוגענומען.

גענוי ווייס איך אַליין נישט.

עס זענען צוריקגעקומען די ארבעטער פון דער פאבריק, ווו זיי האָבן מיט איר מיטגעאַרבעט, און האָבן דאָס אונז דערציילט.

דער טאַטע איז אינאַיינט צוריקגעקומען נישט ווייסנדיק פון גאָרנישט און איז באַלד אַוועקגעלאָפן אויפן אומשלאַג־פּלאַץ. ער האָט אומבאַדינגט געוואָלט אָפּזוכן דער מאַמען.

ער איז אַרומגעלאָפן, נאָכגעפרעגט, איינגעשטעלט דאָס לעבן, אָבער אומזיסט.

עס זענען שוין אָפּגעפאָרן אַנגעלאָדענע וואַגאָנעס...

אינאָוונט איז ער צו אונז צוריקגעקומען און האָט זיך באַמיט אונז צו טרייסטן.

איך האָב געוויינט אָן אויפהער און נישט געוואָלט עסן. איך האָב געזען, אַז דער טאַטע איז — נישט געקוקט אויף זיין ווילן צו הויבן ביי מיר דעם מוט — אַליין זייער צעבראָכן. לסוף האָט ער זיך אַוועקגעזעצט אַרום מיר, גענומען גלעטן מיין קאָפּ און איז אויך אויסגעבראָכן מיט אַ געוויין.

נאָכן אַרויספירן דער מאַמען איז דער טאַטע צו אונז געקומען נאָר נאָך צוויי מאָל. מער איז ער שוין נישט געווען.

איך האָב זייער געוואָלט, אַז דער טאַטע זאָל קומען. איך האָב זיך אַליין קיין עצה נישט געקענט געבן נאָך דער מאַמעס טויט. איך בין געווען זייער אומגליקלעך און נישט געקענט שלום מאַכן מיטן געדאַנק, אַז זי איז נישטאָ. איך האָב געיאָמערט אָן אויפהער. ווען דער טאַטע פלעגט קומען, פלעגט באַלד ווערן בעסער. ער פלעגט אונז ברענגען עסן און צוגעבן מוט. איך האָב זייער ליב געהאַט דעם טאַטן.

לכתחילה האָבן מיר געמיינט, אַז דער טאַטע קומט נישט, ווייל ער קען זיך נישט דערשלאָגן צו אונז.

אין עטלעכע טעג אַרום איז צו אונז געקומען אַ יידישער פּאָליציאַנט און געזאָגט, אַז אים האָט געשיקט אונזער פעטער גרינוואַסער פון גרויסן געטאָ, כדי צוצונעמען אונז אַהין.

דער טאַטע איז משמעות „פאַרשוווּנדן“. ער איז אינדערפרי אַרויס פון שטוב אויף אַרבעט, אָבער צום זאַמל־פּלאַץ פון זיין פּלאַצוווקע איז ער נישט צוגעקומען.

אפילו דער שעף פון דער פּלאַצוווקע, אַ דייטש, האָט זיך באַ־

מיט אפצוזוכן אים, אבער אן רעזולטאט. ער איז געווען אויפן אומ־שלאגס־פלאץ, געזוכט אים אין די וואגאנעס, אין ערגעץ האט ער אים נישט געפונען.

דער פאליציאנט האט אונז צוגענומען אין גרויסן געטא אויף א פור מיט ציגל.

אויסבאהאלטן זיך האב איך שוין דאן נישט געוואלט. איך בין שוין געווען פולשטענדיק רעזיגנירט. הלוואי וואלט מען שוין אויך מיך צוגענומען. מיט כוח האט מען מיך געמוזט פירן אין די באַ־העלטענישן, אין די קעלערן און אויפן בוידעם. אויפן בוידעם איז געווען שרעקלעך. די באבע איז דארטן געזעסן און אן אויפהער גע־קלאגט: נאכן געהאנגענעם זיידן, נאכן פארשוווּנדענעם טאטן און נאך די דערשאסענע און פארגאזטע פעטער, מומעס און אייניקלעך.

ס'איז געווען אומדערטרעגלעך היים און שטיקנדיק. דער בוי־דעם איז געווען שטויביק און ברודיק. א הייסער, שווערער זומער. אלץ גרינטלעך פארהאקט, פארהאנגען מיט ברודיקע שמאטעס. וואנצן זענען ארומגעקראכן אונטער די העמדער, נישט קיין וואַ־סער, נישט קיין עסן — גארנישט.

א קאשמאר! בעסער אומקומען!

ס'איז געקומען די אזוי גערופענע גרויסע סעלעקציע. די דייטשן האבן פונאנדערגעטיילט נייע נומערלעך. פאר אלע ארבעטנדיקע און לעבנגעבליבענע. פון די 500 טויזנט יידן, האט מען, דאכט זיך, ארויסגעגעבן נישט מער ווי 2.000 נומערלעך.

פארצוג האבן געהאט די פאליציאנטן און די קהלה־באאמטע, ווי אויך די פיל־מאל אפגעקליבענע ארבעטער. ס'האט נישט גע־סטייעט קיין נומערלעך אפילו פאר א העלפט פון די ארבעטנדיקע.

דער פעטער האט געארבעט אין דער קהלה און האט מיך אנ־געגעבן אלס זיין זון. דעריבער האב איך באקומען א נומערל. דער באבען האט באהאלטן א מומע אין דער קהלה, אבער ווען זי איז צוריקגעקומען נאך איר, איז זי שוין נישט געווען.

נאך דער דאזיקער סעלעקציע איז געווען רויק א לענגערע צייט.

מיין יינגערער פעטער, מיט וועמען איך האב זיך אויסבאהאלטן נאך דער מאמעס טויט, האט באקומען ארבעט אין שמאט אויפן פלי־פלאץ. פון דער דאזיקער ארבעט איז ער געווען זייער צופרידן.

אויף דער פּלאַצוווקע האָט מען זיי געפירט מיט אַן אויטאָ. איינ־מאָל, ווען ער האָט געדאַרפט צוריקפאָרן אהיים, האָט ער באַ־מערקט, אַז די מער איינפלוסרייכע יידן זעצן זיך נישט אַריין אין אויטאָ. דערצו האָט ער געוווּסט, אַז די אַרבעט גייט שוין צו ענדע.

האָט ער באַלד דערפילט, אַז דאָ קומט עפּעס פאָר, און איז אין פאָרן אַראָפּגעשפּרונגען אויף דער אַרישער זייט.

ווי עס האָט זיך דערנאָך אַרויסגעוויזן, האָט מען זיי אַנשטאָט אָפּצופירן אהיים, אַוועקגעפירט גלייך אויף די וואַגאָנעס, אויף טויט.

צום באַדויערן האָט ער זיך נישט געקענט איינהאַלטן אויף דער אַרישער זייט, ווייל ער האָט נישט געהאַט וווּ צו וווינען, האָט ער געמוזט צוריקגיין אין געטאָ. אין געטאָ האָט מען אים אויפ־גענומען אויף אַרבעט אין דער אַזוי גערופענער „זויבערונגס־קאָ־מאַנדע”.

ער פלעגט ראַמען די הייזער און די וווינונגען נאָך די אַרויכ־געפירטע און פאַרשטאָרבענע. ער פלעגט אויך לאָדן דאָס מעבל און אַלע געפונענע זאַכן אויף פּלאַטפאָרמעס פאַר די דייטשן. דאָס איז געווען אַ שרעקלעך שווערע אַרבעט.

איינמאָל האָט ער געפונען אין אַ באַהעלטעניש אַ פוטער און אַ פאָטאָגראַפישן אַפּאַראַט, האָט ער דאָס געבראַכט אהיים.

דאָס איז אָבער אַלץ געווען זייער טרויעריק, ווייל דאָס זענען געווען זאַכן פון מענטשן, וואָס האָבן שוין נישט געלעבט.

די „רו” האָט געדויערט פון זומער 1942 ביז יאַנואַר 1943. אין משך פון דער דאָזיקער צייט האָבן זיך מענטשן צוגעגרייט צו אַ פאַרטיזאַנען־קאַמף אין שטאָט. מען האָט אונז געהייסן צוצו־גרייטן פאַר זיך באַהעלטענישן.

מיר האָבן געזאָלט קעמפן פאַרן לעבן און נוקם זיין זיך פאַר אונזערע פאַרשטאָרבענע. נישט גרויס זענען געווען די שאַנסן פון דעם דאָזיקן קאַמף, אָבער דאָך האָבן מיר זיך ווידער דערפילט ווי מענטשן.

איך האָב זיך גענומען צו דער אַרבעט זייער גערן. אַלע מענטשן

אין הויז האָבן זיך צונויפֿגעלייגט צו עטלעכע הונדערט ייִדן און מען האָט געמאַכט אויפֿן בוידעם אַ בונקער.

מען האָט פֿאַרמויערט אַ בוידעם-שטיבל. געפֿירט האָט אַהין אַ דיקע פֿאַרמאַסקירטע טיר. אַלס ערשטער אַרײַנגאַנג האָט געדינט אַ קיך־פּוילקע, וואָס איז פֿאַרשטעלט געווען מיט כּלים און טעלערס צו פֿאַרדעקן די שפּורן, ווען מען עפֿנט די דאָזיקע טיר, וואָלט מען געפֿונען אַ פֿינצטער נידעריק קעמערל, אָנגעוואָרפֿן מיט שמאַטעס און פֿאַרשידענע זאַכן. אין דער וואַנט פֿון דעם דאָזיקן קעמערל איז אײַנגעריכטעט געוואָרן אַ גוט־פֿאַרמאַסקירטע טיר צו נאָך אַ קאָרידאָר, און פֿון דאָרטן האָט מען ערשט געקענט אַרײַנגיין אין בונקער. דאָס קעמערל גופֿא האָט געמאַכט אַן אײַנדרוק פֿון אַן אָפּגעליידיקט, פֿאַרלאָזן באַהעלטעניש און ס'האָט זיך אויסגעדוכט, אַז דאָס איז די לעצטע ווינקל־קאַמער אויפֿן בוידעם. אויף דער פּאָדלאָגע זענען געלעגן עטלעכע בערגעלעך מיט סאָדע, כּדי צו פֿאַרפֿירן די שפּיר־הינט.

אין דער דאָזיקער באַהעלטעניש האָבן אויף זייערע פּעקלעך „באַקוועם“ געקענט זיצן פֿון 10 ביז 15 מענטשן. מיר האָבן זיך צוגעגרייט וואַסער און שפּייז און ווען די אַקציע האָט זיך אָנגעהויבן, האָבן מיר זיך דאָרטן באַהאַלטן.

ווי נאָר מיר זענען אַרײַן אין דעם באַהעלטעניש, האָט זיך עס אָנגעהויבן... אַ שיסערײַ, געשרייען אויף דײַטש און אויף פּויליש, אַ ווילדע קלאַפּערײַ אין די טירן און אין די פֿענצטער, אַ האַקן אין די פּאָדלאָגעס און אין די ווענט. און דאָס אַלץ בײַ הילכיקע גערוישן און פֿײַפֿערייען, בײַ קולות אין אַלע שפּראַכן.

די דײַטשן האָבן בכּיוון אָנגעמאַכט אַזאַ פּאַניק, כּדי איבערצושרעקן די מענטשן און באַאײַנפֿלוסן זיי, אַז זיי זאָלן אַליין אַראָפּגיין אויף די הויפֿן.

דאָס איז געווען זייער אויסגעפּרוווטער מעטאָד.

אָנגעהויבן האָט זיך עס אַזייגער 6 אינדערפֿרי און געדויערט אָן אויפֿהער ביז עלף.

דערנאָך איז אַלץ שטיל געוואָרן.

מיר האָבן אָפּגעוואַרט נאָך אַ ביסל און ס'האָט זיך בײַ אונדז אָנגעהויבן אַ וויכּוח, צי מען קען שוין פֿאַרלאָזן דאָס באַהעלטעניש,

צו נאָך נישט. אייניקע האָבן געוואָלט תיכף ומיד אַראָפּגיין, כדי צו זען וואָס איז געוואָרן מיט די וווינונגען.

אַנדערע ווידער האָבן געוואָלט אַריינכאַפּן זיך אין די אָפּגעליידיקטע וווינונגען און צונעמען וואָס עס לאָזט זיך.

אָבער מיר האָבן קיינעם נישט געלאָזט.

אַרויסגעוויזן האָט זיך, אַז מיר זענען געווען גערעכט, ווייל זייער אָפּט פלעגן די דייטשן נאָך אַן אַקציע מאַכן דעם אָנשטעל, אַז אַלע זענען זיך שוין צעגאַנגען, און פּאַקטיש פלעגן זיי איבערלאָזן פּאַטרולן, וועלכע פלעגן זיך פאַרהאַלטן זייער שטיל. ווען די יידן פלעגן, מיינענדיק אַז ס'איז שוין נאָך אַלעמען, אַרויסגיין פון די באַהעלטענישן, פלעגן זיי די מערהדער כאַפּן און שיסן.

אַזוי איז אויך וואַרשיינלעך געווען איצט, אין אונזער הויז, ווייל ווען מיר זענען שפּעטער אַרויסגעקראָכן פון דעם באַהעלטעניש, האָבן מיר אין הויז דערזען אַ מענער־היטל פול מיט פאַרטריקנטע געהירן, און אויף דער וואַנט — שפּורן פון קוילן און פאַרגליווערט בלוט.

די דייטשן האָבן געשאָסן אויף יידן אין געטאָ מיט דום־דום־קוילן. דאָס זענען אַזעלכע אויפריים־קוילן, מיט וועלכע מען טאָר אויף מענטשן נישט שיסן, ווייל פון זיי פאַרבלייבן אומהיילבאַרע וווּנדן.

נאָך דעם אַלעם זענען מיר געקומען צום אויספיר, אַז לענגער פאַרבלייבן אין געטאָ קען מען נישט.

מיר האָבן באַשלאָסן צו אַנטלויפן אויף דער אַרישער זייט.

איך מיטן יינגערן פעטער — האָבן מיר געזאָלט גיין אויף אַזוי גערופענע „אַרישע פּאַפּירן" ווייל מיר האָבן געהאַט אַ „גוטן אויסזען", און דער צווייטער פעטער מיט דער מומען, וועלכע האָבן געהאַט אַ „שלעכטן אויסזען" (אַ סעמיטישן) האָבן געזאָלט אַריבער ערשט שפּעטער, ווען מיר וועלן זיי שוין האָבן צוגעגרייט אַ וווינונג.

מיר זענען אַוועק כלומרשט אויף אַרישע פּאַפּירן; פּאַקטיש אָבער — אָן פּאַפּירן בכלל, ווייל אין געטאָ האָט מען זיי נישט געקענט קריגן. געלט האָבן מיר געהאַט ווייניק. מען האָט מיר „פאַרבאַנדאַזשירט" אַ האַנט און אין באַנדאַזש באַהאַלטן עטלע־

כע גאָלדענע מטבעות צו צען דאָלאַר. אויך דער פעטער האָט געהאַט עפעס איינגענייט אין זיינע בגדים.

אַרויס זענען מיר באַגינען מיט אַ פלאַצוווקע, כלומרשט אויף אַרבעט.

דער פירער פון דער פלאַצוווקע פלעגט דערפאַר דעמאָלט נעמען „אַ גוראַל" (500 גילדן) פון קאָפּ.

מיר זענען אַריבער אויף דער פוילישער זייט. אויף באַניפראַטערסקע האָבן מיר זיך אָפּגעטיילט פון דער גרופּע און אַוועקגעוואָרפן די אָרעם־בענדער.

ס'איז נאָך געווען פינצטער. געשען איז דאָס ווינטער 5 אַזייגער אינדערפרי. מיר האָבן געוואַרט ביז די טראַמווייען וועלן אָנהויבן קורסירן און ווען עס האָט זיך באַוויזן דער ערשטער טראַמוויי זענען מיר אַוועקגעפאָרן אויף גרויעצקע צו צעלינען.

צעלינע איז פון אונזער קומען געוואָרן זייער איבעראַשט, אָבער אויפגענומען האָט זי אונז האַרציק. פאַר די שכנים זענען מיר אָנגעגאַנגען אַלס שוועסטער־קינדער, וועלכע זענען געקומען פון דאָרף. מיר ווידער האָבן געמוזט זיין זייער פאָרזיכטיק און רופן זי נישט אַנדערש ווי „מומע".

אין וואַרשע האָבן מיר אויסגעפונען נאָך אַ מומע — אַן אמתע מומע — זי איז געווען אַ ווייסרוסין. דאָס איז געווען די פרוי פון מיין מאַמעס ברודער לעאָן גרינוואַסער. געוווינט האָבן זיי ביידע אויף גראָכאָווסקע — דאָרט האָט די מומע אויסבאַהאַלטן איר מאַן. אין דער זעלבער וווינונג האָט מען אַריינגעשמוגלט מיין מאַמעס עלטסטן ברודער, היפּאָליט גרינוואַסער — דעם, מיט וועמען איך בין געווען אין קשעמיעניעץ אויף דער רוסישער זייט. ער איז פריער געהאַט פאַרבליבן אין געטאָ צוליב זיין „שלעכטן אויסזען". מיטן הריטן ברודער פון מיין מאַמען, דעם יינגסטן, האָב איך געוווינט ביי צעלינען.

צעלינע האָט געוווינט אויף גראָיעצקע אין אַ קליין הייזל, וואָס איז אייגנטלעך געווען אַ סקלאַד פון לאַנדווירטשאַפטלעכע מכשירים. ער האָט געהערט צו אַ פּריוואַטן אייגנטימער, ביי וועמען צעלינע האָט געדינט. אין דעם דאָזיקן הייזל האָט זי געהאַט איין קליין צימערל פאַר זיך.

איר מאַן איז געשטאָרבן אויף שווינדזוכט. איבערגעבליבן איז מיט איר בלויז אַ קליין טעכטערל, וועלכע איז אויך געווען באַדראָט פון שווינדזוכט און דעריבער האָט זי זיך געפונען אין אַ סאַנאַ־טאָריע פאַר שווינדזיכטיקע אין אָטוואָצק. געוווינט האָט מיט איר אירער אַן אַכצניאָריקער ברודער, גענעיק, וועלכער איז געקומען פון דאָרף. ער האָט איר געהאָלפן אין דער אַרבעט און פלעגט אַחוץ דעם גיין פאַרדינען אין שטאָט אַריין.

ווען מיר זענען אַהין געקומען, איז געוואָרן זייער ענג. אין איין בעט איז געשלאָפן די מומע און אין דער צווייטער — איך מיטן פעטער. גענעיק פלעגט דעריבער אויף דער נאַכט מוזן פונאַנדער־לייגן אַ פעלדבעטל.

צו צעלינען פלעגן קומען פיל קרובים און זיי האָבן געוווסט, אַז מיר זענען יידן, אָבער זיי זענען געווען זייער פיינע מענטשן און האָבן זיך די גאַנצע צייט באַצויגן צו אונז זייער פריינטלעך.

בכלל איז דאָרט געווען נישט שלעכט. איך פלעג זיך מיט גע־ניעקן אָפט אַרויסגיין אין סקווערל אויף אַ שפּאַציר, איך האָב געהאָלפן אין סקלאַד, געהאָדעוועט די קרוליקעס, געלייענט פיל ביכער. אין שול אַריין בין איך נישט געגאַנגען, ווייל איך האָב נישט געהאַט קיין דאָקומענטן. בכלל איז אין דער שול נישט גע ווען זיכער. מען פלעגט זיך דאָרט צופיל אויספרעגן: פונוואַנען ביסטו? ווו זענען דיינע עלטערן? פאַרוואָס האָסטו נישט קיין צייג־געניש, און וועלכער שטאָט דו האָסט באַזוכט אַ שול? א. א. וו. דאָרטן זענען אויך צופיל חברים. ס'איז גלייכער געווען צו זיצן שטיל אין אייגענעם ווינקל. איך האָב דעריבער רעזיגנירט פון דער שול.

איינמאָל זענען צו דער מומען געקומען עטלעכע פּאָליציאַנטן. און האָבן זיך באַלד געווענדעט צום פעטער, אַז ער זאָל געבן געלט, ווייל ער איז אַ ייד. דער פעטער איז געווען איבערראַשט און האָט זיך אָנגעהויבן פאַרטיידיקן, אַז דאָס איז אַ ליגן און אַז ער האָט פאַר זיי נישט קיין שום געלט. דערויף האָבן זיי אים געהייסן אָנטון זיך און גיין מיט זיי אין געסטאַפּאָ אויף אַלעיע שוכאַ. דער פעטער האָט זיך אָבער נישט פאַרלאָרן און געענטפערט: גוט, ער גייט.

דעמאָלט זענען די פּאַליציאַנטן ווייטער געוואָרן און געלאָזט דעם פּעטער צורו.

זיי זענען אָבער פאַרבליבן אין שטוב. זיי האָבן זיך צעזעצט צום טיש און געפאָדערט בראָנפן. האָט דער פּעטער געמוזט ברענגען בראָנפן און טרינקען מיט זיי. זיי האָבן געטרונקען, אים געקלאַפּט איבער דער פּלייצע, געקושט זיך שכורעדיק, געטענהט, אַז „ער איז אַ ווילער יאַט“ און אַז זיי אַליין וועלן אים אויסבאַהאַלטן.

אַוועקגעגאַנגען זענען זיי ערשט שפּעט ביינאַכט. קיין איינער פון זיי האָט זיך נישט געקענט האַלטן אויף די פיס.

נאָך דער דאָזיקער געשיכטע האָבן מיר לאַנג געטראַכט, וואָס מיר האָבן צו טון. ביזן היינטיקן טאָג וויים איך נישט ווער האָט זיי אָנגעשיקט. איך בין געווען אין שטוב אין משך פון דער גאַנ־צער צייט פון זייער אָנוועזנהייט. זיי האָבן מיך נישט געטשע־פּעט, אָבער אַז איך בין אַ ייד האָבן זיי זיכער געוווסט.

צעלינע האָט זיי נישט געטרויט און באַשלאָסן ארויסצושיקן מיך פון שטוב. איך בין אַוועק צו דער מומע, דער ווייכרוסין אויף גראָבאָווסקע.

די מומע האָט געהאַנדלט מיט אירע לאָקאַטאָרן אַזוי ווי די מאַ־מע האָט אין איר צייט געהאַנדלט מיט איר הויזגעזינד אין געטאָ. ווען זי פלעגט ארויסגיין פון שטוב, פלעגט זי אונז פאַרשליסן פונ־דרויסן מיט אַ שליסל. מיר פלעגן מוזן אָפּהיטן די גרעסטע שטיל־קייט, כדי די שכנים זאָלן זיך נישט כאַפּן, אַז עמיצער איז דאָ אין שטוב. זי האָט בלומרשט געוווינט אַליין און געמוזט האָבן גע־דעקט דעם טיש פאַר איין פּערזאָן. זי האָט אויך געמוזט זיין פאַר־זיכטיק ביים איינקויפן פּראָדוקטן צום קאָכן, כדי נישט צו ציען די אויפמערקזאַמקייט דערויף, אַז זי קויפט איין צופיל פאַר איין פּערזאָן. ווען עמיצער פלעגט קלאַפּן, פלעגן מיר אַלע מוזן לויפן אין די באַהעלטענישן, אין די בעטן אָדער אין דער שאַפע, און וואַרטן ביז דער גאַסט וועט זיך אָפּטראָגן. צייטנווייז פלעגן די פיס שטאַר ווערן פון צו לאַנג שטיין אין דער שאַפע.

דאָס דאָזיקע באַהאַלטן זיך און כסדרדיקע וואַך זיין האָבן רווי נירט די נערוון. איינמאָל האָב איך איבערגעלעבט אַ שרעקלעכן פּאַרפּאַל.

צו אונז זענען אריינגעקומען צו גאסט שכנות. זענען זיי געזעסן און געפליאטקעוועט ביז שפעט אין דער נאכט. אין דער זעלבער צייט בין איך געשטאנען אין דער שאפע און זיך שרעקלעך גענודיעט. פון גרויס נודאטע האב איך אנגעהויבן קנאקן קערלעך און איין קערל האט אין די ציין צו הויך א קנאק געטון. שפעטער, ווען די געסט זענען אוועק, האט מיר די מומע געמאכט א גרויסע אוואנטורע.

אבער איך האב שוין ווירקלעך דאס אלץ געהאט גענוג. ס'איז שוין גלייכער שלאפן אונטער דער בריק איידער זיך אויסבאהאלטן אין א שאפע — האב איך דעמאלט געזאגט דער מומע.

דערווייל האט מען אין געטא געקעמפט. איבער דער שטאט זענען ארומגעגאנגען ידיעות וועגן א יידישן אויפשטאנד.

לכתחילה האט מען געשמייכלט און איראניזירט:

— „זעט נאר, יידן קעמפן"...

אנדערע האבן נאך געמאכט פארוואורפן:

— נישט געקענט שלאגן זיך פון אנהויב, איצט האבן זיי זיך מיישב געווען... פארוואס האבן זיי זיך געלאזט אויסשעכטן ווי די שאף? זיי וואלטן דאך דעמאלט לכל הפחות אפגעשוואכט די דייטשן"...

אנדערע ווידער האבן זיך געפרייט, וואס מען הרגעט אויס די יידן. שטייענדיק אויף „פלאץ קראשינסקי", האבן פיל פון זיי דורך לארנעטקעס נאכגעפאלגט די סצענעס, וואס האבן זיך אפגעשפילט אין געטא, כדי צו קענען וועגן זיי דערציילן אנדערע.

אבער אין קורצן האבן שווארצע קנוילן רויך פון די טאג־טעגלעכע שריפות געשאפן א שווערע כמארע, וואס איז געהאנגען איבער דער שטאט. מענטשן האבן פארלוירן די האפנונג און האבן אויפגעהערט צו אינטערעסירן זיך מיט די געשעענישן אין געטא. מען האט געוואלט, אז דאס זאל זיך שוין וואס גיכער ענדיקן.

ס'איז אנגעקומען דער חודש מאי און מיט אים צוזאמען די אומגעריכטע סאוויעטישע באמבארדירונג פון ווארשע. דאס איז געווען א גוטער סימן.

אלע האבן זיך געפרייט, נישט געקוקט אויף די באמבארדירטע הייזער אויף דער גאס פון 6 אויגוסט און אויף די אומזיסטע אנ־

שטרענגונגען פון די ארבעטער, וועלכע האָבן טאָג און נאַכט גע־גראָבן די חורבות כדי צו ראַטעווען די לעבעדיק־פאַרשאָטענע מענטשן.

אַלע האָבן געפילט, אַז דאָס איז דער אָנהויב פון סוף.

אין דער דאָזיקער באָמבאַרדירונג איז אומגעקומען געניעק.

מיט עטלעכע וואָכן שפּעטער האָט מען צוגענומען מיין פעטער, און געשען איז דאָס אַזוי:

אין איינעם שיינעם פרימאָרגן זענען געקומען „שוואַרצע" (דייטש־ע באַן־וועכטער אין שוואַרצע מונדירן) און גענומען פאָדערן ביי אים געלט. די פּוילישע פּאָליציאַנטן האָבן זיי, זעט אויס, אָנ־געשיקט.

דער פעטער האָט קיין געלט נישט געהאַט און מען האָט אים דעריבער צוגענומען. וואָס מיט אים איז געשען, ווייס איך נישט. מסתמא האָט ער זיך געשמט, ווייל ער האָט געהאַט ציאַן קאַלי אין אַ הערמעטיש־פאַרמאַכטן פּודעלע. ער האָט עס אַלע מאָל מיט־געטראָגן, כדי צו באַנוצן זיך דערמיט אין פאַל, ווען די דייטשן וועלן אים פּייניקן.

ס'איז מיר זייער אַ שאָד געווען דעם פעטער. איך האָב אים זייער ליב געהאַט. דאָס איז געווען דער מאַמעס יינגסטער ברודער. ער איז אַלעמאָל געווען מיט אונז. ער איז צו מיר זייער גוט געווען און האָט ליב געהאַט מיך און מיין שוועסטער.

איך האָב זיין בילד.

מיר איז אויך געלונגען אָפּצוהיטן אין לאַגער די בילדער פון דעם טאַטן און דער מאַמען.

אין אַ געוויסער צייט אַרום האָב איך זיך צוריקגעקערט צו צעליניען.

אָבער נאָך דער געשיכטע מיט דער פּאָליציי און דעם צונעמען דעם פעטער, האָט דער מומעס שעף (דער סקלאַד־איינגנטימער) גע־רופן זי צו זיך און האָט מיט איר געהאַט אַן ערנסט געשפּרעך. ער האָט איר געזאָגט, אַז ער איז נישט קיין אַנטיסעמיט, אָבער ער קען נישט צולאָזן, אַז איך זאָל שלאָפן אין זיין הויז, „אויפן סקלאַד", ווייל די דייטשן וועלן אים דעם סקלאַד פאַרמאַכן. ער

האָט איר אויך געדראָט, אַז ער וועט איר באַזייטיקן, אויב זי וועט זיך נישט צופּאַסן צו זיין ווונטש.

נישט געקוקט דערויף, האָט די מומע קיין איין מינוט נישט געהאַט בדעה מיך צו דערווייטערן. און איינגעאָרדנט האָבן מיר זיך אויף אַזאַ אופן:

ווען דער שעף פלעגט קומען אין סקלאַד צו דער אַרבעט, בין איך שוין אין שטוב נישט געווען. צו דער דאָזיקער צייט פלעג איך אַרויס אין שטאָט אַריין.

אַרויסגיין פון שטוב פלעג איך אינדערפרי אַרום האַלב אַכט, און צוריקקומען אַרום דריי. איך פלעג וואַרטן ביז די מומע פלעגט אַריינרוקן אַ שטיקל ווייס פּאַפּיר אין צוים אַריין. דאָס איז גע ווען אַ צייכן, אַז דער „אַלטער" איז שוין אַוועק, ווייל אָפט פלעגט ער ווערן פלייסיק און זיצן לענגער.

דורך די דאָזיקע לאַנגע שעהן פלעג איך זיך אַרומשלעפּן איבער דער שטאָט. איך האָב גוט דערקענט דאָס לעבן פון דער גאַס. איך האָב געריייכערט און געשלאָסן באַקאַנטשאַפט מיט די צייטונגס־פאַרקויפער און טאַבאַק־הענדלער.

איך פלעג אַרומפאָרן מיטן טראַמוויי אויף דער בלינדער זייט, אָדער אויף די בופערן. איך פלעג אַנטלויפן פון די „בלויע" (פּוילישע פּאָליציאַנטן) און וואַרענען די הענדלער־יינגלעך פאַר די 'גרינע" (דייטשע פּאָליציאַנטן).

איך האָב זיך באַקענט מיט די ערגסטע כוליגאַנעס.

קיינער האָט נישט חושד געווען, אַז איך בין אַ ייד. איך בין אַרומגעלאָפן באָרוועס, געווען אָפגעריסן, צעדראַפּעט אַזוי ווי אַלע גאַסן־יינגלעך.

גלייכצייטיק האָב איך געלייענט זייער פיל. איך האָב זיך פאַרשריבן אין אַ ביבליאָטעק און פלעג אָפט דורכלייענען צוויי ביכער אַ טאָג.

ווען ס'איז געווען וואַרעם, פלעג איך מיר ליגן אויפן סקווער און לייענען. אין פאַל פון אַ רעגן, פלעג איך גיין אויף דער באַן־סטאַציע אָדער אויפן לעצטן טראַמוויי־פּונקט.

איינמאָל, זונטיק, גיי איך מיר אַזוי אָנשטענדיק אָנגעטון, — איך בין ווי אַלע פּונקט געגאַנגען אין קאָשציאָל אַריין — דער־

הער איך פּלוצלינג ווי עמיצער, וואָס גייט הינטער מיר, שעפּטשעט: „אַ ייד, צי נישט?...“, ווען איך קוק זיך דערויף אום וואָלט געווען שלעכט. איך האָב זיך אָבער נישט אָפּגעקערט. דאַן האָבן די שקצים, וועלכע האָבן זיך געשעפּטשעט הינטער מיר, מיך גענומען אויסמיידן. דערביי האָט איינער פון זיי מיר גוט אַריינגעקוקט אין די אויגן אַריין און, נאָכמאַכנדיק אַ יידישן אַקצענט, מיך אַ פרעג געטון:

— „טי כלאָפּאַקו, קטורא גאָדזשינאַ“ (דו, יינגל, ווי שפּעט איז)?

— ווילסט וויסן, — האָב איך אים קאַלט געענטפערט — טאָ גיי אויף דער סטאַציע און גיב אַ קוק.

האָבן זיי נאָך אַמאָל אַ וואָרף געטון אַ בליק אויף מיר און נישט אויסרעדנדיק קיין וואָרט אַוועק ווייטער.

ווען איך גיב דעמאָלט אַ שטאַמל אָדער איך ווייז אַרויס די קלענסטע מורא, וואָלטן זיי מיך בלי ספק דעמאַסקירט.

געראַטעוועט האָט מיך מיין אויסגעצייכנטער אַקצענט, דאָס „גוטע“ אויסזען און די קאַלטבלוטיקייט.

אין אַ צייט אַרום האָט די מומע אַ צווייט מאָל חתונה געהאַט. איר מאַן איז געווען אַ פּראָפעסיאָנעלער מיליטער־מאַן. פאַר דער מלחמה האָט ער געהאַט די ראַנג פון אַן עלטערן סערזשאַנט. איצט האָט ער געאַרבעט אין אַן אונטערערדישער אָרגאַניזאַציע. ער האָט געהערט צו אַן עקזעקוציע־גרופּע. ער פלעגט נעמלעך ליקווידירן שעדלעכע מענטשן, געהיים־אַגענטן, דייטשע שפּיאָנען און דייטשן, וואָס האָבן באַקומען פון דער אָרגאַניזאַציע אַן אורטייל.

דערנאָך איז ער געוואָרן אַ פאַרבינדונגס־מענטש און פלעגט אַריבערטראָגן געלט און דאָקומענטן קיין סקאַרזשיסקאָ, צום פּאַרטיזאַנער־קאָמיטעט אין וואַלד.

ער האָט געוווינט מיט אונז און פלעגט אָפט ברענגען אַהיים גאַנצע פּעק מיט „ליטעראַטור“, קוילן, ראַקעטן - פּיסטאָלעטן. ער איז געווען ווי צעלינע זייער גוט געווען צו מיר.

איינמאָל האָט ער געמאַכט אַ „לחיים“ און האָט געהאַט גרויס חשק אויסצושיסן אַ פּאָר מאָל פון אַ רעוואָלווער. די מומע האָט

זיך צוליב דעם זייער דענערווירט און האָט מיט גרויס מי איס דערפון אָפּגעהאַלטן.

מען האָט שוין לאַנג נישט געשיקט פאַר מיר קיין שום געלט, אָבער די מומע האָט מיך געשפּייזט נישט ערגער ווי איר אייגן מעבטערל, וואָס האָט געקרענקט אויף די לונגען. נישט איינמאָל האָב איך איר דאָס פאַרגעהאַלטן. איך האָב געוווסט, אז ס'איז איר זייער שווער מאַטעריעל און אז זי גיט זיך אַן עצה מיט גרויס מי. איך האָב איר דעריבער געוואָלט העלפן מיט וואָס נישט איז.

ווען עס האָבן אָנגעהויבן בליען די לינדן־ביימער, פלעג איך זיך ארויפדראַפּן אויף א בליענדיקן בוים און פלעג אראָפּרייסן לינדן־בלומען. די בלומען פלעג איך טריקענען און פאַרקויפן אַלס סגולה צו פאַרשידענע קראַנקייטן. איך פלעג טיילמאָל פאַרדינען ביז 5 גילדן א טאָג — אמאָל ווייניקער אמאָל מער. איך האָב זיך זייער געפרייט ווען איך האָב געהאַט די מעגלעכקייט צו קויפן צוקערלעך אָדער עפּעס א שפּיל־געצייג פאַר עלזשוניען.

ווען איך פלעג צוריקקומען אהיים, פלעג איך זיין אזוי ברודיק און קלעפּיק פון דער סמאָלע, אז ס'איז נישט מעגלעך געווען זיך צו דערוואשן. מיר איז דעמאָלט גוט געווען, — בעסער ווי אין געטאָ — ס'איז בלויז שווער געווען צו טראַכטן וועגן דער פאַרגאַנגאַנהייט, וועגן טאטע מאמע, וועגן דעם פעטער, וואָס מען האָט צוגענומען, וועגן דעם געטאָ וואָס האָט געברענט.

אין יענער צייט האָט מען זיך געגרייט צום אויפשטאַנד.

די מומע איז געווען אזויפיל פּראַקטיק, אז זי האָט ארויסגעפירט עלזשוניען אין דאָרף אריין צו קרובים, אזש צום נאַרעוו, קיין דייטשלאַנד.

איך בין פאַרבליבן אליין מיט דער מומע.

נאָך פאַרן אויפשטאַנד בין איך איינמאָל געווען אַן עדות פון אזא מין סצענע.

צוויי יונגע לייט האָבן זיך האַסטיק געטראָגן אין א פּאַסאַזשיר־אויטאָ. נאָך זיי האָבן זיך מיט אימפּעט געיאָגט צוויי דייטשע אויטאָס, — איינער מיט אַגענטן, א צווייטער מיט זשאַנדארמען. איך בין דאַן געפאָרן מיטן טראַמוויי איבער דער קערבעדזש־בריק. פלוצלינג באמערק איך ווי די נאָכגעיאָגטע פּאַליאַקן ווילן פאַר־

הרייען אין דער ריכטונג פון דער פּאָניאַטאָווסקי־בריק, אָבער עס איז שווין צו שפּעט. די בריק איז אַרומגעשטעלט פון דייטשן.

אָן אַן אויסוועג זענען זיי אַרויפגעפאָרן אויף דער קערבעדזש־בריק. אָבער אויך דאָ האָבן זיי די דייטשן פאַרשטעלט דעם וועג. פון פאָרנט און פון הינטן, פון איין זייט בריק און פון דער צווייטער. אַזוי ווי ער האָט זיך נישט געקענט רירן נישט פאָרויס און נישט אויף צוריק. האָט זיך דער אויטאָ אַ שטעל געטון אין דער ברייט אַזוי, אַז ער האָט פאַרשטעלט דעם וועג דעם טראַמוויי, אין וועלכן איך בין געפאָרן. אַלע פּאַכאַזשירן זענען אויפגעשפּרונגען פון די ערטער און געוואַרט מיט אומרו, וואָס וועט דאָ ווייטער זיין.

פּלוצלינג זענען די פּאָליאַקן אַרויסגעשפּרונגען פון אויטאָ און אַזוי ווי זיי זענען געווען אָנגעטון, — אין דיקע האַרבסט־מאַנטלען און אין קאַפּעליושן אויף די קעפּ — זענען זיי נישט טראַכטנדיק קיין סעקונדע, אַראָפּגעשפּרונגען פון דער בריק גלייך אין טייך אַריין. אַלע זענען פאַרציטערט געוואָרן — די בריק איז געווען הויך און דאָס וואַסער נאָך זייער קאַלט. די דייטשן האָבן אַרומגעשטעלט די ברעגן פון אַלע זייטן און גענומען שיסן צו די שווימענדיקע פּאָליאַקן.

איינער פון זיי איז וואַרשיינלעך פאַרוווּנדעט געוואָרן, ווייל ער איז נאָך איינמאָל אַרויסגעשוווּמען און מער האָט ער זיך שוין נישט באַוויזן — וואַרשיינלעך איז ער דערטרונקען געוואָרן. דער צווייטער האָט, ווי מען האָט דערנאָך דערציילט, צוגעשוווּמען צום ברעג „ריבאַקי", און דאָרט איז אים געלונגען צו באַהאַלטן זיך.

אַלע האָבן געזאָגט, אַז דאָס זענען געווען צוויי פּאַרטיזאַנער, וועלכע האָבן געמאַכט אַ אַטענטאַט אויפן שעף פון געסטאַפּאָ אין אַלעיאַ שוכאַ.

פאַרן אויפשטאַנד האָבן זיך אָפּגעשפּילט פיל ענלעכע סצענעס אויף דער גאַס. יינגלעך פלעגן אַריבערטראָגן געווער אין פידלשיידלעך, אָדער אונטערלייגן פּעטאַרדעס אונטערן דייטשן טראַמוויי „זעראָ" (נול). מען פלעגט אויך רויבן דייטשע בענק אין מיטן העלן טאָג.

איינמאָל זענען געסטאַפּאָ־לייט צוגעקומען אויף אַ גרויסן לאַסט־

אויטאָ צו דער געווער־פאַבריק „אורסוס“ און באַוויזן אַ באַפעל אַרויסצוגעבן זיי אַ גרעסערן סכום געווער, דאָס געווער איז אַרויס־געגעבן געוואָרן און זיי זענען אַוועקגעפאָרן.

מיט אַ שעה שפּעטער איז אָנגעקומען אַ צווייטער אויטאָ מיט געסטאַפּאָווצעס, וועלכע האָבן אַרעסטירט דעם לייטער פון „אור־סוס“ דערפאַר, וואָס ער האָט אַרויסגעגעבן געווער די „פּוילישע באַנדיטן“.

דעם ערשטן אויגוסט, 4 אַזייגער נאָכמיטאָג, איז אין וואַרשע אויסגעבראָכן דער אויפשטאַנד.

באַלד דעם ערשטן טאָג האָבן אונז די דייטשן אַרויסגעוואָרפן פון דער וווינונג און פאַרברענט אונזער הויז. די מומע האָט מיט גרויס מי אויסגעוויינט ביי זיי אַ דערלויבעניש מיטצונעמען אַביסל זאַכן פון דער וווינונג.

נישט ווייט פון אונז האָבן זיי זיך געמאַכט אַ מין פעסטונג, וווּ זיי האָבן איינגעשטעלט מאַשינען־געווער. די מומע און איך האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אין דער דאָזיקער פעסטונג זייערער.

די אויפשטענדער האָבן זיך צוגעגנבעט צום קליינעם גערטנער־הויז און גענומען שיסן צו אונז. דערויף האָבן זיי די דייטשן גע־ענטפערט פון מאַשין־געווער.

אַלע זענען אַנטלאָפן אין קעלער. איך האָב אָבער געוואָלט אַליין זען און בין דעריבער פאַרבליבן אינדערהויך. איך האָב געזען ווי די דייטשן האָבן אָנגעהויבן צו פאַרוואַרפן די אויפשטענדער מיט גראַנאַטן, און די אויפשטענדער האָבן זיך געמוזט צוריקציען.

אַמקאָמישסטן האָבן אויסגעזען די דייטשן, ווען זיי האָבן גע־מוזט אַנטלויפן פון די אייגענע באָמבעס. די פּאָליאַקן פלעגן זיך אַזוי נישט באַהאַלטן פון דייטשע באָמבעס, ווי די דייטשן גופא. זיי זענען געווען גרויסע פּחדנים, די דייטשן. ווי נאָר עס פלעגט זיך באַווייזן אַן עראָפּלאַן, פלעגט ביי זיי ווערן אַ מהומה, האָט ער געמעגט זיין אַ דייטשער. די דייטשן זענען דעמאָלט גע־ווען אַזוי אָנגעשראָקן, אַז זיי פלעגן נישט גלויבן, אַז דער דייטשער עראָפּלאַן איז אַן אייגענער. זיי פלעגן באַלד לויפן זיך באַהאַלטן אין אַ קעלער.

איך האָב זייער ליב געהאַט צו אָבסערווירן לופט־קאַמפן. איך

האָב דאַן אויך געזען ווי רוסישע אעראָפּלאַנען האָבן אראָפּגע־וואָרפן געווער און שפּייז פאַר די אויפשטענדער.

געוווען זענען דאָס אַזעלכע מינים באָמבעס, וואָס פלעגן אַראָפּ־פאַלן זייער לאַנגזאַם. צייטנווייז זענען זיי געווען צוגעפעסטיקט צו פאַל־שירעמס.

איינמאָל האָב איך געזען, ווי אַמעריקאַנער האָבן אַראָפּגעוואָרפן פּראָדוקטן אויף פאַל־שירעמס. פון הימל זענען געפלויגן פיל-פיל פאַרשידנפאַרביקע שירעמס. יעדע פאַרב האָט באַדייט עפּעס אַנ־דערש. מיט אייניקע שירעמס האָט מען אַראָפּגעוואָרפן געווער, מיט אַנדערע — שפּייז, מיט נאָך אַנדערע — באַנדאַזש־מאַטעריאַלן.

אויסגעזען האָט דאָס הערלעך. דער הימל איז געווען פאַרזייט מיט פאַרשידנפאַרביקע שטערן.

שפּעטער האָב איך געזען די באַרימטע דייטשע „קי", איינגע־מאַגנטירט אויף פאַנצער־צוגן. דאָס זענען געווען קורצע ליופעס, וועלכע לאָזן אַרויס זעקס קוילן מיטאַמאָל. זיי וואַיען, פייפן, צינדן אָן און צעשטערן אַלץ ווי מחבלים.

די דייטשן האָבן אויך געלאָזט אין גאַנג זייערע „שרענק". דאָס זענען געווען הונדערטע קילאָגראַמיקע קוילן, וואָס מען האָט גע־מוזט פאַרלאָדן אין די האַרמאַטן מיט ספּעציעלע הויב־קראַנען. אַזאַ מין קויל פלעגט אין איין אויגנבליק צעשטערן אַ גאַנץ הויז.

די דייטשן האָבן געהאַקט אין די אויפשטענדער פון אַלע מינים געווער. כדי די אויפשטענדער פון זייער זייט זאָלן נישט קענען שיסן אויף זיי, פלעגן זיי כאַפּן אויף די גאַסן און אין די הייזער ציווילע מענטשן — דער עיקר פרויען און קינדער — פלעגן זיי צו־בינדן צו די טאַנקען, אַרומפאָרן מיט זיי איבער דער שטאָט און שיסן אין אַלע זייטן.

די צוגעבונדענע זענען געלעגן אויף די פאַנצער־פּליטעס אָדער אויף די בלאָטע־שיצער פון די אויטאָס.

אויסגעזען האָט אַזאַ בילד שרעקלעך.

איינמאָל האָב איך אין די פענצטער באַמערקט ווייסע פלאַג־טעס, כאָטש די קאַמפן אויף די גאַסן האָבן נאָך געדויערט. ווייזט אויס, אַז די אויפשטענדער האָבן זיך פון דעם דאָזיקן פערטל צו־ריקגעצויגן, און די ציווילע באַפעלקערונג האָט זיך אונטערגעגעבן.

אויפן צווייטן טאָג זענען די אוקראַינער און די דייטשן אַרומ־געגאַנגען איבער אַלע הייזער און אַרויסגעוואָרפן אַלעמען אויף דער גאַס. אויך אונז האָט מען אַרויסגעוואָרפן פון דער „פעסטונג".

די גאַסן זענען פול געוואָרן מיט טויטע קערפּערס, און זיי זענען געפּרעסן געוואָרן פון שטשורעס. אייניקע קערפּערס זענען געווען פאַרברענט, אַנדערע האָבן זיך שוין אָנגעהויבן פונאַנדערצולייגן.

שכּורע אוקראַינער האָבן אַלץ אַרום געבראָכן, געשטאָכן און גע־רויבט. דערביי האָבן זיי אונז כּסדר געדראָט מיט גראַנאַטן.

דערנאָך האָט מען אונז אַלעמען צונויפגענומען אויפן זיעלעניאַק.

אויפן זיעלעניאַק זענען מיר אַלע געלעגן אויסגעלייגט, איינער האַרט ביים צווייטן, אַ גאַנצע נאַכט און אַ האַלבן טאָג צומאָרגנס. ס'איז קיין זאַך נישט געווען — נישט קיין וואַסער, נישט קיין עסן — גאָרנישט. דערביי האָט געברענט אַ מוראַדיקע היץ, און ס'איז נישט מעגלעך געווען אויסצוהאַלטן.

די אוקראַינער האָבן געהאַקט מיט די קאָלבעס איבער די קערפּערס, פאַרגוואַלטיקט מיידלעך, געראַבעוועט זייגערלעך, אַראָפּגעריסן שיך. דערנאָך האָבן זיי צונויפגעטריבן אַ גרופּע יונגלעך און גע־וואָלט זיי שיסן, ס'איז נאָך אַ נס, וואָס די דייטשן האָבן זיי פונאַנ־דערגעלאָזט.

צום סוף האָט מען אונז אויסגעשטעלט אין פינפטלעך און גע־טריבן צום מערב־וואָקזאַל, פון דאָרט האָט מען אונז אַוועקגעפירט קיין פּרושקאָוו. אַזוי אַרום זענען מיר געוואָרן דייטשע געפאַנגענע.

אין פּרושקאָוו זענען מיר געווען קוים אַ האַלבע שעה. מען האָט אונז באַלד פאַרלאָדן אין לאַסט־וואַגאָנעס, כּדי ערגעץ אַוועקצופירן. געווען איז דאָס דעם צענטן אויגוסט 1944.

געלאָדן האָט מען אונז פון זעכציק ביז הונדערט מאַן אין אַ וואַגאָן. אויף די שטיגלעך זענען געפאָרן דייטשן מיט מאַשין־געווער און אויטאָמאַטן.

אין די וואַגאָנעס איז געווען שרעקלעך שטיקנדיק און היים. קיין וואַסער איז נישט געווען. אין אונזער וואַגאָן זענען געווען צוויי פרויען, וועלכע האָבן כּסדר געחלשט, ווי אויך משוגענע, וועלכע האָט נישט אויפגעהערט צו ווילדעווען.

קיין איבעריק אָנגענעמע רייזע איז דאָס נישט געווען.

לכתחילה האָבן מיר נישט געוווּסט, וווּהין מיר פֿאָרן, ווייל ס'איז געווען נאַכט. דערנאָך האָבן זיך מענטשן אָנגעהויבן צו אָריענטירן, אַז מען פֿירט אונדז קיין אַשוויענטשים.

ס'איז אַנטשטאַנען אַ שרעקלעכע פּאַניק און אַ מוראדיקע פֿאַרצווייפֿלונג. די פּרוּוען האָבן מתפּלל געווען. די מענער האָבן אָנגעהויבן אַרויסצושפּרינגען פֿון לויפֿנדיקן צוג.

דאָס איז געווען אַ גרויסע ריזיקע. אין וואַגאָן איז געווען איין קליין פֿענצטערל אינדערהויך, איז נאָר דורכן דאָזיקן פֿענצטערל, האָט מען געקענט מיט גרויס מי זיך אַרויסגליטשן, און דעריבער נישט געקענט פֿונאַנדערלויפֿן זיך כדי אַ שפּרונג צו טון. פֿון דעם פֿענסטערל האָט מען זיך בלויז געקענט אַראָפּלאָזן, אַראָפּשפּרינגען נישט — אַזוי אַרום האָט מען לייכט געקענט אַרונטערפֿאַלן אונטער די רעדער, דערצו זענען אויף די שטיגלעך געזעסן דייטשן און געהאַלטן אין איין שיסן.

נישט געקוקט דערויף, האָבן מענטשן, אָנהויבנדיק פֿון זאַלעמביע אָן, געשפּרונגען איינער נאָך דעם צווייטן. כמעט אַלע שפּרינגנדיקע זענען געווען מענער. אייניקע איז געלונגען אַראָפּצוקייקלען זיך פֿון דעם באַן־אָנשיט און אַנטלויפֿן אין וואַלד אַריין. איבעריקע האָבן געדיכט געפּייפֿט קוילן.

אַלץ, וואָס איך האָב ביז איצט געזען און איבערגעלעבט איז פֿאַרבייגעגאַנגען פֿאַר מײַנע אויגן ווי אַ קייט פֿון טויט־געפֿאַרן.

די געפֿאַר און דער טויט האָבן אָבער געדראָט נישט בלויז מיר אַליין, זיי האָבן געדראָט אַלעמען.

אין אָשוויענטשים דאַקעגן האָב איך זיך געפֿילט איינזאַם. כ'בין געווען אַליין מיט מײַן „פֿאַרברעכן". מײַן „פֿאַרברעכן" איז באַשטאַנען דערין, וואָס איך בין אַ ייד און איך שפּיל די ראָלע פֿון אַ פּאָליאַק. מודה זײַן זיך, אַז איך בין אַ ייד, האָב איך נישט געקענט, ווייל מען וואָלט מיך באַלד אַרײַנגעוואָרפֿן אין אויוון. ייִדישע קינדער האָבן אין אָשוויענטשים נישט געהאַט קיין רעכט אויף לעבן. אַזוי ווי איך בין געווען אַ געמלטער, האָט מען מיך געקענט דעמאַסקירן יעדע ווײַלע.

איך האָב געלעבט אין אַ כסדרדיקער נערוון־שפּאַנונג און שרעק,

אז מען וועט מיך דעמאַסקירן. איך האָב זיך געפילט שרעקלעך איינזאַם, ווייל איך האָב קיינעם נישט געטאָרט אָנטרויען מיין אומרויקייט. און נישט בלויז צוליב זיך אַליין האָב איך געציטערט, איך האָב אויך מורא געהאַט פאַרן גורל פון צעלינען, ווייל אַלע האָבן דאָ געוווּסט, אַז איך בין צוזאַמען מיט איר געקומען קיין אָשווייענטשים.

איך האָב זיך דעריבער מיט איר אָפּגעשמועסט, אַז אין פאַל ווען מען וועט מיך אונטערזוכן און דעמאַסקירן פאַרן טויט, וועל איך זאָגן, אַז איך האָב דער „מומען" גאָרנישט געקענט און, אַז זי האָט נישט געוווּסט, אַז איך בין אַ ייד; זי האָט זיך מיט מיר פאַר־אינטערעסירט ערשט אין וועג.

אויך זי האָט געזאָלט טענהן דאָס זעלבע אין פאַל פון אַן אויס־פאָרשונג.

אַממערסטן האָבן מיר מורא געהאַט פאַר די פּאָליאַקן, וואָס זענען מיט אונז צוזאַמען געקומען, ווייל יענע האָבן אונז געקענט פון וואַרשע.

אַ שרעקלעך אָפּקומעניש איז פאַר מיר געווען דאָס באָדן זיך, ווען מען האָט געדאַרפט שטיין צוזאַמען מיט אַנדערע נאַקעט. ווען מען פלעגט אונז באַשפּריצן מיט פליט, האָבן מיר נאָך דערצו גע־מוזט האַלטן די הענט אונטערהויך. אַזעלכע דושן און שוויץ-בעדער זענען געווען אָפט. נאָרמאַל האָבן זיי געהאַט אַן אָרט איין מאָל אין חודש, אָבער אַזוי ווי אין לאַגער פלעגן אָפט אויסברעכן אָנשטעקנ־דיקע קראַנקהייטן, פלעגט מען אונז פירן אויף דעזינפעקציע פיל אָפטער.

ווען מיר זענען אָנגעקומען קיין אָשווייענטשים, זענען די פּאָ־ליאַקן געווען איבעראַשט דערפון, וואָס עס לעבן נאָך אַזויפיל יידן. די וואַרשעווער האָבן געמיינט, אַז קיין יידן זענען שוין נישטאָ, אַז מען האָט זיי אַלעמען אויסגעהרגעט.

איך האָב זיך זייער דערשראָקן, ווען מען האָט אַן עפן געטון די טירן פון די וואַגאָנעס און מען האָט אונז אָנגעהויבן אַרויסצו־זעצן. אונז האָבן אַרויסגעזעצט עפּעס אַזעלכע מאָדנע מענטשן מיט מיצלעך אויף די קעפּ און געשטרייפטע בגדים. זיי האָבן אונז

געטריבן און געשלאָגן. דערביי האָבן זיי געליאַרעמט און אַרומגעלאָפן ווי משוגעים. אומעטום — מאַסן מענטשן, אַ געלויף און אַ מהומה. ליכטיק ווי אויף עפּעס אַ מאַקאַברישן עקראַן, פון אַלע זייטן רעפלעקטאָרן, לאָמפּן, וואַך־טורעמס, ליכט־שטראָמען און ווו מיטן אויג צו כאַפּן — שטעכל־דראָטן, אַ גאַנצער וואַלד פון שטעכל־דראָטן!...

הויך, אויף די וואַך־טורעמס שטייען דייטשן מיט מאַשין־געווער. אונטן יאָגן די דייטשן די „שוואַרץ־ווייסע" מענטשן, און זיי, די שוואַרץ־ווייסע, טרייבן אונז. און דאָס אַלץ — ביי אַ מורא־דיקער פּאַניק, ביי שרעקלעכע געשרייען, ביי אַ שלאָגן און ביי אַ געוויין. מענטשן לויפן אַרום ווי משוגעים, זיי ווייסן נישט ווו צו שטעלן זיך און וואָס צו טון — ממש ווי אין אַ משוגעים־הויז.

איך האָב געזען ווי אַ דייטשקע אין שטיוול מיט כאָליעוועס און מיט אַ בייטש אין דער האַנט, האָט געשמיסן פרויען איבער די פּנימער דערפאַר, ווייל זיי זענען נישט געגאַנגען גלייך פינפטלעכווייז. פריער האָב איך נאָך קיינמאָל נישט געזען, אַז איין פרוי זאָל שלאָגן אַ צווייטער. איך האָב אויך געזען ווי מען האָט מערדערלעך געשלאָגן ייִדן.

מיך צוזאַמען מיט דער מומען האָט מען צוגעטיילט צו צייטווייליקע באַראַקן אין לאַגער בזשעזשינקי. דריי טעג נאָכאַנאַנד האָט מען אונז אַזוי געהאַלטן אָן עסן און אָן טרינקען, ווייל מיר זענען נאָך נישט געווען פאַררעגיסטרירט.

דערנאָך האָט מען אונז גענומען אין באָד אַריין. איך האָב שרעקלעך מורא געהאַט, ווייל ייִדן האָבן אַליין דערציילט, אַז ייִדישע קינדער שיקט מען תיכף אין אויוון אַריין.

פון גרויס פאַרצווייפלונג האָב איך זיך אין באָד פאַרטרויט איינער אַ ייִדישער פרוי און איר דערציילט, אַז איך בין נישט קיין פּאָליאַק נאָר אַ ייִד. האָט זי מיר זייער פיל געהאָלפן. זי האָט מיר פאָרויסגעזאָגט, ווי אַזוי אַלץ וועט פאָרקומען און ווי אַזוי איך דאַרף זיך אויפפירן. זי האָט מיר אויך געגעבן אַ האַנטוך, כדי איך זאָל האָבן מיט וואָס זיך צו פאַרשטעלן. קיין ספּעציעלע דאָקטוירים־קאָמיסיע — האָט זי מיר געזאָגט — וועט נישט זיין און

טאָמער וועט מען יאָ דורכפירן אַן איבערבליק, וועס ער זיין בלויז אַן אויבנאויפיקער.

דאָס איז געווען דאָס איינציקע מאָל, וואָס איך זאָל זיך עמיצן האָבן אַנפּארטרויט, אַז איך בין אַ ייִד. שפּעטער, ווען איך האָב באַקענט די מענטשן און דאָס לעבן אין לאַגער, האָב איך שוין צו קיינעם קיין צוטרוי נישט געהאַט.

געבאָדן האָבן מיר זיך צוזאַמען מיט די פרויען. דערנאָך האָט מען אונז אַלעמען אָפּגעראַזירט די קעפּ. ביי די פרויען האָט מען אָפּגענאָלט נישט בלויז די האָר פון די קעפּ, נאָר פון גאַנצן קערפּער. געטון האָבן עס יידיש־סלאָוואַקישע פריזירערינס. זייערע מאַשינקעס זענען געווען אַזעלכע טעמפּע, אַז זיי האָבן פּשוט געריסן די האָר פון קערפּער. די פּאָלקעס האָבן אויף דער דאָזיקער טעמע זייער פיל גערעדט. זיי זענען געווען אויפגערעגט אויף די יידישע, און געשריען, אַז זיי נוצן אויס די געלעגנהייט, כדי אויף אַזאַ אופן נוקם צו זיין זיך אין זיי.

לכתחילה האָב איך געמיינט, אַז זיי זענען גערעכט. שפּעטער אָבער האָב איך געזען, אַז אויך ביי די יידישע פרויען האָבן זיי פּונקט אויף אַזאַ אופן געריסן די האָר און אויך זיי האָבן די סלאָוואַקינס געשאָלטן.

נאָכן אָפּראַזירן האָט מען אונז באַשפּריצט מיט פליט און מען האָט אונז געהייסן אַריינרוקן די קעפּ אין עפּעס אַ הייבער און שטינקענדיקער פליסיקייט, וואָס האָט שרעקלעך געברענט די אויגן.

אויך די שיך האָט מען אונז געהייסן אַ טונק טון אין דער דאָזיקער פליסיקייט. דאָס אַנטועכץ ווידער איז געגאַנגען אין אַ דאַמפּקאַמער אויף דעזינפעקציע, פונוואַנען דאָס איז צוריקגעקומען פולשטענדיק נאַס און פאַרעיפּושט.

די פרויען האָבן אויסגעזען שרעקלעך מיט זייערע אָפּגעראַזירטע קעפּ. נאַקעטע, מיט קעפּ ווי אייער, אָפּט אין שטיוול, האָבן זיי געמאַכט אַן איינדרוק פון פאַרזועניש.

שפּעטער, ווען מען האָט זיי אָנגעטון, האָבן זיי אויסגעזען נאָך שרעקלעכער, ווייל מען האָט זיי אָפּגעגעבן נישט דאָס אייגענע אָנטועכץ, נאָר פרעמדע. אָפּט פלעגט אַ הויכע פרוי קריגן אַ קורץ

קליידל, וואָס האָט איר נישט געגרייכט אפילו ביז די קני; אַ ני־דעריקע פרוי ווידער פלעגט באַקומען אַזאַ לאַנג קלייד, אַז זי פלעגט אין איר נישט קענען גיין, — אַזוי האָט זי זיך איר געפּלאָנטערט. פאַרשטייט זיך, אַז יעדע פון זיי האָט בעסער געוואָלט האָבן אַ לענגער קלייד, ווייל אין אָשוויענטשים איז געווען קאַלט און קיין וועש האָט מען נישט געטאָרט טראָגן. די שיך ווידער, זענען כמעט ביי אַלעמען געווען נישט צום פּאָר.

אַלץ צוזאַמען האָט עס אויסגעזען ווי אַ גראָטעסק.

ווען זיי האָבן נאָך דער באָד אָנגעהויבן איינע די צווייטע צו באַטראַכטן, האָבן אַלע, נישט געקוקט אויף דער אימה און דער פאַרצווייפלונג, געפּלאַצט פון געלעכטער. דער מומען האָב אין בשום אופן נישט געקענט דערקענען.

מען האָט אונז אַוועקגעפירט אין פרויען־לאַגער און דאָרטן אַלע מען פאַררעגיסטרירט. איך האָב אָנגעגעבן, אַז איך בין יונגער, ווי איך בין געווען אינדערעמתן. געהאַט האָב איך דאַן 13 יאָר און אָנגעגעבן האָב איך עלף.

איך האָב באַקומען דעם נומער 192.716 מיט אַ רויטן „ווינקל“ און אַן אות „פּ“ אינדערמיט.

דער רויטער קאָליר האָט באַדייט, אַז איך בין אַ פּאָליטישער אַרעסטאַנט, און דער אות „פּ“, אַז איך בין אַ פּאָליאַק.

מיר זענען צוגעטיילט געוואָרן צו אַ ספּעציעלער „פּאָליטישער אָפּטיילונג“.

אין משך פון צוויי טעג זענען מיר אַלע געווען אין פרויענלאַ־גער. צו דער מומען האָב איך זיך באַמיט נישט צו דערנענטערן, כדי איך זאָל זי נישט „פאַרשיטן“ אין פאַל ווען איך זאָל אַריינ־פאַלן.

אין די באַראַקן האָבן זיך די „בלאָקאָוועס“ נישט געקענט קיין עצה געבן מיט די יונגלעך, ווייל זיי האָבן שרעקלעך געשטיפט און „אָרגאַניזירט“ (געגנבעט).

געווען זענען מיר אַ מאַן הונדערט, אין עלטער פון זיבן ביז 16 יאָר, סאַמע וואַרשעווער אויפשטענדער און צוואַניאַקעס. מיר האָבן שוין איינמאָל געקענט שטיפן!

איינמאָל האָט מען אונז, נאָכן רעכטן אַפּעל, געגעבן קאַרטאָפל

אין „פעלצן". האָבן מיר זיך אַלע אַ וואָרף געטון אויף די קאַרטאָפל און געוואָלט זיי איינשלינגען, אָבער דאָ האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז זיי זענען אַלע צעפוילטע. דאָס האָט אונז שרעקלעך אויפגער בראַכט און ווען די דייטשע אויפזעערין איז געקומען, כּדי צו מאַכן אַן אַפּעל און איבערציילן אונז, האָט איר איינער אַ חברהמאַן אַ וואָרף געטון אַ פוילע קאַרטאָפל אין קאָפּ אַריין און אַראָפּגעוואָרפן איר היטל. די „בלאָקאָווע" איז געוואָרן אַ טויטע.

מיר האָבן נאָך דאַן נישט געקענט דעם לאַגער־רעזשים און נישט געוווסט, אַז קאַרטאָפל איז אַ „לוקסוס", וואָס מען גיט בלויז איינמאָל אַ וואָך. דאָס איז געווען באַלד נאָך אונזער אָנקומען, זע־נען מיר נאָך נישט געווען אַזוי אויסגעהונגערט.

איך געדענק ווי אַזוי איך האָב זיך אויסגעלערנט „אָרגאַניזירן" אין לאַגער, דער עיקר — כּדי צו העלפן דער מומען, וועלכע איז כּסדר געווען הונגעריק.

מיר פלעגן זיך אויסשטעלן אין פינפטלעך צום אַפּעל און מען פלעגט אונז אָנהויבן פונאַנדערטיילן די פּאָרציעס, אַ שטיקל ברויט און אַ לעפל קאָנסערוון. איך פלעג געוויינלעך שטיין אין דער ער־שטער רייע, ווי נאָר אָבער כ'פלעג באַקומען מיין פּאָרציע, פלעג איך זיך אומבאַמערקט צורוקן צו דער לעצטער רייע און פלעג באַ־קומען נאָך אַ פּאָרציע, וועלכע איך פלעג אַריינטראָגן דער מומען.

איך האָב זיך מיט איר געטיילט מיט אַלץ, וואָס כ'האָב געהאַט. ווייל זי האָט נישט געקענט „אָרגאַניזירן". איך געדענק, אַז איך פלעג זיך מיט איר כּסדר שפּאַרן. איך האָב איר געמוזט צווינגען, אַז זי זאָל אויפעסן דאָס שפּייז, וואָס איך האָב איר געבראַכט. זי פלעגט נישט וועלן נעמען ביי מיר, זי פלעגט טענהן, אַז איך וואַקס, מוז איך עסן. איך האָב אָבער געוווסט, אַז די מומע הוסט און האָט אַ נייגונג צו טובערקולאָז.

אין פרויען־לאַגער איז געווען ברודיק. דאָס איז געווען אַ געמויער־טער באַראַק פול מיט וואַנצן.

טאָג־טעגלעך, פינף אַזייגער פאַרטאָג, ווען ס'איז נאָך געווען פינצטער, איז פאָרגעקומען דער אַפּעל. די נעבעך זענען אין אָש־וויענטשים געווען זייער קאַלט און מענטשן האָבן געציטערט פון קעלט.

בעת די אפּעלן פֿלעגט צושפּילן א פּרויען־אָרקעסטער (דער רוח ווייס צו וואָס!). פֿון פאַרנט פֿלעגן מאַרשירן צוויי פּרויען און אויס־קלאַפּן אויף פּייקלעך דעם פּינפּער־טאַקט. נאָך זיי פֿלעגן מאַרשירן נאָך עטלעכע פֿרויען און צוגרימפּלען אויף א מאַנדאָלינע און א האַרמאָניקע.

דערנאָך פֿלעגט מען געבן עפּעס א שוואַרצע וואַסערדיקע מי־שעכץ, וואָס מען האָט גערופֿן קאווע. מער האָט מען גאָרנישט נישט געגעבן און מענטשן זענען געגאַנגען צו דער אַרבעט.

א צווייטער אַפּעל איז פאָרגעקומען נאָכמיטאָג. אַזייגער צוויי אָדער פֿיר, ווען די קאָמאַנדעס פֿלעגן צוריקקערן פֿון דער אַרבעט. דעמאָלט ווידער פֿלעגט זיין שרעקלעך הייס און אַלע זענען גע־ווען מערדערלעך אויסגעמאַטערט.

א מאָדנע וועטער איז געווען אין אָשוויענטשים. ביינאַכט — א פראָסט און בייטאָג — היצן צום חלשן.

ווען די צאָל מענטשן האָט ביים אַפּעל נישט געשטימט, האָט מען געמאַכט א „צייל־אַפּעל" אָדער א „נאַכטאַפּעל" און מען פֿלעגט ציילן נאָכאמאָל. צייטנווייז פֿלעגט דער אַפּעל דויערן צוויי שעה און מער.

נאָכן אַפּעל פֿלעגט מען געבן זופּ. געווען איז זי געוויינלעך א קאַלטע, ווייל ברענגען פֿלעגט מען זי נאָך פאַרן אַפּעל.

דאָס איז געווען די באַריהמטע ברוקווע־זופּ, געמאַכט פֿון ברוקווע און וואַסער, נישט דערקאָכט און נישט דערזאַלצן. צייטנווייז פֿלעגן אין איר אַרומשווימען גרינע בלעטער אַזעלכע און שטענגלעך, וואָס מען האָט אין מויל נישט געקענט נעמען. מיר פֿלעגן דאָס רופֿן „גראָז". מען האָט דערציילט, אַז אין דער זופּ וואַרפט מען אויך אריין קאַרטאָפֿל אין פּעלצן, אָבער קיינער פֿלעגט עס נישט באַ־קומען. דאָס פֿלעגן שוין געוויינלעך צונעמען די טיילערס. ווען עמיצער פֿלעגט אמאָל אין א שמיטה געפֿינען א שטיקל קאַרטאָפֿל אין דער זופּ, פֿלעגט ער דאָס אַלעמען ווייזן ווי עפּעס אויסערגע־וויינלעכעס... איין מאָל אין דער וואָך, זונטיק, פֿלעגט זיין אַן אַר־בעס־זופּ.

ערשט אַכט אינאָוונט פֿלעגט מען געבן א פּאָרציע ברויט, דאָס הייסט א פֿערטל לעבל פֿאַר דערוואַקסענע און א פֿינפטל פֿאַר קינ־

דער פון צען ביז ניינצן יאָר. צוויי מאָל א וואָך פלעגט מען געבן צו פּיצל מאַרגאַרין.

אין לאַגער פלעגט מען זיך אויסדריקן א „פּאַיקע ברויט" און א „קלעצעלע מאַרגאַרין". צייטנווייז פלעגט מען געבן א קליין לעפעלע מאַרמעלאַדע (דאָס פלעגט ביי אונז הייסן א „פּינטל"), אָדער שטיק־קנדיקן גרינעם קעז — האָט מען עס גערופן „שקאַרפּעטקע". ווען מען פלעגט אונז אמאָל געבן א פּיצל פּוילע ווורשט, פלעגן די יונג־לעך לאַכן און זאָגן, אז דאָס איז געמאַכט פון יידן־פלייש. אויך דאָס זייף, וואָס מען פלעגט אונז אמאָל געבן, איז געמאַכט געוואָרן פון יידן־פעטס.

לויטן דין האָבן מיר געדאַרפט באַקומען א פערטל לעבל ברויט, ד. ה. 200 גראַם, אָבער אינדערעמתן פלעגן מיר קיינמאָל נישט קריגן אזויפיל, ווייל לכל הפחות א דריט־חלק ברויט און פעטס פלעגט מען ביי אונז צוגנבענען. דאָס האָבן אַלע גוט געוווסט, ווייל די יונגלעך פלעגן דאָס ברויט ברענגען צו טראָגן, פלעגן זיי זען, וואָס פאַר א פּאַרציעס עס קומען אָן, און וואָס פאַר א פּאַרציעס מען גיט אונז ארויס.

די פּאָליאַקן פלעגן זיך פאַרשליסן צוזאַמען מיט די מאַגאַזיניערן און מיט די „שרייבערס" און מען פלעגט באַגנבענען יעדע פּאַרציע. אונזער „בלאָקאָווי" האָט געהאַט א געליבטע (דאָרטן פלעגט עס הייסן א „לאַגער־ווייב"), פלעגט ער איר אריינשיקן גאַנצע לעב־לעך ברויט, וואָס ער פלעגט זיך אָנגנבענען.

און דאָס אַשוויינטשימער ברויט איז אויך געווען עפּעס אזא מאָדנע. מען האָט דאָס געגעסן און געגעסן און קיינמאָל איז מען פון אים נישט זאַט געוואָרן. לכתחילה האָב איך עס בכלל נישט געקענט עסן. עס איז געווען אינגאַנצן אָן א טעם, אזוי ווי מען וואָלט אין מויל געהאַט זעגעכץ. איבריקנס, ס'איז א סברה, אז עס האָט טאַקע אַנטהאַלטן זעגעכץ, בוראַקעס און גראָז, אַמווייניקסטן איז דערין געווען מעל. נאָך א לענגערן זיין אין אַשוויענטשים אָבער האָבן אַלע געטרוימט וועגן דעם דאָזיקן ברויט, און דאָס גרעסטע אומגליק פלעגט זיין, ווען מ'פלעגט באַקומען פאַרשימלט ברויט און עס מוזן ארומשניידן.

ארומשניידן דאָס האָט מען געמוזט. א געוויס יינגל האָט נישט

געוואָלט פּאַלגן די עלטערע, דערפאַרענע אַרעסטאַנטן און האָט אויפגעגעסן דאָס פאַרשימלטע ברויט, האָט ער באַלד באַקומען אַ געדערים־פאַרדרייונג און איז געשטאָרבן.

ווען מיר פלעגן אײַנאָוונט קריגן אונזער „פאַידע", פלעגט זיך שטעלן די פראַגע, וואָס טוט מען מיט איר: אויפעסן באַלד, איבער־לאָזן אויף אינדערפרי, צעטיילן אויף צוויי חלקים און אויפעסן אַ העלפט אײַנאָוונט און אַ העלפט אינדערפרי?

אַמבאַרעכנטסטן איז געווען — איבערלאָזן אויף אינדערפרי. דעמאָלט וואָלט מען געקענט אויפעסן אַ שטיקל מיט קאַווע און דאָס איבעריקע ביי דער אַרבעט. בעת דער אַרבעט פלעגט מען זיין שרעקלעך הונגעריק, מען פלעגט בוכשטעבלעך שוואַך ווערן פון הונ־גער. קיין זאַך האָט מען נישט געקענט אויפהויבן, אפילו די הענט איז נישט מעגלעך געווען אויפצוהויבן אינדערהויך. ווען די אויפ־זעער פלעגן אַזאַ איינעם באַמערקן, פלעגן זיי אים „דערשלאָגן" ד. ה. דערהרגענען.

אָבער זעלטן ווער ס'פלעגט איבערלאָזן דאָס ברויט אויף מאָרגן, ווייל אויך אײַנאָוונט פלעגן מיר זיין זייער הונגעריק.

אַחוץ דעם פלעגט מען שרעקלעך גנבענען. טרעפט יוען אַ „העפט־לינג" זאָגט זיך אָפּ פונם עסן און גייט שלאָפן אַ הונגעריקער כדי איבערצולאָזן די „פאַידע" אויף מאָרגן — דערווייל שטייט ער אויף אינדערפרי, ער גיט אַ קוק — דאָס ברויט איז נישטאָ, עמיצער האָט עס צוגעלקחנט.

עס פלעגן נישט העלפן נישט די בקשות, נישט די דראָאונגען, — קיינער פלעגט זיך נישט מודה זיין און קיינער פלעגט נישט אָפּ־געבן. מען האָט קיינעם נישט געקענט כאַפּן ביי דער האַנט, ווייל די מענטשן זענען געווען זייער כיטרע.

איך פלעג אָבער מיין ברויט אָרומגרייזשען אביסל אײַנאָוונט און די רעשט באַהאַלטן ביז מאָרגן. איך האָב עס געמוזט גוט אָפּהיטן סיי פון אַנדערע און סיי פון זיך גופא.

אַמהונגעריקסטן זענען אין לאַגער געווען די יידן. געאַרבעט האָבן זיי אַמשווערסטן און עסן פלעגט מען זיי געבן אַמווייניקסטן. זיי זענען געווען אין לאַגער בלויז כדי אויסצוגיין דאָרט.

אַרבעט האָט מען זיי געגעבן נאָר כדי זיי צו פּייניקן. לויפנדיק

פלעגן זיי מוזן טראָגן שווערע שטיינער און מאַכן אַ שאָסיי, און ווען דער שאָסיי פלעגט שוין זיין פאַרטיק, פלעגט מען אים מוזן ווידער צעגראָבן און אריבערטראָגן ערגעץ אַנדערש.

די דאָזיקע יידן און יידענעס פלעגן צו אונז קומען כדי צונויפ־צוקלייבן די רעשטלעך פון דעם עסן. זיי פלעגן עסן דאָס שאָלעכץ פון די קאַרטאָפל, וואָס די פּאָליאַקן פלעגן אַרויסוואַרפן, און די ברוקווע־שטיקלעך, וואָס מען האָט נישט געקענט עסן.

אויסגעזען האָבן זיי שוידערלעך. דאַרע פיס־ביינער אין גרויסע הילצערנע שיפלעך („האָלענדערקעס"), שיטערע כמו־האָר אויפן קאָפּ, אויסגעשטערקטע הענט...

זיי פלעגן אַריינקריכן אין אַ פעסל און מיט די נעגל אויסצו־דראַפּן די רעשטלעך שפּייז.

איינמאָל האָט אַ יונגל, צוזעענדיק דאָס, אַ זאָג געטון: „חזיר". האָט אים צוגערופן אַ פרוי, אַן אַלטע לאַגעריסטקע, אַ פּוילישע, און האָט אָנגעהויבן אים צו מוסרן:

— „וואַרט, וואַרט, — האָט זי געזאָגט — עס וועלן נאָך קומען שלעכטע צייטן, וועסטו אויך אַזוי אַרומגיין!"...

די אַלטע פּוילישע לאַגעריסטן פלעגן איינע די אַנדערע דער־ציילן, אַז פריער, אין די יאָרן 1941—1942, ווען קיין קרעמאַ־טאָריום איז נאָך נישט געווען און מען פלעגט ברענען די מענטשן אין די גרובנס, איז אין לאַגער געווען זייער שלעכט. דעמאָלט פלעגט אַ קאַפּאָ באַקומען 6 פּאָרציעס זופּ פאַר הרגענען אַ מענטש. פון דעמאָלט אָן איז אָנגענומען געוואָרן דאָס ווערטל, אַז אַ מענ־טשנס לעבן אין לאַגער איז ווערט זעקס פּאָרציעס ברוקווע־זופּ.

שפּעטער האָט מען אונז אַוועקגענומען אין מענערישן לאַגער, כדי מיר זאָלן זיך צוגעוווינען צו דיסציפּלין. מען האָט אונז באַ־זעצט אין זעקסטן בלאָק. דאָרטן איז געווען דער באַרימטער בלאָ־קאָווי — „דער בלוטיקער מיעטעק". ער האָט געהאַט אַ קליין נור־מערל אַזאַ, כדי צו באַווייזן, ווער ער איז.

נישט איין מענטש האָט ער געהאַט אויף זיין געוויסן.

לכתחילה האָבן זיך די יונגלעך נישט געקענט צוגעוווינען צו דער נייער אָרדנונג (ווייל אין פרויען־לאַגער איז אונז גוט געגאַנ־גען) און זיי פלעגן כסדר כאַפּן שמיץ. דער בלוטיקער מיעטעק

פלעגט שלאָגן און שרעקלעך זידלען. איך פלעג גליקלעכערווייז אויסמיידן שמיץ.

ער האָט שוין געהאַט זיינע לאַגער־מיטלען.

אין בלאָק איז געווען אַן אויזון מיט אַ נידעריק איינגעריכטעטער עפענונג. פלעגט ער הייסן אַריינרוקן אין דער דאָזיקער עפענונג דעם קאָפּ, כדי מען זאָל זיך שטיקן פון ענגשאַפט און אַש, און אַרויסשטעקן דעם הינטער־טייל. אין דעם אַרויסגעשטעלטן הינטן פלעגט ער שמייסן אָן אויפהער מיט אַ שאַרפער שפּיצרוט. דערביי פלעגט מען מוזן שרייען: „גאָט מיינער, איך וועל שוין מער נישט!“ דאָס געשריי פלעגט מען אָבער קוים־קוים קענען אַרויסבאַקומען פון דעם פאַרשטיקטן האַלז.

בכלל פלעגט ער כסדר הייסן בעטן גאָט. זיין באַליבט ווערטל פלעגט זיין: „דורכן קוימען וועסטו ביי מיר רעדן מיט גאָט“.

ער פלעגט אויך איינאָרדנען אַנדערע שפּיצלעך. אַזוי פלעגט ער צווינגען ייִנגלעך צו שווימען אין אַ טיפן באַסיין, אָן חילוק צי זיי קענען, צי נישט. אַ יונגל, אויף וועמען ער פלעגט בייז זיין, פלעגט ער כאַפּן פאַר אַ פוס, איינטונקען אים טיף אין וואַסער און פלעגט אים דאָרט אויף אַזאַ אופן האַלטן אַזוי לאַנג, ביז יענער פלעגט זיך אויפהערן צו באַוועגן.

ווען ער פלעגט זיך אַוועקזעצן אויף דער כלי צו דערליידיקן זיך, (דער „בלאָקאָווי“ האָט דאָרט געהאַט אַ באַזונדער כלי), פלעגט אין בלאָק מוזן זיין אַן אַבסאָלוטע שטילקייט, טאָמער פלעגט עמיצער בעת מעשה אַ שעפּטשע טון, פלעגט די גאַנצע „בוקסע“ אָדער „קאָיע“ נישט קריגן קיין מיטאָג.

פיל־פיל וואָלט מען געקענט דערציילן וועגן דעם, וואָס דאָרט האָט זיך אָפּגעטון. אָבער איך וויל שוין וועגן דעם נישט רעדן — גענוג אַז איך האָב עס איבערגעלעבט.

אין מענערישן בלאָק האָט מען אויף אונז אַרויפגעלייגט אַ קאַראַנטין און מיר האָבן נישט געטאָרט אַרויסגיין צוויי אָדער דריי וואָכן. דערנאָך האָט מען אונז אַריבערגעטראָגן אין בלאָק נ. 13. אונזער לאַגער האָט געהייסן ב. 2 אַ. דאָס הייסט: בירקענאַו 2, פעלד אַ.

ווען מען האָט אונז שוין דערלויבט אַרויסצוגיין, האָבן מיר

דורך די שטעכל־דראָטן אָנגעהויבן אַריבערוואַרפן ברויט אין פרויען־לאַגער, די יינגלעך האָבן דאָרט געהאַט זייערע מוטערס.

געמאַכט האָבן מיר עס אַזוי: אַלע ברויט פלעגן מיר איינוויקלען אין איין פעקל, צובינדן צו אים אַ שטיין און אַריבערוואַרפן עס, ווען קיינער פלעגט נישט זען, איבער די דראָטן. די פרויען פלעגן עס דערנאָך אויפהויבן, ווען זיי פלעגן צוריקקומען פון דער אַרבעט.

די פוילישע פרויען, בפרט די פּאָליטישע אַרעסטאַנטקעס, זענען געווען זייער גוט צו אונז און זיך אָפּט מיט אונז באַשעפטיקט.

פלוצלינג איז אויסגעבראָכן עפּעס אַן עפּידעמיע — וואָס פאַר אַ מין וויים איך נישט — זי האָט אָבער ספּעציעל געדראָט די קינדער, האָט מען אויף אונז ווידער אַרויפגעלייגט אַ קאַראַנטין אין 13־טן בלאָק. קיינער האָט נישט געטאָרט אַרויסגיין, אפילו דאָס פּערסאָנאַל.

דעמאָלט האָט מען אונז אויפגעהערט צו געבן ברוקווע־זופּ. אין משך פון אַ געוויסער צייט האָט מען אונז געגעבן עפּעס אַ ביסל אַ בעסער געקעכטס, אַן אַזוי גערופענע „קינדער־זופּ“.

איינמאָל האָט מען צו אונז אין בלאָק געבראַכט נייע געסט. דאָס זענען געווען יידישע קינדער פון ליטע. זיי זענען אויך אַדורך אַ קאַראַנטין. זיי האָבן געוווינט אויף איין זייט בלאָק, הינטער דער וואַנט, און מיר אויף דער צווייטער זייט. לכתחילה איז אונזער צוזאַמענלעבן געווען זייער שלעכט. די פּאָליאַקן האָבן זיי נישט ליב געהאַט. זיי פלעגן זיי באַוואַרפן מיט ברודיקע טעפלעך, פלעגן אויף זיי שרייען „פּאַרכי“ און זיי אָפּט פאַרטשעפּען. שפּע־טער אָבער האָט זיך מיטן דאָזיקן ענין פאַרנומען דער „בלאָקאָווי“, אַ פּאָליאַק, ער האָט די יינגלעך געמאַכט אַן אוואַנטורע און האָט זיי געזאָגט, אַז ס׳איז אַ חרפּה, איין מענטש זאָל רודפן אַ צווייטן. אַלע ליידן מיר איצט צוזאַמען און מיר מוזן זיין לגבי דעם שונא סאָלידאַריש, — אין לאַגער זענען אַלע גלייך. צום סוף פון זיין רעדע האָט ער די יינגלעך געוויזן אַ פּאַסעק און האָט דערקלערט, אַז ווער עס וועט פאַרטשעפּן אַ ייד, יענער וועט פון אים באַקומען שמיץ. דעמאָלט איז אַביסל שטילער געוואָרן, מען האָט אויפגע־הערט צו פאַרטשעפּן יידן און מען האָט אפילו אָנגעהויבן האַנדלען מיט זיי.

דער ערגסטער פון אַלעמען איז געווען איינער אַ זופּ־פונאַנדער־טיילער, אַ פּאָליאַק. גערופן האָט מען אים בורקהאַרדט.

דאָס איז געווען אַן אַלטער קרימינאַליסט און אַ מעסערשטעכער. ער פלעגט אונז שרעקלעך שלאָגן און פּייניקן. אַזוי פלעגט ער אונז הייסן, צום ביישפּיל, שטיין איינגעבויגענערהייט אויפן אויוון, די פּיענטעס האַלטן צוזאַמען, די הענט אויסשטרעקן פאָרויס און האַלטן מיט זיי עפּעס אַ שווערן קעגנשטאַנד — אַ בענקל, אָדער עפּעס אַנדערש. מען האָט זיך נישט געטאָרט צוזעצן אַפילו אויף אַ רגע. אויף אַזאַ אופן האָט ער געצוואונגען צו שטיין שעהנווייז. דער סוף פלעגט זיין, אַז די פיס פלעגן אונז אָפּחלשן, די קני פלעגן ציטערן און מיר פלעגן יעדעס מאָל אַראָפּפאַלן פונם אויוון.

אַן אַנדערש מאָל פלעגט ער אונז הייסן אַרומשפּרינגען אַן אויפהער ווי אַ זשאַבע אַרום דעם אויוון, און ווען מיר פלעגן שוין מער נישט קענען, פלעגט ער אונז קאָפּען מיטן פוס אין הינטערטייל.

איין מאָל האָט אַ ייד זיך באַקלאָגט אויף אים פאַרן בלאָק־אויפזעער, האָט ער אים דערנאָך געכאַפּט און האָט אים שרעקלעך געשלאָגן איבערן פּנים און איבערן קאָפּ. ער האָט אים אַזוי צעממיתט, אַז קיינער האָט נישט געקענט קוקן דערויף.

דאָס איז געווען אַ שרעקלעכער אויסוואורף, אָבער ער האָט דערפאַר באַקומען זיינס. מיר זענען שפּעטער אַריבער אין ד.־לאַגער, צו די אַלטע „העפטלינגען" און מיר האָבן זיי וועגן דעם אַלעם דערציילט, האָט מען זיך אין אים נוקם געווען און מיט אים אַ סוף געמאַכט.

די אַלטע העפטלינגען זענען געווען זייער גוט צו אונז. זיי פלעגן זיך באַשעפטיקן מיט אונז און ברענגען אונז שפּייז. יעדעס יינגל האָט געהאַט זיין „פעטער" צווישן זיי, וועלכער פלעגט זיך ספּעציעל אינטערעסירן מיט אים.

אויך איך האָב געהאַט מיינעם אַ „פעטער". ער האָט נישט געוווסט, אַז איך בין אַ ייד. ער פלעגט מיר רעגולער ברענגען ברויט און מאַרגאַרין.

אין ד. לאַגער איז געווען זייער גוט. דאָס איז געווען אַן „אַרבעטס־לאַגער", זענען דאָרט געווען ספּעציעלע צוטיילונגען פאַר די אַרבעטנדיקע. מיר פלעגן דאָרט צייטנווייז קריגן גרויפּן אָדער

לאָקשן. די העפטלינגען, וואָס פלעגן אַרבעטן אין קאַנטין, האָבן אפילו געהאַט פּאַפּיראָסן.

אויך זיי האָבן אַמאָל שרעקלעך געהונגערט, אָבער איצט, האָבן זיי געזאָגט, זענען בײַ זיי „גאָלדענע צייטן".

פריער פלעגט מען הרגענען אַ מענטשן פאַר יעדער קלייני־קייט, איצט אָבער איז דאָס געווען פאַרבאָטן.

און מיט יענעם תכשיט, בורקהאַרדט, איז געווען אַזוי. ווען מיר האָבן זיך אַריבערגעטראָגן אין ד.־לאַגער, איז ער מיט אונז מיט־געגאַנגען. דאָרט איז ער אָבער שוין נישט געווען קיין זופּ־פונאַנ־דערגיסער, נאָר אַ פריזיער — ער פלעגט אונז ראַזירן. איינמאָל ווען ער האָט געזאָלט ראַזירן דווקא מיך, זענען צו אים פון הינטן צוגעגאַנגען צוויי „העפטלינגען" און האָבן אים געגעבן אַזאַ זבענק אין די ציין, אַז ער איז באַלד אַנידערגעפאַלן. דאָ האָט מען זיך ערשט רעכט צו אים אַ נעם געטון. מען האָט אים אַזוי צעממיטט, אַז מען האָט אים צעבראָכן דריי ריפּן.

ביים אָפּפירן אים אין שפּיטאָל, האָט מען מתרה געווען די דאָקטוירים, אַז מען זאָל אים נישט קורירן. ווען ס'איז אָפּגע־גאַנגען אַ טראַנספּאָרט קיין דאַכאַו, האָט מען אים געמוזט פירן. ער איז געווען פולשטענדיק מאַכטלאָז, געגאַנגען קרום און געהאַט צעבראָכענע ריפּן.

ער איז שוין איצט געווען אומשעדלעך. אַלטע „העפטלינגען" האָבן שוין געהאַט זייערע מיטלען, ווען זיי האָבן געוואָלט עמיצן „דערליידיקן".

טאָמער פלעגט זיין צווישן אונז עמיצער, וועלכער פלעגט פאַ־ראַטן און אויסגעבן אַנדערע, פלעגן זיי שוין אים קענען דערפירן צו אַזאַ צושטאַנד, אַז ער פלעגט זיך אַליין וואַרפן אויף די דראָטן...
איינמאָל האָט מען אַנטדעקט איינעם אַ פאַררעטער, וועלכער פלעגט אַלץ צוטראָגן די דייטשן. האָט מען זיך צוזאַמענגערעדט, אַז מען וועט אים נישט אַריינלאָזן אין באַראַק. אַלע אין גאַנצן לאַגער זע־נען געווען צונויפגערעדט, אפילו די יידן. קיינער האָט זיך צו אים נישט אָפּגערופן, יעדער איינער האָט זיך פון אים אָפּגערוקט, ווי פון אַ קרעציקן. וואָס זשע איז איב געבליבן צו טון? איז אים נישט געבליבן עפּעס אַנדערש ווי וואַרפן זיך אויף די דראָטן.

אָבער איידער מיר זענען אַריבער אין ד.-לאַגער האָב איך איבער־געלעבט שווערע מאָמענטן.

איינמאָל זענען געקומען דייטשן און געמאַכט צווישן די יידישע יינגלעך אַ סעלעקציע. אַ לאַגער־דאָקטאָר האָט געבראַכט אַ ברעטל מיט צייכנס. ווער עס האָט דערגרייכט ביז אַ געוויסן צייכן, יע־נעם האָט מען אַוועקגעשטעלט אין אַ זייט, צו דער אַרבעט. ווער עס האָט נישט דערגרייכט, יענער איז געגאַנגען אין אויוון אַריין. אַלע קינדער זענען געווען שרעקלעך דענערווירט. די קינדער פלעגן זיך אויסציען, שטעלן זיך אויף די פינגער, אַבי צו דערגרייכן דעם צייכן, דאָס איז אָבער געווען פאַרבאָטן. ווען אַ דייטש פלעגט וועמען נישט אין דערביי כאַפּן, פלעגט ער אים מערדערלעך שלאָגן און אַוועקשיקן אים שוין אָן אַ מעסטן אין אויוון אַריין.

דעמאָלט איז אונז געלונגען אויסצובאַהאַלטן אַ קליין יידיש יינגעלע, פון אַ יאָר זיבן אפשר. גערופן האָט מען אים מאָטעלע. מיר האָבן אים באַהאַלטן אויף אַ קאָיקע אונטערן קאָץ — מיר האָבן אים פאַרבעט און זיך אויף אים אַרויפגעזעצט.

דערנאָך ווידער איז געווען אַ באָד. שוין מיט צוויי טעג פאָרויס בין איך געווען שרעקלעך דענערווירט. איך האָב קיין זאַך נישט געקענט עסן. דאָס איז געווען באַלד נאָך דער סעלעקציע. איך האָב געוווּסט, אַז צום צייכן אויפן ברעטל דערגרייך איך נישט.

צום גליק איז אין באָד געווען זייער קאַלט. יעדער איינער האָט זיך צונויפגעבויגן פון קעלט און אויך איך האָב זיך צוזאַמענגע־בויגן, ווי איך האָב געקענט.

ערשט שפּעטער זענען מיר אַריבער אין ד.-לאַגער.

פאַסקודנע זענען געווען אין ד.-לאַגער די אַפּעלן. ס'איז שוין געווען זייער קאַלט און כ'איז כסדר געגאַנגען אַ רעגן. די ערד איז געווען צעווייקט און ווייך. מען האָט געזונקען אין בלאָטע ביז די קנעכל.

צייטנווייז פלעגט מען שטיין אויפן אַפּעל עטלעכע שעה נאָכאַנאַנד אונטער אַ גוס־רעגן.

איין מאָל, געדענק איך, איז צו אונז געקומען צופאָרן אַ נייער בלאָק־פירער, דער „פאָלקסדייטש" באָרעצקי.

אים איז נישט געפעלן געוואָרן די רייע אונזערע, — זי איז

נישט גלייך. האָט ער אונז באַפוילן צו מאַכן איבונגען אין דער בלאָטע: „פאַל... שטיי־אויף! ,פאַל... שטיי־אויף!“... — גאַנצע צוויי שעה.

ווען מיר האָבן זיך דערנאָך אויפגעהויבן פון יענער בלאָטע, האָבן מיר קיין זאַך אַרום אונז נישט געזען. מיר זענען געווען אַרומגעבליאַפּעט מיט בלאָטע ביז איבערן קאָפּ.

צווישן די יינגלעך איז אויסגעבראָכן אַ פּאָקן־עפּידעמיע, האָט מען אונז אַריבערגעטראָגן אין ציגיינער־לאַגער, וואָס איז דעמאָלט געשטאַנען פּוסט, ווייל אַלע ציגיינער האָט מען שוין געהאַט פאַרברענט.

האָבן מיר דאָרט פאַרבראַכט זיבן טעג.

מיר האָבן דאָרטן דערטאַפּט אַ קליידער־מאַגאַזין און זיך אָר־גאַניזירט אויסגעצייכנטע וואָלענע קאָצן. פון די דאָזיקע קאָצן האָבן מיר זיך שפּעטער געמאַכט הענטשקעס, אויערן־שיצערס, קאַ־מיזעלקעס און מיר האָבן זיך אַביסל אָטכאַיעט.

אונזערע בלאָק־משגיחים זענען געווען צוויי דייטשן מיט גרינע „ווינקלען“. איינער פון זיי האָט געהאַט דעם ווינקל מיטן שפּיץ אַרויף, דאָס האָט באַדייט, אַז ער איז געווען אַ באַנדיט. דער צווייטער האָט געהאַט דעם ווינקל מיטן שפּיץ אַראָפּ, דאָס האָט באַדייט, אַז ער איז געווען אַ גנב.

אונזערע דערציער האָבן געהאַט בראָנפן און פלעגן אַ גאַנצן טאָג מאַכן אַ „לחיים“... זיי זענען בסדר געווען שכור און פלעגן דעריבער אויף אונז קיין אכט נישט לייגן. ס'איז טאַקע געווען אַ גרויסע אומאָרדנונג, אַלע פלעגן זיך שמופן, דערפאַר אָבער זענען מיר געווען „פריי“. מען האָט בלויז געדאַרפט אָנטרעפן אויף זייער גוטע שטימונג.

דערפאַר אָבער ווען מען האָט אַמאָל עמיצן געכאַפּט ביי אַ חטא, איז געווען זייער שלעכט. איינער פון זיי האָט, צום ביישפּיל, איינ־מאָל געכאַפּט אַ ייִד, האָט ער איבּ אַזוי לאַנג געהאַקט מיט אַ בלעך איבערן קאָפּ, ביז ער האָט אים דערהרגעט.

אַן אַנדערש מאָל ווידער האָבן מיר זיך אַלע געשמופּט צו דער זופּ, און די דייטשן האָבן זיך מיט אונז נישט געקענט קיין עצה

געבן, דעמאָלט האָט דער בלאָק־אויפזעער געכאַפּט איינעם אַ יינגל און האָט אים געגומען שלאָגן איבערן פּנים.

געווען איז דאָס אַ קליין יינגל און נאָך זייער קינדיש. האָט ער באַלד אָנגעהויבן וויינען און שרייען: מאַמע, מאַמע! האָט אים דער בלאָק־אויפזעער אָפּגעלאָזט און אים געגעבן אַ צווייטע פּאָר־ציע זופּ.

נאָך דער דאָזיקער געשיכטע האָבן זיך אייניקע יינגלעך בכיוון געשטופּט, זיי פלעגן זיך דערביי אונטערדרוקן דעם בלאָק־אויפזעער אונטער דער האַנט, אַז ער זאָל זיי שלאָגן און געבן נאָך אַ פּאָרציע זופּ צייטנווייז פלעגט זיי אויף אַזאַ אופן געלינגען צו באַקומען אַ גאַנצן טאָפּ מיט געקעכץ.

עס האָבן זיך אפילו געבילדעט צוויי לאַגערן צווישן די יינגלעך. אייניקע האָבן געזאָגט, אַז ס'איז בעסער צו קריגן געשלאָגן און זופּ, און אַנדערע האָבן געהאַלטן פאַר גלייכער צו רעזיגנירן פון אַ זופּ־הוספה אַבי נישט געשלאָגן צו ווערן פון דייטשן.

אין אַ וואָך אַרום, ווען קיינער פון אונז איז נישט קראַנק גע־וואָרן אויף פּאָקן, זענען מיר ווידער אַוועק אין באָד אַריין.

אַמערגסטן זענען פאַר מיר געווען די באַשפּריצונגען, ווען מען האָט געדאַרפט האַלטן די הענט אינדערהויך.

איך בין שמענדיק געווען אין איין אימה בעתן באָדן זיך. דער־ביי האָב איך געמוזט מאַכן אַן אָנשטעל, אַז איך פיל זיך פריי און כ'בין פריילעך.

אין דער באָד האָב איך מיר „אָרגאַניזירט" וואַרימע וועש פון אַ פרעמדן ווענעלע.

שפּעטער האָבן מיר זיך אומגעקערט אין ד.־לאַגער, אָבער די אַלטע „העפטלינגען" זענען שוין דאָרט נישט געווען — מען האָט זיי אַוועקגעפירט קיין דאַכאַו.

אַזוי פלעגן די דייטשן תמיד טון מיט מענטשן. ווען עמיצן איז געווען צו גוט, האָט מען אים אַרויסגעפירט — און אויס.

נאָך אונז האָט מען אַריבערגעפירט די פרויען אין ציגיינער־לאַגער, ווייל מען האָט אויסגעליידיקט די באַראַקן פאַר די אונגאַ־רישע יידישקעס.

געווען איז דאָס אין דער צייט, ווען אין לאַגער פלעגן טאָג־

טעגלעך אָנקומען טראַנספּאָרטן, אַמאָל אפילו עטלעכע אַ טאָג.

דאָס קרעמאַטאָריום איז געווען טעטיק טאָג און נאַכט. פון אויוון פלעגט שוין שפּאַרן נישט קיין רויך, נאָר אַ פייער. דער אָפּשיין פלעגט ארומהילן דעם גאַנצן לאַגער. ביינאַכט פלעגט זיין אַזוי ליכטיק ווי בייטאָג.

אַ שוואַרצער, שטיקנדיקער רויך האָט זיך אַריינגעגריזשעט אין די אויגן און אין מויל אריין. אַלץ איז געווען אַדורכגעדרונגען מיטן ריח פון ברענענדיקע מענטשן-קערפּערס. פון אונזער לאַגער האָבן מיר געזען ווי מען זעצט אַרויס מענטשן פון די וואַגאָנעס. געווען זענען זיי זייער פיל — מענער, פרויען, קינדער, זקנים; גאַנצע פאַמיליעס מיט פּעקלעך, וואַליזקעס און זעק.

מיר האָבן געזען, ווי אַזוי מען נעמט ביי זיי אַלץ אָפּ, ווי אַזוי זיי מוזן דערנאָך גיין לאַנגזאַם, לאַנגזאַם, אין אַ שלאַנגען-שנור — צום טויט.

איינער אַן אַלטער „העפטלינג" האָט אונז דערציילט, אַז נאָכן אָפּנעמען ביי זיי אַלץ, גיט מען זיי אַ שטיקל ליימענע זייף און מען זאָגט זיי, אַז זיי גייען אין באָד אריין.

עס פלעגט אויך טרעפן, אַז צווישן אַנדערע פלעגן אָנקומען דאָקטוירים און מיטברענגען אין פּעק אַלע זייערע מעדיציניש אָדער דענטיסטישע אינסטרומענטן, ווייל מען פלעגט זיי אינדערהיים זאָגן, אַז זיי וועלן קענען אַרבעטן.

דערנאָך פלעגט מען זיי אַריינפירן אין אַ גאַז-קאַמער, וואָס איז געווען הערמעטיש פאַרמאַכט, און דורך אַ ספּעציעל פענצטערל פלעגט מען צו זיי אַריינוואַרפן אַ פושקע מיט גאַז. אין פופצן מינוט אַרום פלעגט מען עפענען די קאַמער, אַרויסוואַרפן פון דאָרטן די טויטע קערפּערס און אַריינפירן אַ צווייטע פּאַרטיע מענטשן.

דער זעלבער „העפטלינג" האָט אונז אויך דערציילט, אַז ווען מען זאָל איינגעצן אַ שמאַטקע אין אורין און צולייגן זי צום מויל און דער נאָז, קען מען נאָך לעבן אַ פופצן מינוט, אָבער אין אַזאַ פאַל פייניקט זיך נאָר דער מענטש לענגער. אַמבעסטן איז איינאָטעמען טיף דעם גאַז עטלעכע מאָל, דאַן איז נאָך אַלעמען.

ווי מען האָט דערציילט, האָבן יידן אַליין געמוזט אַרבעטן ביים

אַרויסוואַרפֿן די מתים פֿון די קאַמערן און אַריינלייגן זיי אין אויוון אַריין. דערצו זענען געווען ספּעציעלע „זאָנדער־קאָמאַנדעס“ צו וועלכע מען פֿלעגט צוטיילן כּמעט יונגע יינגלעך. מען פֿלעגט זיי געבן חזיר און וווּרשט, בראָנפֿן און שפּייז וויפֿיל זיי האָבן נאָר אַליין געוואָלט. זיי זענען געווען די גאַנצע צייט שכּור. אין עטלעכע וואָכן אַרום פֿלעגן זיי אַליין גיין אין אויוון אַריין.

זיי האָבן גוט געוווּסט, וואָס עס דערוואַרט זיי און איינמאָל האָבן זיי זיך צעבונטעוועט. זיי האָבן ערגעץ געקריגן רעוואָלווערן און אויפֿרייס־מאַטעריאַל און אויפֿגעריסן אַ קרעמאַטאָריע־אויוון. מיר האָבן דאַן געהערט דעם אויפֿרייס און דערנאָך איין קנאַל נאָכן צווייטן. ס'איז אויסגעבראָכן אַ שרעקלעכע שיסעריי, אָבער, ווי מען האָט דערציילט, איז איינציקע געלונגען צו אַנטלויפֿן.

איך האָב דאַן געהאַסט די דייטשן. גאַנצע נעכט פֿלעג איך טראַכטן וויאַזוי אין זיי זיך נוקם צו זיין. איך האָב געוואָלט איבערלעבן די מלחמה נאָר צוליב דעם אַליין, איך זאָל זיך קענען אין זיי נוקם זיין.

איך האָב זיך אַ נדר געגעבן, אַז איך וועל קיינמאָל נישט פֿאַרגעסן דאָס, וואָס איך האָב דאָ געזען. ווען אַ דייטש פֿלעגט דורכגיין און מען האָט געמוזט פֿאַר אים אַראָפּנעמען דאָס היטל, פֿלעג איך דאָס קיינמאָל נישט טון. איך פֿלעג אים פֿונדערווייטן אויסמיידן און פֿלעג בעסער פֿאַרלירן דאָס עסן, איידער באַגעגענען אויפֿן וועג אַ דייטש.

די מומע איז געווען קראַנק אויף דעזינטעריע און מען האָט זי גענומען אין שפּיטאָל אַריין. איך האָב געוואָלט „פֿאַרדינען“ אַביסל עסן פֿאַר איר און צוליב דעם בין איך אַרומגעפֿאָרן מיט דער „ראָלוואָג“. דאָס איז געווען אַ קאַטאָרגע־אַרבעט.

„ראָלוואָג“ האָט געהייסן אַ שווערע פּלאַטפֿאָרמע מיט אַ דישעל אין וועלכן מען פֿלעגט איינשפּאַנען דריי און צוואַנציק יינגלעך (ס'איז געווען נאָך איינע, אַ קלענערע, וואָס איז געשלעפּט געוואָרן פֿון זיבעצן יינגלעך). מיט דער דאָזיקער פּלאַטפֿאָרמע פֿלעגן מיר פֿירן פֿאַרשידענע זאַכן — האָלץ פֿאַרן קרעמאַטאָריום, מעבל, קוילן, קאָצן א. א. וו.

אַלץ האָבן מיר אַליין געלאָדן. אויפֿשטיין צו דער אַרבעט פֿלעגט

מען דאַרפֿן, אַזוי ווי די דערוואַקסענע, פֿינף אַזייגער אינדערפֿרי און אַרבעטן אָן איבעררייס ביז דריי בייטאָג.

דער בלאָק־אויפֿזעער איז געווען זייער שטרענג מיט אונדז און פֿלעגט אונדז כּסדר צוטרייבן. ווען ער פֿלעגט אַ געשריי טון: „הע־ענג־ענג־וויאָ!"... — פֿלעגט מען דאַרפֿן לויפֿן גאַלאָפּ, ווי אַ פֿערד.

ער האָט אונדז כּסדר געטריבן, ווייל ער האָט זיך געאײַלט צו זיין „לאַגער־ווייב", וואָס איז געווען אין פֿרויען־לאַגער, ווהין מיר פֿלעגן פֿאָרן צום סוף.

ווער עס האָט געקענט, פֿלעגט זיך פֿון דער דאָזיקער אַרבעט „אויסדרייען", ווייל דאָס איז געווען קאַטאָרגע.

איך האָב אָבער באַשלאָסן אויפֿצושטיין צו דער אַרבעט, ווייל ווען מען פֿלעגט ערגעץ קומען צו אַ בלאָק, פֿלעגן אַלע פֿרויען רחמנות האָבן אויף אונדז און געבן אונדז פֿון דער קיך אַ ביסל קאַרטאָפֿל אָדער עפּעס אַנדערש.

די קאַרטאָפֿל פֿלעג איך פֿאַרקויפֿן, קויפֿן פֿאַר דעם ווייס־ברויט און איבערשיקן עס דער מומען אין שפּיטאָל.

שפּעטער, ווען די מומע איז שוין אַרויסגעקומען פֿון שפּיטאָל, האָב איך אַמאָל געפֿונען אַן אַלטן פּאַראַסאָל און האָב איר געמאַכט פֿינף דראָטן צום שטריקן. די מומע האָט פּרעכטיק געאַרבעט אויף דראָטן, האָט זי גענומען מאַכן פֿאַר דער בלאָק־אויפֿזעערין פֿאַרשידענע זאַכן. פֿון יענער צייט אָן איז איר געוואָרן בעסער.

אין לאַגער האָב איך געהאַט צוויי קאָלעגן, וויעשעק באָנקאָווסקי און מאַרעק מיכאָווסקי.

מאַרעק איז געווען אַ שרעקלעך אויסגעצערטלטער. ער איז געווען אַ בן־יחיד, דער טאַטע זיינער איז געווען אַ פֿלי־קאַפּיטאַן און אים איז גוט געגאַנגען, די מאַמע פֿלעגט אים תּמיד האַלטן „אונטערן פֿאַרטוך", — במילא איז ער געווען אַ גרויסער שלים־מזל. ער וואָלט זיכער געשטאָרבן פֿון הונגער, ווען מיר העלפֿן אים נישט. ער האָט אַבסאָלוט נישט געקענט „אָרגאַניזירן".

איך פֿלעג זיך קענען נעמען דריי זופּן, און פֿאַר אים פֿלעגט קיין איינע נישט זיין.

איינמאָל האָט מען געבראַכט אַ גאַנצן וואָגן שוכוואַרג. ס'איז קיין איין יונגל נישט געווען, וואָס זאָל זיך נישט „אָרגאַניזירן" אַ

פֿאַר שיך. אייניקע האָבן אפילו אַראָפּגעלקחנט צו צוויי און צו דריי פּאָר, און ער, דער שלים־מזל, האָט געכאַפּט הילצערנע!

וויעשעק און איך — ביידע האָבן מיר זיך מיט אים פּשוט געמוזט פֿאַרנעמען.

ער האָט געהאַט אַ מאַמע אין פֿרויען־לאַגער. האָט זי עס אַלץ צוגעזען דורך די דראָטן און האָט אונדז תּמיד געדאַנקט.

וויעשעק דאַקעגן איז געווען אַ קלוגער חברה־מאַן און מיט אים איז לייכט געווען צו פֿאַרשטענדיקן זיך.

איינמאָל האָב איך שיער נישט געקריגן רעכט געשלאָגן.

געווען איז עס אַזוי. מען האָט געבראַכט אַן אויטאָ מיט ברוקווע, זענען מיר אַוועק די ברוקווע צו „אָרגאַניזירן”. איך בין געגאַנגען אויפֿן ערשטן פֿייער, און דער דייטש האָט מיך, צום אומגליק, געכאַפּט. געמיינט האָב איך, אַז ער וועט מיך שלאָגן מיטן גומי־שטעקן, געענדיקט האָט עס זיך אָבער, צום גליק, מיט דראָאונגען.

אָבער איינמאָל האָב איך באַקומען געשמיסן דערפֿאַר, וואָס איך האָב גערעדט מיט דער מומען דורך די דראָטן. איינער פֿון דער „פֿייערוואַך” האָט דאָס באַמערקט און זיך גענומען יאָגן נאָך מיר. ער וואָלט מיך זיכער נישט דעריאָגט, ווען איך גליטש זיך נישט אויס און פֿאַל נישט. ער האָט מיך געכאַפּט פֿאַרן אויער און אַוועקגעפֿירט צום „לאַגערעלטסטן”. איך האָב אים געבעטן, אַז ער זאָל מיך אָפּלאָזן, ווייל דער „לאַגערעלטסטער” איז געווען אַ שרעקלעכער באַנדיט (אַ דייטש, אַ פֿערד־גנבֿ מיט אַ גרינעם ווינקל), אָבער ער האָט מיך נישט אָפּגעלאָזט.

דער דאָזיקער „ווינקלמאַן” האָט געהאַט אַ ספּעציעלע שפּיצרוט, מיט וועלכער ער פֿלעגט שלאָגן, ווען מען פֿלעגט אימיצן נעמען אויף דער „שטראָפֿקאָמאַנדע”.

ער האָט מיך אַוועקגעלייגט אויף אַ ספּעציעלער באַנק און אַ שמיץ געטון — איך האָב אויסגעהאַלטן און קיין פּיפּס נישט געטון. ביים צווייטן שמיץ האָב איך זיך שרעקלעך אַ וואָרף געטון. די שמיץ האָבן שוידערלעך וויי געטון און איך ווייס באמת נישט וויאַזוי איך האָב עס אויסגעהאַלטן.

ווען איך בין אויפֿגעשטאַנען, האָב איך געהאַט פֿיל רויטע פּאַסן

אויפן הינטערטייל. איך האָב נישט געקענט נישט זיצן, נישט ליגן. איך בין געלעגן אויפן בויך.

אַזוי פלעגט מען אָפּט שמייכן.

די פרויען פלעגן דאָס אַלץ זעען דורך די דראָטן און שרעקלעך שעלטן. מען האָט אים גערופן „פערדדגנב", „גרינער ווינקל" א. א. וו.

אָבער דאָס האָט גאָרנישט געהאָלפן. איך די מומע האָט דורך די דראָטן געזען די סצענע און האָט געהאַט גרויס הארצווייטאָג. אָבער איך האָב זיך נישט מודה געווען, אַז עס טוט וויי.

צו אונזער בלאָק האָט מען צוגעטיילט עטלעכע צענדליק ניי־אָנגעקומענע פראַנצויזישע יידן.

זיי זענען געווען אַזוי דערשלאָגן, אַז באַלד די ערשטע נאַכט האָט זיך איינער פון זיי געוואָרפן אויף די דראָטן. אינדערפרי איז ער געהאָנגען אַ פולשטענדיק פאַרקוילטער.

צווישן זיי איז געווען איינער אַן עלטער־ער מאַן, וועלכער האָט מיטגעבראַכט אַ דריי־יאָריק ייִנגעלע.

דאָס דאָזיקע ייִנגעלע האָט גאַנצע נעכט געוויינט און אַלע יינגלעך זענען געווען זייער בייז, וואָס ער לאָזט זיי נישט שלאָפן. ס'איז אַנטשטאַנען אַ גאַנץ געשפּרעך וועגן יידן, אַז זיי האָבן מער פון די פּאָליאַקן, אַז דער קליינער האָט מילך און פּאָליאַקן נישט, אַז מען דאַרף אים „שטיל מאַכן", ער זאָל נישט ליאַרעמען ביי־דערנאַכט א. א. וו. אַנדערע אָבער האָבן געזאָגט, אַז מען דאַרף אים לאָזן צורו, ווייל ער וועט סיי־ווי־סיי גיין אין אויוון אַריין — מסתמא וויינט ער נאָך דער מאַמען.

דערנאָך בין איך קראַנק געוואָרן אויף קרעץ. איך ווייס נישט, ווו איך האָב עס געכאַפּט — איבריקנס, אין לאַגער האָבן עס אַלע געהאַט. די קאַצן זענען געווען אָנגעשטעקטע, צי וואָס — אויס־היטן זיך דערפון איז נישט מעגלעך געווען.

אין שפּיטאָל האָב איך נישט געוואָלט גיין, ווייל איך האָב מורא געהאַט, אַז דאָרטן וועט מען מיך דעמאַסקירן, איך האָב זיך דעריבער אויסבאַהאַלטן מיט מיין קרענק, ווי ווייט איך האָב גע־קענט, ס'האָט מיך אָבער זייער געביסן און איך האָב זיך געמוזט קראַצן. דערנאָך האָט עס מיר אָנגעהויבן אייטערן און ס'זענען

געוואָרן טשיראַקעס אויפן גאַנצן קערפּער. עד היום האָב איך נאָך צייכנס און שפּורן פון יענע צייטן.

איינמאָל בין איך אַוועק אין אַמבולאַנס אויף אַן איבערבינדונג. גיט דער סאַניטאַר אויף מיר אַ קוק און זאָגט:

— ביי דיר זענען קרעץ, לאָז אַראָפּ די הויזן.

האָב איך זיך אַוועקגעשטעלט אין אַ ווינקל, און ווען ער האָט זיך אָפּגעקערט, בין איך אַנטלאָפן.

איך בין אָבער געווען אַזוי באַשאָטן, אַז קרעצלעך זענען מיר אַרויסגעשפּרונגען אַפילו אויפן האַלז.

מען האָט מיך צוגענומען אין אַמבולאַנס און אַוועקגעשטעלט פאַרן דאָקטאָר. צוזאַמען מיט מיר האָט מען אַוועקגעשטעלט צום אונטערזוכן נאָך אַ יינגל, אַ פּאָליאַק.

דער דאָקטאָר האָט אים געהייסן אויסטון די הויזן.

איך בין געווען שרעקלעך דערנערוווירט און מ'האָב זיך אָנגעהויבן אַרומקלעפּן מיט פּליאַסטער (איך האָב געהערט, אַז יידן טוען אַזוי).

ווען ס'איז געקומען מיין רייע, בין איך שוין געווען אינגאַנצן צורודערט. דער דאָקטאָר האָט אַ קוק געטון אויף מיין פּלייצע און אַ זאָג געטון: „אייטער־קרעץ". אויסטון זיך מער האָט ער שוין נישט געהייסן און האָט מיך אָפּגעשיקט אין קראַנקן־לאַגער.

מיין גליק איז דעמלט געווען, וואָס די קרעץ זענען ביי מיר געווען אין אַזאַ שטאַרקער מאָס. דאָס צווייטע יינגל האָט עס געהאַט אין אַ שוואַכערער פאָרם, דער דאָקטאָר האָט עס נישט געקאָנט באַלד פעסטשטעלן, האָט ער אים דעריבער געהייסן אויך אויסטון די הויזן.

דערנאָך האָט מען אונז געהייסן אויסבאָדן זיך. אָבער אין באָד האָט מען קיין גרויס אַכט אויף מענטשן נישט געלייגט, ווייל די יידן זענען געווען אויסגעמישט מיט פּאָליאַקן. ס'איז געווען קאַלט, האָב איך זיך כלומרשט צונויפגעדרייט פון קעלט און ס'איז ווי נישט איז דורכגעגאַנגען. מיר זענען נאָך געווען אינגאַנצן נאַס, ווען ס'איז געקומען צופאָרן אַ דייטש און האָט פונאַנדערגעטיילט די מענטשן פון די באַזונדערע אָפּטיילונגען.

צווישן אַנדערע, זענען דאָרטן געווען צוויי יידן, וועלכע זענען געווען אַזוי קראַנק, אַז זיי האָבן זיך נישט געקענט רירן. זענען זיי

געלעגן אויף טראָג־בעטלעך און געקרעכצט. האָט ער זיי ביידן באַלד באַשטימט אין אויוון אַריין.

מיר האָט מען געגעבן אַ העמד, עפּעס אַ שוואַרצע שמאַטע, אַ מין פּלאַשטש אַזאַ, און גרויסע הילצערנע „שיך" אויף די פיס. אין דעם דאָזיקן הילוך האָב איך געמוזט גיין איבערן גאַנצן לאַגער נאָכן דייטש ביז ער האָט מיך פאַרפירט אין הילצערנעם באַראַק, וווהין איך בין געווען באַשטימט. אויפן פעלד איז געווען שרעקלעך קאַלט. די הענט און די פיס זענען מאָמענטאַל געוואָרן שטאַר. דער שניי איז אַריינגעדרונגען אין די הילצערנע שיך און האָט זיך צו זיי צוגעקלעפּט. זיי זענען געווען אַזוי גרויס, אַז יעדע ווײַלע זענען זיי מיר אַראָפּגעפאַלן פון די פיס.

איך האָב נישט געקענט מיטהאַלטן מיטן דייטש. ער האָט געשפּרייזט מיט ריזיקע שריט און האָט זיך געאײַלט, ווייל ס'איז אים קאַלט געווען, כאָטש ער האָט געטראָגן אַ קורטקע, אַ פוטער־קאַלנער און שטיוול.

איך האָב מיר פאַרגעדענקט יענעם וועג דורכן לאַגער, ווי קיין שום אַנדערן.

ווען איך בין צוגעקומען צו יענעם בנין, האָט מען מיר קודם כל געהייסן אַראָפּנעמען דאָס העמד.

איך האָב זיך מוראדיק דערשראָקן. דער דאָקטאָר האָט מיר געהייסן צוגיין צו אים נענטער און האָט תיכף אַראָפּגעריסן דעם פּליאַסטער. ער האָט אַ קוק געטון אויף מיר ווי אויף אַ משוגענעם, אָבער געזאָגט האָט ער גאָרנישט. איך בין געווען אַזוי איבערגעשראָקן, אַז איך האָב ממש נישט געוווסט וואָס עס טוט זיך מיט מיר.

דאָס איז געווען צוויי וואָכן פאַרן ליקווידירן דעם לאַגער. איך פלעג צוויי מאָל טעגלעך גיין שמירן זיך, אָבער קיינער האָט אויף מיר קיין אכט נישט געלייגט.

די ערגסטע זאַך אין שפּיטאָל איז געווען דער הונגער. ס'רוב פּאַציענטן זענען געשטאָרבן נישט פון קרענק, נאָר פון הונגער.

איך פלעג זיך באַמיען, וואָס מער צו שלאָפן, כדי צו פאַרשלאָפן דעם הונגער. אין פיר טעג אַרום איז צו מיר צוגעקומען דער „פלעגער" און האָט מיר געזאָגט, אַז איך פאָר צוזאַמען מיט מיין מומען

אוועק מיטן טראַנספּאָרט. דערביי האָט ער מיר צוגעוווּנטשן, ווייל איך גיי אַרויס אויף דער פריי.

איך האָב זיך שרעקלעך געפרייט, אַלע אַרום האָבן מיר מקנא געווען.

ס'איז ווידער אַמאָל געווען אַ באָד און דערצו אַ גאַנץ גרינט־לעכע . דער „פלעגער" האָט מיך אוועקגעפירט צו דער „זאונע".

איך האָב איינגאַנצן געציטערט, די ציין האָבן געקלאַפּט, איך בין געווען ווי חסר־דעה. איך זאָל איצט אַריינפאַלן, צום סאַמע סוף, נאָכן דורכלעבן אַלץ, אַ מינוט פאַר דער פרייהייט... איך האָב זיך אָבער גענומען אין דער האַנט אַריין און דורכגעמאַכט אויך די לעצטע פּראָבע...

דערנאָך האָב איך באַגעגנט די מומע. מען האָט איר צוריקגע־געבן כמעט איר גאַנצע אָנטועכץ און דאָס געלט. מיר האָט מען געגעבן אַ זייער שלעכט און לייכט אָנצוגל און אַ דין האַרבסט־מענטעלע פון אַ קליין קינד. איך האָב געציטערט פון קעלט.

מען האָט אונז אַוועקגעפירט אויפן באַנהויף און אַריינגעזעצט אין אַ פּאַסאַזשיר־וואַגאָן.

געווען איז דאָס דעם 11־טן יאַנואַר 1945.

עס זענען געפאָרן 92 פרויען מיט קינדער און סאַמע דייטשן. איך בין באַפרייט געוואָרן אַדאַנק דעם, וואָס די מומע האָט מיך אָנגעגעבן אַלס איר קינד. מיר האָבן נישט געוווּסט וווּהין מיר פאָרן, ווייל די וואַגאָן־פענצטער זענען געווען אויסגעהאַקט און פאַרקלאַפּט מיט ברעטער.

מיר האָבן זיך אַבסאָלוט נישט אָריענטירט אין דער לאַגע. מיר זענען נאָר וואָס אַרויס פון לאַגער און נישט געוווּסט, וואָס אויף דער וועלט טוט זיך.

צווישן די דייטשן האָט געהערשט אַ גרויסע מהומה און אַ שרעק, מען האָט געזען, אַז זיי אַנטלויפן.

דאָס האָט אונז זייער געפרייט, אָבער נישט לאַנג. ס'איז אונז איינגעפאַלן, אַז מען פירט אונז טיף קיין דייטשלאַנד, און דאָס האָט אויף אונז אָנגעוואָרפן ווידער אַ שרעק. מען האָט געקענט אַנטלויפן, אָבער דער טראַנספּאָרט איז באַשטאַנען בלויז פון פרויען און קינדער, ס'איז געווען אַ שרעקלעכער פראָסט און אַ

הונגער און רירן זיך אליין איז נישט געווען מעגלעך.

מיר זענען אנגעקומען קיין בערלין און מען האט אונז דארט ארײנגעזעצט אין א לאגער, וואס האט זיך געפונען אין רייניקער־דארף. דאס עסן איז געווען זייער שלעכט, ברויט האט מען געגעבן ווייניקער ווי אין אשוויענצים (אן קיין שום צולאג פאר ארבעטנדיקע). מיר איז געווען שרעקלעך קאלט און מיין קורצן פאלטנדל. קיין שום וואַרימען בגד איז מיר נישט געלונגען צו קריגן.

איבער דער שטאט איז דערלויבט געווען ארומצוגיין נאר די יעניקע, וואס האבן געהאט ארבעטס־קארטן. נישט געקוקט דערויף, איז אונזער הויפן ייִנגלעך ארומגעפארן איבער גאנץ בערלין. מיר זענען געפארן מיטן מעטרא און מיטן ס.־באן, מיר האבן באטראכט די שטאט און זיך באמיט צו קריגן עפעס עסן. אבער אן קארטלעך האט מען קיין שום זאכן נישט געקענט קויפן.

נאר אין געוויסע רעסטאראנען פלעגט מען פאר איין מארק באקומען א וואסער־זופּ פאר אויסלענדער — אזוי גערופענע „שטאמען". דאס איז געווען זייער נישט געשמאק, אבער נישט געקוקט דערויף, פלעגן מיר עס אויסטרינקען גאנצע מענגעס, ווייל מיר זענען געווען שרעקלעך אויסגעהונגערט. מען האט אויך געקענט באקומען ביר, און זייער ביליק אפילו, — 25 פעניג פאר א גרויסן קופעל.

די שטאט איז שוין געווען שטארק באמבארדירט. אין צענטער פון בערלין איז שוין נישט געווען קיין איין גאנץ הויז. אומעטום זענען געלעגן גרוזן, אויף די בוימער זענען געהאנגען עפעס שמאטעס, יעדע פאר טריט האט מען אנגעטראפן אויף טיפע שפורן פון באמבעס. די גאסן האט מען אבער געהאלטן אין ארדנונג, די גרוזן פלעגט מען רעגולער אפּרוימען.

די באוועגונג אין די גאסן איז געווען א שוואכע. אלע זענען געזעסן אין די שוץ־ערטער. ארויסגיין פלעגט נאר דער, וואס האט געמוזט.

די דייטשן האבן פאניש מורא געהאט פאר באמבארדירונגען. זיי האבן געלעבט אין כסדרדיקן שרעק. געלאפן אין די שוץ־ערטער טאג און נאכט; אן אויפהער געשמאנען ביי זייערע אריינגאנגען. מיט א האלבער שעה פריער פארן אלארם (דורכן ראדיא פלעגט

מען געבן צו ווייסן, אז עס דערנענטערט זיך א פײַנטלעכע עסקאַדרע), פֿלעגן זיך די דײַטשקעס שטופּן אין די שוץ־טערמער מיט וועגעלעך, פּעקלעך, קינדער, וואַליזקעס... די שוץ־טערמער זענען נאָך געווען געשלאָסן און שוין זענען פֿאַר זיי געשטאַנען רייען.

די דײַטשע שוץ־ערטער זענען געווען אײַנגעאָרדנט מיט קאָמפֿאָרט, זיי האָבן געהאַט פֿליסנדיק וואַסער, א גוטע ווענטילאַציע, באָד־צימערן, אָפּטריטן א. א. וו., זיי זענען באַשטאַנען פֿון עטלעכע שטאָק, דאָרט האָבן זיך געפֿונען לוקסוס־אײַנגעאָרדנטע וווינונגען מיט טײַערע מעבל, שפּיגלען, טעפּיכער, ראַדיאָ. ווען מען פֿלעגט אַהין אַרײַנקומען, פֿלעגט מען אַבסאָלוט נישט הערן די קנאַלן פֿון די באָמבעס.

אײניקע פֿון די דאָזיקע שוץ־בנינים האָבן געהאַט דעכער באַדעקט מיט קאַמיש, פֿון וועלכן די באָמבעס פֿלעגן זיך אַראָפּגליטשן און אַראָפּפֿאַלן בײַ דער זײַט.

אין אַזעלכע שוץ־בנינים (און בכלל אין שוץ־ערטער) איז דערלויבט געווען אַראָפּצוגיין נאָר דײַטשן.

די ענגלענדער און די אַמעריקאַנער האָבן באָמבאַרדירט בערלין אָן אויפֿהער. די ענגלענדער פֿלעגן על פּי רוב באָמבאַרדירן בײַ נאַכט, אָפֿט צוויי־דרײַ מאָל א נאַכט. יעדעס מאָל פֿאַרן באָמבאַרדירן פֿלעגן זיי אַראָפּוואַרפֿן פֿאַרשידנפֿאַרביקע ראַקעטעס, וועלכע האָבן זייער שיין אויסגעזען.

ערשט דערנאָך פֿלעגן זיי האַקן מיט באָמבעס. אַמשרעקלעכסטן פֿלעגן זײַן די לופֿט־מינעס און די שוועבל־באָמבעס.

פֿון צײַט צו צײַט פֿלעגן קומען צופֿליען עסקאַדרעס פֿון דעם אַמעריקאַנער פֿלאָט. יעדע עסקאַדרע איז באַשטאַנען פֿון צוועלף עראָפּלאַנען, וועלכע האָבן מיטגעשלעפּט הינטער זיך צו פֿיר זײַלן רויך. אויסגעזען האָט עס ממש פֿאַנטאַסטיש. די שוואַרצע רויך־וואָלקנס האָבן פֿולשטענדיק פֿאַרשטעלט די זון. אין די נעכט וווּ־דער איז געווען ליכטיק פֿון די שׂריפֿות. עס איז אַרומגעגאַנגען א ווערטל, אַז די אַמעריקאַנער מאַכן פֿון טאָג נאַכט און פֿון נאַכט — טאָג.

די ענגלענדער זענען געווען זייער קלוג. זיי פֿלעגן אַראָפּוואַרפֿן פֿון די עראָפּלאַנען אויסגעצייכנט נאָכגעמאַכטע שפּײַז־קאַרטן, גע־

נוי אזעלכע ווי די דייטשע. מענטשן פלעגן די דאָזיקע קאַרטלעך אויפהויבן און באַנוצן זיך מיט זיי, דער עיקר — די לאַגער־מענ־טשן. די דייטשן האָבן מורא געהאַט צו געניסן פון זיי, ווייל די געסטאַפּאָ האָט זייער שטרענג באַשטראָפט דערפאַר, מיר אָבער פלעגן זיי באַהאַלטן און גיין מיט זיי נאָך פּראָדוקטן.

נישט ווייט פון אונז איז געווען אַ גרויסער לאַגער. דאָרטן האָבן די ענגלענדער אַראָפּגעוואָרפן אַ גאַנצע כמאַרע שפּייז־קאַרטלעך. שפּעטער איז די געסטאַפּאָ געקומען אויף אַ רעוויזיע, אָבער מענ־טשן האָבן זיי גוט באַהאַלטן און מען האָט גאָרנישט נישט גע־פונען.

דאָס איז געווען אַ גלענצנדיקער איינפאַל!

זיי זענען גאָרנישט געווען קיין „פרייערס", די ענגלענדער! ווייל ווען זיי וואַרפן אַראָפּ שפּייז פאַר די לאַגער־מענטשן, וואָלטן זיך די דייטשן דערמיט באַנוצט און די ענגלענדער וואָלטן געהאַט היזק; דאַקעגן האָט זיי דאָס אַראָפּוואַרפן קאַרטלעך גאָרנישט געקאָסט, און די דייטשן האָבן עס געמוזט דעקן.

דערנאָך האָט די מומע געפונען אַרבעט אין אַן איטאַליענישן לאַגער, אין אַ קיך. פון דעמאָלט אָן בין איך שוין נישט געווען הונגעריק. די מומע פלעגט מיר יעדן טאָג ברענגען עסן פון דער קיך, וויפיל זי האָט נאָר געקענט, אַזוי־ווי איך פלעג איר טראָגן אין אַשוויענצים. זי פלעגט מיר אויך געבן געלט.

דער קריזיס האָט איר כסדר ווי געטון, זי פלעגט טרוימען וועגן אַביסל אָפּרוען, וועגן אויסשלאָפן זיך. איך האָב זיך באַמיט צו העלפן איר מיט וואָס איך האָב נאָר געקענט. איך האָב געוואַשן, גענייט, געקאָכט, כדי זי זאָל שוין נישט האָבן קיין אַרבעט ביים צוריקקומען אַהיים.

אָבער וואָס איז די פעולה, אַז ווען זי פלעגט צוריקקומען פון דער אַרבעט, פלעגן זיך אָנהויבן די ערגסטע פלי־אַטאַקעס און מען פלעגט מוזן אַראָפּלויפן אין קעלער אַריין צי עטלעכע מאָל אַ נאַכט. קיינמאָל האָט מען זיך נישט געקאָנט אויסשלאָפן.

די מומע פלעגט אַרויסגיין צו דער אַרבעט פינף פאַרטאָג און האָט געאַרבעט אין דער קיך זייער שווער. זי האָט געמוזט טראָגן

שוועלע קעסלען, שייערן די טעפּ, ווישן די פּאָדלאָגע ביז נײַן אינ־אָוונט. ווען זי פלעגט צוריקקומען אַהיים, פלעגט זי זײַן זייער מיד.

אַזוי־ווי אין אַשוויענצים האָבן מיר כסדר געטרוימט וועגן דעם, וויאַזוי אַנצוגעסן זיך, אַזוי האָבן מיר איצט געטרוימט וויאַזוי אויס־צושלאָפן זיך.

דער פראָנט האָט זיך דערנענטערט. אויף די גאַסן האָט מען אויפגעשטעלט באַריקאַדעס און מען האָט זיך אַרומגעגראָבן. אויף אונזער גאַס האָבן געגראָבן אָקאָפּעס דייטשע יידישקעס, דאַרע און אויסגעצערטע פון הונגער. זיי זענען געגאַנגען אונטערן קאָנוואָי פון די דייטשן. אויפן רוקן האָבן זיי געהאַט געלע לאַטעס.

די רוסן האָבן פאַרנומען דעם צפון־טייל פון בערלין.

דעמאָלט האָט מען שוין ווייניק באָמבאַרדירט. ווען מען האָט שוין יאָ באָמבאַרדירט, איז פון אַ נידעריקער הייך. וואָס אַמאָל האָט מען אַלץ ווייניקער געזען אַמעריקאַנער עראָפּלאַנען.

טאָג און נאַכט זענען פאָרגעקומען קאַמפן צווישן די רוסישע און דייטשע יעגער־עראָפּלאַנען.

די רוסישע עראָפּלאַנען פלעגן אָנפליען פלוצלינג, זיי זענען גע־ווען קליינע און זייער שנעלע. די רוסן האָבן פאַר קיין זאַך נישט מורא געהאַט. ווי נאָר ס'פלעגט זיך ערגעץ באַווייזן אַ דייטשער עראָפּלאַן, פלעגט מען שיסן צו אים און יאָגן אים אַזוי לאַנג, ביז מען פלעגט אים אַראָפּשיסן.

באַלד פלעגט אָנפליען אַ גאַנצע כמאַרע, מען פלעגט אים אַרומ־דינגלען פון אַלע זייטן און אים „דערליידיקן", אַזוי ווי די דייטשן פלעגן טון מיט אונז אין די לאַגערן. זיי האָבן געקעמפט ווי משו־געים. זיי פלעגן זיך אַ לאָז טון פון דער הויך, אַרומרינגלען, וואַרפן זיך אין אַזעלכע וויראַזשן, אַז עס פלעגט זיך דוכטן, אַז זיי וועלן שוין פון זיי בשלום נישט אַרויס. גלענצנדיקע קונצן פלעגן זיי ווײַזן.

איך האַלט, אַז די רוסן זענען די בעסטע פליער.

אַרום דעם 25־טן אַפּריל האָט מען אָנגעהויבן באַשיסן פון אַר־טילעריע אונזער פערטל. אינדערפרי איז נאָך די מומע אַרויס צו דער אַרבעט, אָבער בײַטאָג איז זי שנעל געקומען צופליען, האָט מיר געהייסן צונויפקלויבן זיך. מיר האָבן פאַרפּאַקט אַביסל זאַכן,

וואָס מיר האָבן געהאַט, און צוזאַמען זענען מיר אַוועקגעלאָפן אין איטאַליענישן לאַגער.

ווען מיר זענען געלאָפן איבער די גאַסן, האָבן נאָר קוילן געפייפט איבער אונז, ווייטער איז קיינער אין גאַס נישט געווען.

צונויפגעהויקערטע, אָנצייניקע זקנים האָבן פאַרטיידיקט די גאַסן. דאָס איז געווען דער אַזוי גערופענער „פאָלקסשטורם", זיי האָבן קוים געקענט טראָגן די ביקסן. מען האָט זיי באַפוילן צו פאַרטיידיקן די גאַסן, אָבער זיי האָבן מורא געהאַט אַרויסצורוקן די קעפּ פון די טויערן. די איינציקע זאַך, וואָס זיי האָבן געקענט טון — איז אַנטלויפן פון די קוילן און באַהאַלטן זיך.

מיר זענען געזעסן אין קעלער אונטער דער קיך, ווייל די שוץ־געביידעס זענען געווען איבערפולט פון איטאַליענער.

זיי האָבן שרעקלעך מורא געהאַט, די איטאַליענער. דערוואַקסענע מענער און אַזעלכע פּחדנים! אַ באַזונדערס פּחדנותדיק פאָלק זענען זיי! אונזער קוכער, אַן איטאַליענער, האָט באַלד ווי מען האָט אָנגעהויבן קנאַלן, אַ וואָרף געטון די אַרבעט, זיך באַהאַלטן אין דער שוץ־געביידע און איז פריער נישט אַרויס פון דאָרטן, ביז אין גאַנץ בערלין איז נישט געוואָרן פולשטענדיק רויק.

די מומע און עטלעכע פאָלקעס זענען געבליבן אין דער קיך און האָבן געקאָכט פאַרן גאַנצן לאַגער, און די איטאַליענער זענען געזעסן באַהאַלטן.

די נאַכט האָבן מיר פאַרבראַכט אין קעלער. אויף מאָרגן פרי זענען צוגעקומען די רוסן.

אין אַ זייט פון אונזער לאַגער האָט געפּלאַצט אַ טײכל. דאָרטן האָבן די דייטשן געהאַט איינגעאָרדנט אַ פאַרטיידיקונגס־ליניע. איך בין געווען שרעקלעך נייגעריק און אומבאַדינגט געוואָלט צוזען דעם קאַמף. האָב איך געפּרוווט אַרויסצוגנבענען זיך פון דער שוץ־געביידע, אָבער די איטאַליענער האָבן דאָס באַמערקט און נישט געלאָזט.

דאָך האָב איך געמאַכט אַן אָנשטעל, אַז אויך איך האָב זייער מורא, אַז עס טוט מיר ווי דער בויך און איך מוז אַרויס אין אָפּמריט.

איך בין ווירקלעך אַריין אין קלאָזעט, אָבער דאָרט האָב איך

זיך צוגעשטעלט צום פענצטערל און אָבסערווירט דעם גאַנצן קאַמף.

אונטערן ווענטל פון אַ נאָענטן באַראַק האָבן די דייטשן איינגעשטעלט אַ שווערן קוילנוואַרפער און אָנגעהויבן פון אים קוילן. ווען זיי האָבן אַרויסגעלאָזט די ערשטע סעריע, האָט עס אַזאַ האַק געטון, אַז איך בין שיער נישט אַראָפּגעפאַלן פון פענצטער.

דערנאָך איז געוואָרן אַבסאָלוט שטיל, און מיט אַ מינוט שפּעטער האָב איך דערהערט אַ טופּעריי פון אַראָפּלויפנדיקע פיס.

עמיצער איז אין אַ פּאַנישער מורא געלאָפן אויף די שטיגן, וואָס האָבן געפירט אין קעלער. דאָס האָט מיך פאַראינטערעסירט, און איך בין אַראָפּגעשפּרונגען פון פענצטערל, כדי צו זען ווער איז עס אַריינגעלאָפן אין שוץ־אָרט.

איך האָב געמיינט, אַז דאָס זענען שוין רוסן. אָבער דאָס זענען געווען נישט קיין רוסן, נאָר צוויי אַלטע דייטשן, וואָס האָבן אונז געזאָלט פאַרטיידיקן. די פיס אונטער זיי האָבן זיך צוזאַמענגעבויגן, פון שרעק האָט ביי זיי געקלאַפּט אַ צאָן אָן אַ צאָן. זיי האָבן אַראָפּגעכאַפּט דאָס געווער פון די אַקסלען און אַוועקגעוואָרפן אין ווינקל. זיי האָבן אויך אַראָפּגענומען די פּאַסן, אַראָפּגעריסן די דייטשע צייכנס, אַוועקגעשטעלט אין ווינקל צוויי קאַסטנס מיט פּאַטראָנען.

זיי האָבן געציטערט פון שרעק און געפרעגט, וואָס זיי האָבן צו טון, וואָס זאָלן זיי ענטפערן די רוסן, ווען זיי וועלן אַריינקומען.

דערווייל האָבן די פרויען אין דעם שוץ־אָרט גענומען שרייען, זיי זאָלן זיך ערגעץ־אַנדערש זוכן אַ באַהעלטעניש, ווייל ווען די רוסן וועלן זיי ביי אונז דערזען, וועלן זיי וואַרפן גראַנאַטן אויף אונזער שוץ־אָרט און וועלן אונז אַלעמען אויסהרגענען.

האָט מען קודם־כל אַרויסגעוואָרפן דאָס געווער פון דעם שוץ־אָרט און דערנאָך האָבן זיי די איטאַליענער גאַנץ העפלעך — אַרויסגעשטופּט.

כ'ווייס נישט וווהין זיי זענען אַוועק און וואָס מיט זיי איז געשען. איך געדענק בלויז, אַז די איטאַליענער האָבן זיי געגעבן אַ ווייסע שמאַטע, אַז זיי זאָלן דערמיט אַ פלאַטער־טון און דערנאָך אויפהענגען איבערן קעלער.

ס'איז ווידער געוואָרן שטיל.

אין עטלעכע מינוט אַרום איז איינער צו אונז געקומען צולויפן מיט אַ סענסאַציע, אַז די רוסן זענען שוין אין לאַגער.

איך האָב געוואָלט אַרויסלויפן אינדערהויף און זען זיי, אָבער די מומע האָט מיר נישט דערלויבט, ווייל ערשט איצט האָט זיך אָנגעהויבן דער אמתער הוראַגאַן־פייער. פון אַלע זייטן האָט מען געהאַקט.

איך האָב זיי אָבער דערזען דורכן פענצטערל און האָב זיך שרעק־לעך דערפרייט.

די רוסן זענען געשטאַנען באַהאַלטן הינטערן מויער מיט אויטאָ־מאַטן אין די הענט, זיי זענען געווען שרעקלעך ברודיק און אויס־געמאַטערט.

אין אַ האַלבער שעה אַרום בין איך אַרויס פון קעלער. אין מיטן לאַגער איז געשטאַנען אַ דיקער רוס. בין איך צו אים צוגעגאַנגען און מאַך צו אים העפלעך אויף רוסיש:

— „זדראַוסטוויטיע !“...

איך בין געווען אַזוי צופרידן! איך האָב צו אים געשמייכלט און חשק געהאַט מיט אים אַ שמועס טון אויף רוסיש, — איך האָב געקענט.

— שנאַפּס או וואַס יעסט (בראָנפן האָט איר)? — גיט ער מיך דערויף אַ פרעג.

האָט איז געווען זייער אומאַנגענעם. איך בין געווען שרעק־לעך אַנטוישט און האָב זיך פון אים אָפּגערוקט. ער איז געווען פולשטענדיק שכור.

שפּעטער אָבער האָב איך באַגעגנט אַ זייער סימפּאַטישן רוס. ער איז געווען זייער יונג און האָט צו מיר געשמייכלט. ער האָט מיר באַוויזן זיין „פּעפּעשע“, האָט מיר דערלויבט אַ ריר צו טון זי און אויספּרוּוון. דערנאָך האָט ער מיר געוויזן אַלע זיינע מע־דאַלן און וואָס ער האָט צו עסן אין סומקע — דאָרט איז געווען אַ שטיקל ברויט, אַ פּושקע קאָנסערוון און מאַכאָרקע.

אָבער מער פון אַלץ האָט ער געהאַט גראַנאַטן.

האַרמאַט־קוילן זענען נאָך אַלץ געפלויגן. אַרום אונז האָט אויפ־געריסן אַ גראַנאַט. אַ סך שפּליטער זענען זיך פונאַנדערגעפלויגן אויף אַלע זייטן. זיי האָבן געפייפט און געקנאַקט ווי די רוחות.

מיר זענען בײדע צוגעגאַנגען צום מויער. דאָרט האָט אונז אויס־געמיטן אַ גראַנאַט און אויפגעריסן הינטערן ראָג פון באַראַק. אַ נס איז ממש געשען, וואָס ער האָט אונז נישט געטראָפן.

דערנאָך האָט ער מיר געזאָגט, אַז ער מוז גיין ווייטער. לענגער שמועסן מיט מיר קען ער נישט. ער האָט זיך געזעגנט מיט מיר, דערלאַנגט די האַנט און געזאָגט:

—איצט רייד איך מיט דיר, אָבער צי איך וועל נאָך אין אַ פּאָר מינוט אַרום לעבן, ווייס איך נישט...

באַפרייט האָט מען אונז זונטיק דעם 27־טן מאַי 1945.

הגם דער קאַמף האָט נאָך געדויערט פינף טעג, זענען שוין געפאָרן זייער פיל רוסישע טאַנקן מיט פענער, געזאַנג און מוזיק.

די רוסן האָבן נאָך רעכט נישט פאַרנומען דעם שטאָט־טייל און שוין האָבן זיך די איטאַליענער אַרויסגעלאָזט רויבן. זיי האָבן צע־האַקט די מאַגאַזינען מיט ברויט, צוקער, מעל און האָבן געשלעפּט אין לאַגער וויפיל זיי האָבן געקענט. זיי האָבן זיך געשטופּט, גע־שטויסן, געשלאָגן קעגנזייטיק, אַרויסגעריסן איינע פון די אַנ־דערע גאַנצע זעק מיט שפּייז. זיי האָבן געשלעפּט אַלץ, וואָס עס האָט זיך נאָר געלאָזט.

דערנאָך זענען זיי אַרומגעגאַנגען איבער דײַטשע וווינונגען, גע־בראָכן, געהאַקט און אַלץ צוגענומען.

די דײַטשן זענען דאַן אין די וווינונגען נישט געווען, ווייל זיי האָבן מורא געהאַט אַרויסצוקריכן פון די באַהעלטענישן. איך בין אויך מיט זיי געגאַנגען כדי נקמה צו נעמען פון די מערדער.

מיר האָבן שוין נישט געהאַט קיין שום שפּייז־זאַפּאַסן. דאָס, וואָס די מומע האָט זיך אָפּגעשפּאָרט פאַר דער צייט, וואָס זי האָט געאַרבעט אין דער קיך, האָבן מיר אויפגעגעסן בעת דער באָמבאַר־דירונג. דאָס געלט, וואָס זי האָט מיטגעבראַכט פון אָשוויענצים, איז דאַ גאָרנישט ווערט געווען. מיר האָבן אפילו קיין ברויט נישט געהאַט.

איך האָב דעריבער „אָרגאַניזירט" עטלעכע לעבלעך ברויט און אַביסל צוקער. די מומע איז אין ערגעץ נישט געגאַנגען, ווייל איר האָט נישט געפּאַסט.

דערנאָך בין איך אַרומגעגאַנגען מיט די איטאַליענער איבער די דייטשע וווינונגען און באַטראַכט זיי. זיי זענען געווען אייִנגעאָר־דנט מיט לוקסוס. צו צוויי ראַדיאָ־אַפּאַראַטן אין יעדער וווינונג, פּיל מעבל, טעפּיכער, פּוך־קאָלדרעס, גלאָזוואַרג, שפּיגלען.

מיר האָבן זיך אָפּגעווינט פון דעם אַלעם אין לאַגער, און דאָס אונז איצט דעריבער זייער געפעלן געוואָרן. ס'איז אַנגענעם געווען צוצוזעצן זיך אַביסל אויף אַזאַ ווייכע קאַנאַפּע.

די דייטשן האָבן באַרויבט גאַנץ אייראָפּע. ס'איז דעריבער קיין וווּנדער נישט, וואָס זיי האָבן געהאַט אַזעלכע זאַכן. פון אַלע מדינות האָט מען געפירט קיין בערלין.

אין צוויי טעג אַרום האָבן די דייטשן אָנגעהויבן אַרויסצוקריכן פון די לעכער, מוראַדיק דערשראָקענע.

זיי האָבן געציטערט פאַר די רוסן, ווייל די דייטשע פּראָפּאַ־גאַנדע האָט זיי פאַרגעשטעלט ווי אַ האָרדע אַזיאַטן און מענטשנ־פרעסער, וואָס זענען גרייט צו שניידן מענטשן מיט מעסערס.

די רוסן האָבן זיך אָבער געהאַלטן זייער אַנשטענדיק. זיי האָבן געוואָלט ווייזן, אַז זיי זענען ציוויליזירט.

קיין שום באַזונדערעס האָבן זיי דעריבער די דייטשן נישט געטון; זיי האָבן אָבער דערלויבט די לאַגער־מענטשן און די גע־וועזענע אַרעסטירטע צו רויבן.

— נעמט וואָס איר ווילט, — האָבן זיי געזאָגט — דאָס קומט אייך"...

אָבער איך האָב שוין אויפגעהערט אַרומצוגיין איבער די דייטשע וווינונגען. איך האָב פאַרלוירן דעם חשק. כל זמן אין זיי איז קיינער נישט געווען, איז עפּעס אַנדערש, אָבער נאָכדעם ווי די דייטשן זענען שוין צוריקגעקומען אין זייערע דירות, איז שוין געווען נישט אַנגענעם.

מיר זענען צוזאַמען מיט דער מומען פאַרבליבן אין איטאַליע־נישן לאַגער. דאָרטן איז איצט געווען זייער פריילעך. די איטאַליע־נער זענען געווען גרויסע פּחדנים, ברודיקע מענטשן און גנבים. זיי זענען אָבער דערפאַר געווען זייער מוזיקאַליש. יעדער איינער פון זיי האָט אַזוי געזונגען, אַז זיי האָבן געמעגט אַרויסטרעטן פאַרן ראַדיאָ. זיי האָבן צעקלאַפּט מאַשינען מיט מוזיק־אינסטרומענטן,

געוועלבער מיט בראָנפֿן און פּאַפּיראָסן, און פֿלעגן יעדן טאָג איינ־אָרדנען אַ באַל. זיי האָבן געשפּילט אויף די טייערסטע אינסטרו־מענטן און געזונגען פֿון אינדערפֿרי ביז טיף אינדערנאַכט. אומעטום איז געווען פֿול מיט גראַמאָפֿאָנען.

מען פֿלעגט פֿונאַנדערלייגן פֿייערן, שלעפּן ריזיקע קעסלען פֿון די קיכן און יעדן טאָג בראָטן אַן אַנדער קאַלב. גאַנצע פֿערד פֿלעגט מען קאָכן. יעדעס מאָל אַן אַנדער פֿלייש. מען האָט גע־פֿרעסן פֿאַר אַלע צייטן.

דאָס זענען געווען זעלנער פֿון באַדאָליאָס אַרמיי. מיט די דייטשן האָבן זיי זיך נישט געשלאָגן. באַלד אויפֿן אָרט האָבן זיי זיך אונ־טערגעגעבן, און די דייטשן האָבן זיי גענומען אין געפֿאַנגענשאַפֿט.

די דייטשן האָבן צו זיי קיין צוטרוי נישט געהאַט און דעריבער האָבן זיי נישט געקענט שיקן זיי אויפֿן פֿראָנט, ווייל די איטאַליע־נער פֿלעגן זיך איבערגעבן מאַסנווייז. האָט מען זיי דעריבער געהאַלטן אין אַרבעטסלאַגערן און געשיקט אויף שווערע אַרבעט, מען האָט זיי אָבער זייער שלעכט געשפּייזט.

איך האָב זיך פֿאַרשאַפֿט דריי ראָוערן — דאָס איז מיר אָנגעקומען זייער לייכט — צוויי מענערישע און איינעם אַ דאַמען־ראָווער פֿאַר דער מומען.

דעם ערשטן ראָווער האָבן ביי מיר די איטאַליענער באַלד גע־גנבעט.

דעם צווייטן, אַ הערלעכן דאַמען־ראָווער, האָב איך געליען איינעם אַן איטאַליענער, האָבן איב אויף דער גאַס געגנבעט די רוסן.

דעם דריטן ראָווער האָט ביי מיר אויפֿן שאָסיי צוגענומען אַ רוס, האַרט ביי דער פּוילישער גרעניץ. ער האָט מיר געדראָט מיטן רעוואָלווער, האָב איך אים געמוזט אָפּגעבן.

אין בערלין זענען מיר פֿאַרבליבן נאָך צוויי חדשים איידער מיר האָבן זיך געקענט צוקריגן צו פּוילן.

מיר האָבן געבעטן די רוסן זיי זאָלן אונז מיטנעמען מיט אַ לאַסט־אויטאָ, זיי האָבן אָבער קיינעם נישט מיטגענומען, ווייל אויף די אויטאָס פֿלעגן זיי פֿירן מלחמה־רויב.

האָבן מיר זיך דעריבער געמאַכט אַ וועגעלע אויף פיר רעדלעך מיט אַ קליינעם דישעל, אײַנגעלאָדן דערויף אונזער „האָב און גוטס“ און אַוועק דערמיט צופוס, שלעפנדיק פאַרויס דאָס וועגעלע. לכתחילה האָב איך נאָך געהאַט דעם ראָווער, איז דער וועג גע-גאַנגען שנעלער. שפּעטער אָבער האָבן מיר זיך באַוויזן זייער לאַנגזאַם.

אַרום צוויי וואָכן האָט ביי אונז געדויערט דער וועג ביז מיכעל-בעריג, וואָס ליגט 45 קילאָמעטער פון דעם אָדער. פון דאָרטן איז שוין געגאַנגען אַ לאַסט-צוג. האָבן מיר זיך אַרייַנגעזעצט אין צוג און צוגעפאָרן ביז פּויזן.

אין פּויזן האָבן מיר באַקומען אַ באַשטעטיקונג, אַז מיר קומען צוריק פון דייטשלאַנד.

פון דאָרטן זענען מיר געקומען קיין וואַרשע.

וואַרשע איז געווען צעקלאַפּט. אַ שטאָט פון חורבות. מען האָט גאָר נישט געקענט אָפּזוכן די גאַסן.

מען האָט געמוזט קלעטערן אויף רוינען אַ שטאָק די הויך, אַז מען זאָל קענען דורכגיין אַ גאַס.

דורך אַ פּאָנטאָן-בריק, וואָס איז אַדורכגעוואָרפן געוואָרן צייט-ווייליק איבער דער ווייסל, זענען טעגלעך דורכגעגאַנגען צענטליקער טויזנטער מענטשן מיט קלומיקעס. דאָס איז געווען אַ באמת שוי-דערלעך בילד אויפן פאָן פון רוינען און חורבות.

די מומע האָט געפונען איר הייזל פאַרברענט. זענען מיר אַוועק זוכן אונזער וווינונג אויף כלאָדנע 102. אונזער הויז איז געווען גאַנץ, די וווינונג נישט געריִרט, אָבער פאַרנומען דורך אימיצן אַנדערש.

האָבן אונזערע עלטערן געהאַט אַ הויז אין ראַדאָשטש הינטער וואַרשע. דאָס איז געווען אַ שיינע גרויסע ווילע אין אַ גאָרטן. זענען מיר אַהין אַוועקגעפאָרן און געפונען זי. אַפילו דער וועכטער איז געווען דערזעלבער וואָס פאַרן קריג. אָבער דאָס גאַנצע הויז איז געווען פול מיט פרעמדע מענטשן און איך האָב דאָרט נישט געהאַט ביי וועמען צו פאַרבלייבן.

די מומע האָט געוואָלט אָפּזוכן אומבאַדינגט עמיצן פון מיינע

קרובים און פאַרן נאָך איר טאָכטער אויפן נאַרעוו, ווייל זי האָט נישט געוווּסט אַפילו צי זי לעבט.

זענען מיר צוריקגעפאָרן קיין וואַרשע, געזוכט און נאָכגעפרעגט אויף אַלע זייטן. אונזער פאַמיליע איז געווען זייער אַ צאָלרייכע, האָבן מיר געהאָפט, אפשר איז באַטש איינער פון איר פאַרבליבן. און מיר האָבן טאַקע אָנגעטראָפן אויף שפּורן. אַ געוויסער וועכטער האָט מיר געמעלדעט אָנגעגעבן אַן אַדרעס פון איינעם פון מיינע פעטערס אין לאָדז. זענען מיר אַהין אַוועקגעפאָרן און אים אָפּגעזוכט. ער איז צוריקגעקומען פון אַ לאַגער טיף אין דייטשלאַנד. ביי אים בין איך טאַקע פאַרבליבן. אויך די מומע האָט זיך דאָרט אָפּגערוט עטלעכע טעג און איז דערנאָך אַוועקגעפאָרן אין דער נאַרעוו־געגנט.

דעם פעטער איז דעמאָלט געווען זייער שווער, ער איז נאָר וואָס צוריקגעקומען פון לאַגער און איז געווען זייער אויסגעמאַטערט. ער האָט אַליין געוווינט אין אַ ווינקל. איך האָב געזען, אַז ער קען מיך נישט אויסהאַלטן. האָב איך זיך פאַררעגיסטרירט אין לאָדזער יידישן קאָמיטעט און בין אַריין אין אַן אינטערנאַט.

איך מוז זיך מודה זיין, אַז איך האָב פון תמיד געהאַט אַ שטאַרקע אַנטיפּאַטיע צו אינטערנאַטן. איך האָב ליב געהאַט די פרייהייט.

ווען איך בין געווען אַ קליינער, פלעגט מיר די מאַמע שטענדיק דראָען מיט אַן אינטערנאַט.

— „איך וועל דיך אָפּגעבן אין דער מערעם־סאַנאַטאָריע״ — פלעגט זי מיר אָפט זאָגן.

איך האָב אָבער איצט נישט געהאַט קיין אַנדער אויסוועג. איך האָב נישט געוואָלט פאַלן צו לאַסט אויפן פעטער.

דערווייל האָט זיך די מומע דערוווּסט, אַז שוואַכערע קינדער שיקט מען אויף זומער קיין זאַקאָפּאַנע, ווו מען האָט אָרגאַניזירט אַ קינדער־הויז.

איך האָב דאָרט געזאָלט זיין איבער די וואַקאַציעס און צוריקקומען קיין לאָדזש. אָבער היות ווי איך האָב זיך דאָרט געפילט זייער גוט, און צו וועמען צוריקצופאָרן האָב איך נישט געהאַט, האָב איך געבעטן די לייטערין זי זאָל מיך פאַרהאַלטן אין איר הויז. די לייטערין איז דערויף איינגעגאַנגען און איך בין אין אים פאַרבליבן ביזן היינטיקן טאָג.

אין מערץ 1946 האָט זיך די לייטערין צו מיר געווענדט מיט אַן אָנפֿראַגע צי וואָלט איך געוואָלט אַרויספֿאָרן מיט איר און די איבעריקע קינדער קיין פֿראַנקרייך. דאָס איז געווען קורץ נאָכן אָנפֿאַל אויף אונדזער הויז און נאָך דער שיסעריי, וואָס איז אויסגעבראָכן צווישן אונדזער וואַך און „לעשני גרוד" און די אָנפֿאַלער. שוין זינט אַכט חדשים האָבן מיר געמוזט האָבן אַן אייגענע באַוואָפֿנטע וואַך מיט אַ קוילנוואַרפֿער און אַלאַרם-איינריכטונגען אויפֿן פֿאַל פֿון אַן אָנפֿאַל מצד די „נ. ס. ז.", וואָס שטייען אין אָפּאָזיציע צו דער פּוילישער רעגירונג און האָבן אין זייער פּראָגראַם דעם פּונקט צו פֿאַרניכטן די רעשטלעך ייִדן, וואָס האָבן זיך געראַטעוועט פֿון דער היטלער־פּאָגראָם.

די דאָזיקע שוץ־וואַך האָט די לייטערין אָרגאַניזירט נאָך די אָנפֿאַלן אויפֿן פּרעוועטאָריום פֿאַר ייִדישע קינדער אין ראַבקע.

אַזעלכע אָנפֿאַלן זענען געווען גאַנצע דריי. לסוף האָט מען געמוזט די קינדער אַרויספֿירן און דאָס הויז ליקווידירן, ווייל מען האָט געוואָרפֿן גראַנאַטן אין די קינדער-צימערן.

ביי אונדז איז געווען וואָס אַמאָל אומזיכערער, אַזוי אַז מיר האָבן פּשוט נישט געקענט אַרויסגיין פֿון שטוב.

אין נאָווי-טאַרג, 20 קילאָמעטער פֿון אונדז, האָט מען אויסגעמאָרדעט אַלע ייִדן, וואָס האָבן זיך דאָרט געראַטעוועט, ד. ה. פֿינף ייִנגלעך און דעם פּרעזעס פֿון ייִדישן קאָמיטעט.

אויף אונדזער שטח — אין סקאַלנע פּאָדהאַלע — איז געווען טעטיק די ערגסטע באַנדע פֿון נ. ס. ז., די אַזוי גערופֿענע „אָגיען" (פֿייער).

נעמענדיק דאָס אַלץ אין אַכט, האָט די לייטערין באַשלאָסן, נישט צו שטעלן אונדז ווייטער אין געפֿאַר, נאָר ליקווידירן דעם אַנשטאַלט און אַרויספֿירן אונדז קיין פֿראַנקרייך.

אַלע עלטערע קינדער האָט זי געפֿרעגט, צי זיי זענען מסכּים און אַלע האָבן אויסגעדריקט זייער פֿאַרלאַנג מיט איר צו פֿאָרן.

איך האָב אויך געוואָלט, אָבער נישט אָן דאַנקען.

דאַנקע איז געבליבן אין צאַפּאָט, אויף פֿאָמערן, ביי דער פּוילישער מומע.

די לייטערין האָט דעריבער מיר פֿאַרגעלייגט, אַז איך זאָל פֿאָרן

קיין צאָפּאָט נאָך דאַנקען און מיטברענגען זי קיין זאַקאָפּאַנע, אָבער מיטן באַדינג, אַז איך זאָל קיינעם גאָרנישט זאָגן און אין משך פון דריי טעג זיין צוריק.

מאָנטיק אינדערפרי בין איך אַרויסגעפאָרן. איך בין אָפּגעטראָטן אין לאָדז און געבעטן דעם פעטער ער זאָל מיר העלפן אַרויסצוקריגן דאַנקען פון דער מומען. איך בין געפאָרן צוויי טעג און צוויי נעכט, די גאַנצע צייט בין איך נישט געשלאָפן, אָבער אַלץ איז מיר געלונגען און מיטוואָך פרי בין איך געווען שוין צוזאַמען מיט דאַנקען אין זאַקאָפּאַנע.

אַ באַזונדער זאַך איז, וואָס איך בין געווען זייער בייז אויף דאַנקען. איך האָב איר די גאַנצע צייט געשריבן בריוו און זי פלעגט מיר כסדר ענטפערן, אַז ס'איז איר גוט. ערשט ווען איך בין צו איר געקומען, האָב איך פעסטגעשטעלט, אַז סיי זי, סיי די מומע שטאַרבן פשוט פון הונגער, אַז זי האָט נישט קיין שיך און האָט נישט קיין מאַנטל. מיר האָט זי אָבער וועגן דעם קיין וואָרט נישט געשריבן. אַחוץ דעם האָט זי נישט ליב געהאַט קיין יידן און האָט נישט געוואָלט פאַרבלייבן קיין יידישקע. אָבער נישט געקוקט דערויף, האָט זי זיך צעגויפגעלעבט מיט די קינדער און האָט זיך אָנגעהויבן לערנען העברעיש.

איצט איז זי שוין אַ גוטע העברעיש-קענערין און וויל צוזאַמען מיט מיר פאָרן קיין ארץ ישראל. אַהין פירט מיין וועג. דאָרט וועל איך זיך ווייטער לערנען, אַרבעטן און — אויב מען וועט דאַרפן — אויך קעמפן.

---

## באַמערקונגען וועגן יורעק גאָלדמאַן

יורעק גאָלדמאַן איז אַ זייער אינטעליגענט יונגל מיט אַן אַנטשלאָסענעם כאַראַקטער.

מען וואָלט געקענט מיינען, אַז זיינע שרעקלעכע איבערלעבונגען און קריגס-דערפאַרונגען האָבן עס אין אים אויסגעפורעמט זיין פעסטן „איך”. דאָס איז נישט אינגאַנצן ריכטיק. אמת, די איבערלעבונגען האָבן געהאַט זייער איינפלוס אויף אים. פון דער אַנדער זייט איז אָבער אויך זיכער, אַז זיין איינגעבוירענע עקשנות, זיין נייגעריקייט און זיין אַוואַנטורע-דורשט, האָבן עס גורם געווען דערצו, אַז ער זאָל אַזוי פיל איבערלעבן.

יורעק איז אַן אינדיווידואַליסט, וואָס קען זיך נישט אונטעראָרד־נען קיין שום געזעלשאַפטלעכער דיסציפּלין. ער איז גלייכצייטיק אַ רעאַליסט, וואָס דאַרף נישט קיין אידעאַלן און פילט נישט קיין בענקעניש נאָך זיי. מיט די לערער און די דערציִער איז ער געוויינלעך אין קריגס־צושטאַנד. אין קאָלעקטיוון לעבן באַטייליקט ער זיך ווייניק. ער אַנטדעקט נאָר אייגענע וועגן. באַפריינדעט איז ער געוויינלעך מיט איין חבר. זיין פּערזענלעכע פריִהייט, פאַרשטייט ער זייער ברייט און וויל זיך נישט אָפּזאָגן דערפון לטובת אַנדערע. ער איז לאָיאַל און איבערגעגעבן — אָבער ביז אַ געוויסער גרעניץ. ווי עס זאָל נישט זיין, איז ער אַ יונגל, וואָס לאָזט זיך שווער דערציִען.

די דאָזיקע פּאָר קורצע שטריכן וואָלט מען געקענט וועגן יורעקן אָנצייכענען אויפן סמך פון אָבסערוואַציעס איבער זיין אויפפירונג אין קינדערהיים. לאָמיר זיך אָבער נישט שטיצן בלויז אויף אָבסערוואַציעס פון טאָג־טעגלעכן לעבן.

זאָלן פּאַר יורעקן רעדן צוויי וויכטיקע פאַקטן, וואָס כאָטש זיי ווערן נישט דערמאָנט אין זיין דערציילונג, שפּילן זיי אַ געוויסע ראָלע אין זיין לעבן און זענען, אָן אַ ספק, אַ רעזולטאַט פון זיינע איבערלעבונגען אין דער פאַרגאַנגענהייט.

די פאַקטן זענען פאָלגנדיקע:

פאַרן אַרויספאָרן פון פּוילן קיין פראַנקרייך אין אַפּריל 1946, האָב איך פאָרגעלייגט אַלע עלטערע קינדער, וואָס האָבן נישט געהאַט נישט קיין עלטערן, נישט קיין אַפּוטרופּסים, אַז זיי זאָלן מיט מיר מיטפאָרן. צוליב פאַרשידענע טעמים, דער וויכטיקסטער פון זיי איז געווען דער, וואָס איך האָב נישט געוואָלט שאַפן קיין מאַסן־פּסיכאָז — האָב איך זיך וועגן דעם געווענדעט צו די קינדער אינדיווידועל. ווען איך האָב יורעקן געפרעגט דאָס זעלבע וואָס אַנדערע, האָט ער מיר, אָן צו פאַרטראַכטן זיך, געענטפערט, אַז ער וויל זייער פאָרן, — ער קען אָבער נישט איבערלאָזן אין פּוילן זיין יונגערע שוועסטערל, צו וועלכער ער איז שטאַרק צוגעבונדן. זיין שוועסטערל — דאַנושאַ — האָט זיך געפונען ערגעץ ביי אַן אָרימער קרובה, אַ פּאָלקע, גאַנץ ווייט פון אונז. דער באַן־פאַרקער איז דעמאָלט געווען זייער באַשווערט. די צוגן האָבן נישט געהאַט קיין שויבן. די שטיקעניש איז געווען אַזאַ, אַז מענטשן זענען אָפט אַרויסגעפאַלן פון די נישטגעשלאָסענע וואַגאָנעס. אַמערגסטן איז דערביי געווען דאָס, וואָס זיי האָבן זיך געשלעפּט זייער לאַנגזאַם. דורכמאַכן אַ מרחק פון עטלעכע הונדערט קילאָמעטער, האָט דעמאָלט געדויערט פון צוויי ביז דריי מעת־לעת.

אונזער אַרויספאָר איז פּראָיעקטירט געוואָרן אין דריי טעג אַרום און אָפּלייגן אים איז נישט געווען מעגלעך.

פון זאַקאָפּאַנע ביז צאָפּאָט, וו דאַנקע האָט זיך געפונען, האָט מען געדאַרפט דורכמאַכן אַ 500 קילאָמעטער בערך, און דערביי עטלעכע מאָל טוישן די צוגן.

ביי אַזעלכע באַדינגונגען האָט זיך מיר אויסגעוויזן, איז נישט מעג־

לעד, אַז יורעק זאָל באַווייזן צו ברענגען זיין שוועסטער, פאַר אונזער אָפפאָר. אויסער דעם האָבן מיר — נישט איך און נישט יורעק — נישט געהאַט די זיכערקייט, אַז די קרובה, ביי וועמען דאַנקע האָט זיך גע־פונען, וועט זי וועלן צוריקגעבן די יידן. אויך דאַנקע גופא וועט דערויף נישט מסכים זיין...

נישט געקוקט אויף דעם אַלעם, בין איך איינגעגאַנגען אויפן פּלאַן, אַז יורעק זאָל זיך אַרויסלאָזן נאָך איר.

טיף אין האַרצן האָב איך באַדויערט, וואָס דאָס ייִנגל וועט נישט קענען אַרויספאָרן קיין אויסלאַנד, ער האָט דאָך וועגן דעם אַזוי לאַנג געטרוימט, אָבער פאַרפאַלן — ער וויל ריזיקירן, זאָל ער פאָרן.

ווי גרויס איז אָבער געווען מיין איבערראַשונג, מיין פרייד און שטאָלץ, ווען אַ פאָר שעה פאַר מיין אָפפאָר האָב איך אויף אונזער הויף דערזען צוויי קליינע וואַנדערער מיט רוק־זעק אויף די רוקנס, הונגע־ריקע, שמוציקע, מידע, אָבער דאָך גליקלעכע, וואָס זיי זענען געקומען צו דער צייט. קרוב הונדערט קינדער זענען אַרויסגעלאָפן פון הויז, כדי זיי מקבל פנים צו זיין, און די דאָזיקע גאַנצע אַרמיי האָט מיר, אין אַ ווילדע אַרום, מיט שטראַלנדיקע פנימער, צוגעפירט די ליבע געסט.

יורעק האָט מיר דאַן, מיט גרויס צער, דערציילט, אַז דאַנקע האָט דאָרט געהונגערט. זי האָט נישט געהאַט נישט קיין שיך, נישט קיין מאַנטל אויף ווינטער — גאָרנישט; און דאָך האָט זי אים געהאַט געשריבן, אַז איר איז גוט.

ער האָט זיך כסדר אומגעקערט צו דער זעלבער טעמע. דער דאָזיקער ענין האָט אים אומאויפהערלעך געפייניקט: וויאַזוי האָט עס זיין שוועס־טער געקענט אַזוי הונגערן, און ער זאָל וועגן דעם נישט וויסן?! זיי האָבן זיך צוליב דעם אָפט געקריגט און איינע האָט דעם צווייטן נישט געוואָלט נאָכגעבן.

ער האָט אפילו קיין צייט נישט געהאַט צו דערציילן מיר מיט וואָס פאַר אַ נסים ער האָט באַוויזן רעכטצייטיק צו קומען. זיי זענען געפאָרן — האָב איך זיך שפּעטער דערוווסט — צוויי טעג און צוויי נעכט, גע־שפרונגען פון איין צוג אין צווייטן, געזעסן אויף די שטיגלעך און אויף די בופערן; נישט געשלאָפן, נישט געטרונקען קיין שום וואַרעמס, דערפאַר אָבער, האָבן זיי באַוויזן — קומען צו דער צייט.

דאָס איז איין פאַקט.

דער צווייטער פאַקט איז נאָך כאַראַקטעריסטישער פאַר יורעקן.

ווען זיי האָבן זיך שוין ביידע — יורעק און דאַנקע — געפונען אין פראַנקרייך, האָבן זיך אין אַמעריקע, אָפּגעזוכט זייערע קרובים. זיי האָבן מיט די קינדער אָנגעקניפּט אַ פאַרבינדונג און געמאַכט פאַרשי־דענע באַמיונגען די קינדער אַריבערצונעמען קיין אַמעריקע. צווישן אַנ־דערע האָבן די קינדער אָפּגעזוכט זייערן אַ קוזין, אַ זייער פעיקן אינ־זשעניער. ער האָט זיך מיט די קינדער געוואָלט ספּעציעל באַשעפטיקן; ער האָט געהאַט בדעה זיי צו בילדן און פאַרזיכערן ביידן אַ צוקונפט. איך האָב געלייענט זייערע שיינע, האַרציקע בריוו און צוזאַמען מיט יו־רעקן איבערלעבט זיין טראַגעדיע. יורעק האָט, לכתחילה, נישט געוווסט.

וואָס ער האָט צו טון, און דאַנקע האָט, פאַרשטייט זיך, געוואַרט, וואָס דער ברודער וועט זאָגן.

איך האָב אַבסאָלוט נישט געוואָלט באַאיינפלוסן זיין אַנטשיידונג, און האָבן אים אפילו אויפגעקלערט ווי ווייט זיין קוזינס פאָרשלאָג איז פאַר זיי ביידן, אין פּראַקטישן זין, וויכטיק.

אָבער, נישט געקוקט דערויף, איז יורעק קיין אַמעריקע נישט געפאָרן — ער האָט אויסגעוויילט דעם שווערן וואַנדער-וועג קיין ארץ-ישראל!

אין יולי 1947 האָט ער זיך, צוזאַמען מיט זיין שוועסטער, געפונען אויפן דעק פון „עקזאָדוס 1947". דער גורל פון דער האַזיקער שיף און אירע יונגע פּאַסאַזשירן זענען אַלעמען באַקאַנט...

# וואָס דערציילט רוזשע מעלזאַק

געבוירן אין בוסק, הינטער לעמבערג
(בעתן געשפּרעך בערך אַ יאָר 13 אַלט)



מיר זיצן אויף פאַר־טעלן ביים טיש. רוזשע זיצט אויף דער פאַר־רענטש און באַוועגט מיט איין פוס. אומרויק דרייט זי מיטן קאָפּ, מאַכט פאַרשידענע העווויות. זי איז שטאַרק איבערגענומען, זייער פאַראינטערעסירט און האָט אַ טרעמע. זי האָט מורא, אַז זי וועט זיך קיין עצה נישט געבן מיט איר אויפגאַבע. זי נעמט זיך אָן מיט מוט.

— דערציי־ל מיר, רוזשע, — ווענד איך זיך צו איר — דערציי־ל מיר אַלץ, וואָס דו געדענקסט.

זי פאַרטראַכט זיך, ווערט רויקער און ווענדט זיך מיט איר זכרון צו דער פאַרגאַנגענהייט...

— ווען מיר זענען נאָך געווען אַלע צוזאַמען — דערציילט זי פון איר פאַרגאַנגענעם גליק — האָט מיין טאַטע געאַרבעט אין יודענראַט. ער איז נישט געווען קיין פּאָליציאַנט — באַטאָנט זי גלייך זי וואָלט זיך פאַרטיידיקט פאַר אַ פאָרוווּרף — נאָר אַ באַ־

העלפער אזא. ווען מען פלעגט דארפן, צום ביישפיל, — קלערט זי אויף — עפעס דערלייידיקן, גיין נאך קוילן, אדער עפעס וואס אפטראגן, פלעגט יעדער דירעקטאר אים שיקן.

מיין טאטע האט ערגעץ געהערט, — ער איז דאך געווען אין דער געמיינדע — אז מען וועט צונעמען די יידן אין א לאגער. האט ער נאך מיט צוויי הרשים פריער פארן אויספירן דאס, זיך צוגעגרייט א בונקער. ער האט זיך אויסגעגראבן אזא זייער טיפע גרוב אין שטאל, אונטער דער קאריטע, האט דאס איינגעקלאפט, גוט ארומגעשאטן מיט שטיינדלעך און זאמד, צוגעדעקט מיט דיקע ברעטער, ארויפגעשאטן דערויף א סך ערד, מיסט...

— און ווו איז דאס געווען, רוזשעז — פרעג איך — ווייט פון אייער וווינונג?

— א, ניין! — ענטפערט זי לעבעדיק און אקצענטירט שטאלץ — דאס איז געווען אין אונזער אייגענער היים. גיט א קוק, לערערין — רעדט זי גיך — אט דא האבן מיר געוווינט און דא איז געווען דער שטאל און איינס מיטן אנדערן זענען געווען פארייניקט (זי אילוסטרירדט עס מיט א האנט־באוועגונג).

ארום אונדז האבן געוווינט יידן — אזעלכע עלטערע יידן. זיי האבן געהאט דריי טעכטער און איין זון. די טעכטער האט מען גערופן פייגעלע, עטעלע און רייזל. נו, האט איינמאל ביידערנאכט די אוקראינישע פאליציי גענומען קלאפן צו זיי.

מיין מאמע איז געזעסן ביים פענצטער, האט זי אפגערוקט אביסל דאס פארהאנגל און האט געקוקט דורך א שפארקעלע.

זיי האבן אזוי געקלאפט און געקלאפט. דערנאך האבן זיי גענומען רייסן און האקן אין דער טיר אזוי לאנג, ביז זיי האבן די טיר אויסגעהאקט. דערנאך איז ארויסגעקומען יענער אלטער ייד און האט אזוי געשריען געוואלד, אז ס'איז געווען עטוואס שרעקלעכעס. דערנאך האט מען אראפגעשלעפט זיין זון פון בוידעם און אזוי ווי ער האט זייער געשריען, האט מען אים אריינגעשטופט א פויסט אין מויל, אז מען זאל נישט הערן, ווי ער שרייט אין דער נאכט.

אי, ווי איך האב מורא! עס דוכט זיך מיר ווען איך רעד וועגן דעם, ווי דאס וואלט איבעראנייס פארגעקומען. איך בין דערפון

אינגאַנצן רויט, אמת? — רייסט זי איבער אויף אַ ווײַלע דאָס דערציילן.

פייגעלע איז באַלד אַנטלאָפן אין אַ באַהעלטעניש אין אַ קעלער אַרײַן. ווי זי האָט נאָר דערהערט דעם טומל, איז זי באַלד אַנטלאָפן. עטעלע און רייזל זענען געווען אַזעלכע פאַרשלאָפענע, האָבן זיי נישט באַוויזן אַראָפּצולויפן און באַהאַלטן זיך.

און מען האָט אַלעמען צוגענומען.

דאָס זענען געווען אַזעלכע אָרעמע ייִדן... פייגעלע איז געווען אַ שניידערין און פלעגט פאַרדינען אויפן לעבן פאַר אַלעמען. דאָס איז געווען אַזאַ פּיפּיק מיידל! אַלע האָבן זי ליב געהאַט.

אָך, ווען זיי ווייסן דאָס, אַז איך רעד וועגן זיי און די לערערין פאַרשרייבט!...

לאָמיר רעדן ווייטער! יאָ, האָט די פּאָליציי דערנאָך אָנגעהויבן קלאַפּן צו אונדז: איין מאָל, צוויי מאָל, דריי מאָל, פיר מאָל... די מאַמע האָט זיי נישט געוואָלט עפענען, ווײַל זי האָט געוווּסט, וואָס ווייטער וועט זײַן. דאַן האָט זיך דער טאַטע גיך אָנגעטון, געכאַפּט דעם קליינעם ברודערל אויף די הענט, האָט אַ כאַפּ געטאָן אויך מיך און מיר זענען אַרויסגעלאָפן פון שטוב. די מאַמע איז אַרויסגעלאָפן די לעצטע מינוט.

און בײַ אונדז איז געווען אַזוי: מיר האָבן געהאַט צוויי צימערן. אין איינעם האָבן מיר געוווינט און אין צווייטן האָט דער ייִדישער קאָמיטעט אַרײַנגעזעצט אַ פרוי מיט אַ קינד. מען האָט זיי געשיקט פון שפּיטאָל, זי איז געווען אינגאַנצן געל און אַזוי שוואַך, אַז זי האָט נישט געקענט אַרומגיין. זי איז די גאַנצע צייט געלעגן מיטן קינד אין בעט. איר גאַנצע האַנט האָט בײַ איר אַזוי אויסגעזען, ווי מײַנער אַ פינגער. און דאָס ייִנגעלע אירס איז אויך געווען אַזאַ דאַרס און אַ געלס. אַז זיי האָבן גאָרנישט געהאַט וואָס צו עסן. מײַן טאַטע האָט געאַרבעט אין קאָמיטעט, פלעגט ער צייטנווייז ברענגען עפּעס אַהיים, דאָס אַ שטיקל ברויט, דאָס קאַרטאָפל, — פלעגט ער אויך איר עפּעס געבן. אָבער מיר זענען געווען פיר מענטשן: איך, דער ברודער, די מאַמע און דער טאַטע,

האָבן מיר אויך געדאַרפט עסן. זיי האָבן זיך אײַנגעגאַנצן נישט געד־קענט רירן, האָט מען זיי אויפן אָרט געהרגעט.

— און פונוואַנען ווייסטו דאָס, רוזשע? — פרעג איך.

— מיר האָבן אין דער באַהעלטעניש געהערט שיסן. די דײַטשן זענען אַרומגעגאַנגען איבערן גאַנצן הויז און געקלאַפּט, גלײַך פערד וואָלטן אַרומגעלאָפן. זיי האָבן כסדר געשריען: „פערפלוכטע יידן!" זיי זענען געווען אַזוי שיכור. זיי זענען אַרומגעלאָפן איבערן גאַנצן הויז, געזוכט אויפן בוידעם, דערנאָך זענען זיי אַראָפּגעגאַנגען אונטן אין שטאָל. מיר האָבן אַזוי געציטערט, אַז מיר האָבן פשוט נישט געקענט אָטעמען. און פונקט דעמאָלט האָט מײַן ברודערל — ער איז אַלט געווען אפשר אַ יאָר בסך הכל — אָנגעהויבן צו וויינען. מײַן טאַטע האָט זיך אַזוי דערשראָקן, אַז ער האָט גע־כאַפּט אַ שמאַטע און האָט אים געוואָלט דערווערגן. אָבער די מאַמע האָט אים אַ כאַפּ געטאָן און געגעבן זויגן, איז ער שטיל געוואָרן.

דאָס איז דעמאָלט געווען אַן אמתער נס. מײַן טאַטע האָט באמת געוואָלט דערשטיקן מײַן ברודער. די מאַמע האָט נישט געלאָזט, זי פלעגט אונז שטענדיק פאַרטיידיקן. זי איז דאָך געווען אַזאַ גוטע, די מאַמע...

דאָס איז דאָך געווען אונזער ערשטער טאַטע, די מאַמע האָט אַ צווייט מאָל נישט חתונה געהאַט, — ווענדט זי זיך צו מיר — טאָ פאַרוואָס־זשע איז ער געווען אַזאַ שלעכטער? די מאַמע האָט שרעקלעך ליב געהאַט מײַן ברודערל (פאַרטראַכט זיך), — מער ווי מיך. נו אוודאי, זי האָט אים געמוזט מער ליב האָבן, ער איז דאָך געווען קלענער פון מיר. איצט וואָלט ער שוין אפשר אַלט געווען אַ יאָר זעקס.

לסוף זענען די דײַטשן אַוועק.

אין דער דאָזיקער באַהעלטעניש זענען מיר אָפּגעווען דריי וואָכן. דערנאָך האָט מײַן טאַטע געמוזט אַרויסגיין זוכן ברויט, ווײַל מיר זענען געווען הונגעריק. די מאַמע האָט אַזוי מורא געהאַט, אַז ער וועט נישט צוריקקומען, ווײַל ער איז אַ לאַנגע צײַט נישט געווען. געווען איז דאָס ביינאַכט. דעם שכנים הויז איז געווען פוסט. איז ער אַהין אַרײַן... פּלוצלינג וואַרפט זיך אויף אים מיט

א האַק אַזאַ הינקעדיקער יונגערמאַן, פון אַ יאָר צוואַנציק. מיין טאַטע האָט אים באַלד דערקענט: דאָס איז געווען שלמה, דער זון פון אונזערע שכנים, (די דייטשן האָבן נישט באַוויזן אים צו־צונעמען) — האָט מיין טאַטע צו אים אַ זאָג געטאָן:

— האָב קיין מורא נישט, שלמה, דאָס בין איך!

האָט ער זיך באַרויקט און דערציילט דעם טאַטן, אַז אַלע זענען אַנטלאָפן פון שטוב, און ער האָט נישט געקענט, ווייל ער איז געווען זייער לאָם. ער האָט נאָר געבעטן, אַז מען זאָל אים איבערלאָזן ברויט, וואַסער און אַ האַק, און איז אַוועק אויפן בוידים וואַרטן אויף די דייטשן. קיין בונקער האָט ער דאָרט נישט געהאַט; ער איז נאָר אַריינגעקראָכן צווישן קאַסטנס, פושקעס און שמאַטעס.

ווען ער האָט דערהערט ווי דער טאַטע גייט, האָט ער געמיינט, אַז דאָס איז אַ דייטש. און האָט זיך געוואָלט אַ וואָרף טון אויף אים מיט דער האַק.

דער טאַטע האָט מיט אים אַביסל געשמועסט, געקריגן ביי אים צו עסן און איז צו אונז צוריקגעקומען. ווען ער האָט דאָס דערציילט דער מאַמען, האָט זי געזאָגט, אַז מען זאָל אים נעמען צו אונז. און ביינאַכט זענען מיר אַלע שטילינקערהייט אַוועק צו אים אויפן בוידעם און האָבן אים צוגערעדט, אַז ער זאָל אַריבערגיין צו אונז. האָט דאָס דערהערט פייגעלע, וועלכע איז די גאַנצע צייט געזעסן איינע אַליין אין דער באַהעלטעניש, און איז אויך צו אונז געקומען.

מיר האָבן זי דעמאָלט — געדענק איך — אַזוי געבעטן, אַז זי זאָל פאַרבלייבן מיט אונז, מיר האָבן זי אַזוי געבעטן — מיר זענען ממש געפאַלן צו אירע פיס, אָבער זי איז געווען אַן איינגעשפּאַרטע — זי וויל נישט און זי וויל נישט. זי האָט געזאָגט, אַז סיי ווי סיי וויל זי נישט לעבן, אַז איר איז שוין אַלץ איינס, אַז וויבאַלד מען האָט איר צוגענומען דעם טאַטן און די מאַמע, די שוועסטער און דעם ברודער, קען מען זי אויך צונעמען, ווייל זי לעבט שוין נישט מער, נאָר זי מוטשעט זיך. זי האָט אונז נישט געוואָלט פאָלגן, געווען אַ שרעקלעכע עקשנטע, — זי איז אַוועק צו די דייטשן און געבעטן, אַז מען זאָל זי הרגענען.

און מיין ברודער איז אויך נישט געשטאָרבן מיט אַ נאַטירלעכן

טויט, מען האָט אים דערשטיקט — איינער אַ יונגערמאַן האָט אים דערשטיקט אין וואַלד. ער האָט מיך פאַר דעם אַזוי געבעטן: „רוזשע, נעם מיך צו, איך וויל לעבן...״ מען האָט פריער אויסגע־גראָבן פאַר אים אַ קבר, איך האָב אַליין געזען (וויינט). איך זשאַ־לעווע אַזוי מיין ברודערל... איך קען דאָס נישט פאַרגעסן...

געווען איז עס אַזוי:

דער טאַטע האָט געבראַכט אַ סך עסן און פאַרטאָג זענען מיר אַרויס פון שטוב. ס'איז געווען אינגאַנצן פינצטער. אפשר אַזייגער פיר איז דאָס געווען. מיר האָבן אַלע געהאַט רוק־זעק און וואַרעמע מאַנטלען, און דער טאַטע האָט נאָך געטראָגן דעם ברודער. דער ערשטער איז געגאַנגען יענער הינקעדיקער און האָט אומעטום גע־קוקט, צו מען באַמערקט אונז נישט. מיר האָבן געמוזט גיין שנעל, — פלעגט ער בסדר אָפּשטיין און מיר פלעגן מוזן אויף אים וואַרטן. האָבן מיר אים געלאָזט גיין דעם ערשטן, אָבער ער איז ווידער פאַרבליבן דער לעצטער. מיר זענען דורכגעגאַנגען דעם יידישן בית־עולם און מיר האָבן דאָרטן געזען אַזעלכע שרעקלעכע גריבער, פול מיט קערפּערס. אַלץ איז געלעגן אָפּגעדעקט, מענער, נאַקעטע פרויען, קינדער...

פון דאָרטן האָט זיך געטראָגן אַזאַ לופט, אַז ס'איז נישט מעג־לעך געווען צוצוקומען. דערנאָך זענען מיר אַוועק ווייט, ווייט אין וואַלד אַריין. דערנאָך איז שוין געוואָרן ליכטיק. דער טאַטע האָט צונויפגעזאַמלט אַ סך גרינע צווייגלעך און האָט זיי אַזוי אויסגע־זעצט אַרום, אַז מען זאָל מיינען, אַז זיי וואַקסן עס אַליין. דערנאָך זענען מיר דאָרט געזעסן. די מאַמע האָט אויסגעפּאַקט דעם רוק־זאַק און מיר האָבן אָנגעהויבן עסן. נישט ווייט פון דאָרטן איז געווען אַ טייכל, האָט דער טאַטע אָנגענומען וואַסער און אַזוי אַרום האָבן מיר געהאַט צו טרינקען.

ווי מיר זיצן אַזוי, ערשט ס'קומט פּלוצלינג צו אונז צו אַ פרעמדע פרוי מיט אַ מאַן. גאַטעניו, ווי מיר האָבן זיך דערשראָקן! מיר זענען געוואָרן ווייס, גרין און רויט! דערווייל זענען דאָס געווען יידן. זיי האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אין וואַלד און פונווייטן געהערט, אַז מיר רעדן יידיש, זענען זיי צו אונז צוגעקומען. אָבער דערנאָך האָבן מיר זיך אפילו געפרייט, ווייל וואָס מער

מענטשן מיר זענען געווען צוזאַמען, אַלץ אַנגענעמער איז אונז געווען.

דערווייל איז, אויף אונזער אומגליק, אַ קו אַנטלאָפן טיף אין וואַלד אַריין און די פּאַסטוכער זענען אַוועק זוכן זי. און אין יענעם דערפל זענען געווען זייער שלעכטע אוקראַינער. איינער אַ פּאַסטוך האָט אונז באַלד באַמערקט און געפרעגט אויף אוקראַיניש: „וואָס טוט איר דאָ?" — האָבן מיר נישט געזאָגט, אַז מיר זענען יידן, נאָר אַז מיר זענען פּאָליאַקן פון נידערשלעזיע, ווייל פון דאָרטן האָט מען אַלע פּאָליאַקן אַרויסגעטריבן.

דערווייל איז פון איין פּאַסטוך געוואָרן 15, מיטאַמאָל האָט זיך צו אונז אַ לאָז געטאָן אַ גאַנצע כאַפּטע, ווייל יעדער איינער איז געווען נייגעריק. זיי האָבן באַלד געזאָגט אויף דער מאַמען „זשידיווקאַ", ווייל די מאַמע איז געווען זייער ענלעך צו אַ יידיש־קע. איך האָב אַליין געזען, ווי איינער אַ פּאַסטוך איז אַוועקגעלאָפן נאָך אוקראַינישער פּאָליציי. באַלד זענען טאַקע אָנגעקומען פּאָלי־ציאַנטן און גענומען אונז אויספרעגן: „ווער זענט איר, פונוואַנען זענט איר און וואָס טוט איר דאָ?" — וואָס־זשע האָבן מיר גע־קענט דערויף ענטפערן? — האָבן מיר געזאָגט, אַז מיר זענען יידן. האָבן זיי אונז דערויף אַזוי געזאָגט: „אויב איר וועט אונז נישט געבן קיין גאָלדענעם זייגערל אָדער געלט, אָדער טאַבאַק, וועלן מיר אייך אָדער אַליין הרגענען אָדער מיר וועלן אייך אַוועקפירן אין געסטאַפּאָ אַריין".

דער טאַטע האָט אין רוק־זאַק געהאַט טאַבאַק, ווייל ער האָט געוווסט, אַז מען קען דאָס ביי אים פאָדערן. האָט ער זיי געגעבן און זיי זענען אַוועק.

דערנאָך האָבן מיר זיך שנעל צונויפגענומען, די מאַמע האָט אַלץ צונויפגעבונדן, דער טאַטע האָט גענומען דעם ברודער אויף דעם רוקן און — היידאַ! — אַוועקגעגאַנגען.

ווייט זענען מיר נישט געגאַנגען, אפשר אַ קילאָמעטער. מיר האָבן שוין געהאַט אַזאַ מזל, אַז די דייטשן האָבן אַרומגערינגלט דעם גאַנצן וואַלד. און ס'איז גאָרנישט געווען צו מאַכן. דער טאַטע איז אַוועק אין אַ זייט מיט יענעם הינטעדיקן צוזאַמען מיטן בייעם ייד אַזן זיין געליבטער און מען האָט עפּעס גערעדט און

געראַדט... דערנאָך איז דער טאַטע צוגעקומען צו אונז און האָט דער מאַמען אַזוי געזאָגט: „מיר גייען אין לאַגער. אויב דו ווילסט גיין מיט אונז, טאָ נעם וואָרף אַריין דעם קליינעם אין וואַסער און איר אויך (נישט ווייט איז געווען אַזאַ גרויסער טייך)... אָדער נעם זיי, די קינדער, און לאָז זיי איבער ערגעץ אונטער אַ בוים און אַליין קום מיט מיר".

די מאַמע האָט אפילו הערן נישט געוואָלט דערפון און האָט געזאָגט:

— וואָס רעדסטו? איך וועל דאָס קיינמאָל נישט טאָן! אויב איך זאָל זיי מוזן דערטרינקען, וועל איך זיך בעסער אַליין אַ מעשה אַ טאָן!"

דערנאָך האָט זי אַרויסגענומען ברויט פון רוק־זאַק און געגעבן דעם טאַטן אויפן וועג. דער טאַטע האָט אין איין האַנט געהאַלטן דאָס ברויט, אין דער צווייטער אַ מעסערל און האָט אָנגעהויבן צו וויינען אַזוי ווי אַ קליין קינד. „אַ גוטן טאָג, — האָט ער געזאָגט — קינדער, מיר וועלן זיך שוין מער נישט זען".

די מאַמע האָט שרעקלעך געוויינט און געזאָגט צום טאַטן:

— אַזוי לאַנג ביסטו מיט מיר און איצט לאָזסטו מיך איבער? וואָס וועל איך טאָן אַליין מיט די קינדער אָן דיר? נאָך אויף אַ טאָג וועל איך האָבן עסן און נאָך אויף אַ טאָג. און וואָס ווייטער? וואָס וועל איך מיט זיי מאַכן? וווהין וועל איך מיט זיי גיין?

די מאַמע האָט נישט געוווסט, אַז זיי האָבן זיך שוין פריער וועגן דעם צונויפגערעדט, האָט זי דאָן אַזויפיל אַריינגערעדט צום טאַטן, ביז ער האָט געזאָגט, אַז ער פאַרבלייבט מיט אונז.

אָבער יענע יידן האָבן אים ווידער אַוועקגערופן, אים געשושקעט און געשושקעט אויפן אויער; זיי האָבן אים איבערגערעדט און ער איז מיט אונז נישט פאַרבליבן. ער האָט אונז נאָך אַ קוש געטאָן און מער האָבן מיר שוין אים אין לעבן נישט געזען. — — —

אַזוי אַרום זענען מיר געבליבן אין וואַלד, די מאַמע, איך און דאָס ברודערל. אַלע זענען אַוועק. די מאַמע האָט די גאַנצע צייט געוויינט. נאָר דאָס ברודערל האָט געגעסן. נישט די מאַמע, נישט איך — מיר האָבן נישט געקענט עסן. נו, דערנאָך האָט מען אונז געכאַפּט און אַוועקגעפירט קיין ליצמאַנג, אין דאָרף, צו דער אוק־

ראַינישער פּאָליציי. דער מאַמען האָט מען אויפֿן וועג אַזוי געשלאָגן, אַז זי האָט געהאַט בלויע צייכנס אויפֿן גאַנצן לייב, און מיך האָט מען אַריינגעוואָרפֿן אין אַ ראָוו. פֿריער האָט מען אויך מיך געשלאָגן. אָבער איך בין פֿון יענעם ראָוו אַרויסגעקראָכן און נאָכגעגאַנגען דער מאַמען. ווען איך האָב זיך דערנאָך אַרומגעקוקט, האָב איך דערזען, אַז איך האָב אויפֿן לייב אַזעלכע געשוואָלענע, בלויע און רויטע פּאַסן. קוים וואָס איך האָב זיך געשלעפּט. די אוקראַינער זענען געווען אַזעלכע שלעכטע. זיי האָבן זיך געפֿרייט וואָס זיי קענען אונדז אַזוי שלאָגן און קיינער וועט אויף זיי דערפֿאַר נישט שרייען. אָבער לסוף האָט מען אונדז אַרויסגעלאָזט.

די מאַמע האָט נישט דערוואָרט, אַז מיר וועלן אַרויס לעבעדיק. זי האָט אַפֿילו נישט מורא געהאַט, וואָס מען וועט אונדז הרגענען, נאָר וואָס מען וועט אונדז פּייניקן. כאָטש אונדזער לעבן איז אַזוי אויך גאָרנישט ווערט געווען. די מאַמע האָט אָבער שטענדיק געהאָפֿט, אַז דער טאַטע וועט כאָטש לעבן בלייבן אין לאַגער.

— און ווייסט איר, לערערין? איך פֿריי זיך אַזוי, ווען איך פֿאָר אַמאָל קיין פּאַריז... דאַן טראַכט איך נאָר וועגן פּאַריז... אָבער אַזוי טראַכט איך כסדר וועגן דער מאַמען, וועגן דעם וואַלד, וועגן אַלעמען. נאָר איך טראַכט און טראַכט וועגן דעם... דערפֿאַר אפֿשר לערן איך זיך אַזוי שלעכט...

איך האָב נאָר שלעכט געטאָן דערמיט, וואָס איך לעב... ווייל מיין לעבן איז אַזוי אויך גאָר נישט ווערט... איצט בין איך אין אַן אינטערנאַט און ס'איז מיר גוט, אָבער, אַז איך וועל אַרויס פֿון דאַנען — האָב איך מורא, אַז ס'וועט מיר שלעכט זיין. וווהין און צו וועמען וועל איך גיין? איך האָב דאָך נישט קיינעם...

איך טראַכט וועגן דעם כסדר, כסדר. ווו איך זאָל נישט זיין, טראַכט איך וועגן דעם... ווען איך לערן זיך, טראַכט איך נישט וועגן לערנען, נאָר וועגן דעם... ווען איך לאַך, איז דאָס נישט קיין לאַכן, נאָר אַ וויינען. ווען עמיצער שיט מיר אָן אַ באַרג מיט גאָלד, ווען איך בין אַ פּרינצעסין, וואָלט איך אויך קיינמאָל נישט געקענט פֿאַרגעסן וועגן דעם, קיינמאָל נישט... דאָס, וואָס איך האָב איבערגעלעבט, קען איך נישט פֿאַרגעסן. אַזויפֿיל מענטשן האָבן מיר שוין

געזאָגט, אַז איך זאָל מער וועגן דעם נישט טראַכטן, אַז איך לערן זיך שלעכט. אָבער איך זאָג אָפן: איך קען בכלל זיך נישט לערנען.



נאָכדעם, ווי יענע פּאָליציי האָט אונז אָפּגעלאָזט, האָט די מאַמע געזאָגט:

— רוזשע, לאָמיר גיין וווהין די אויגן טראָגן אונז.

זענען מיר אַוועקגעגאַנגען אין איינעם אַ דאָרף, הוטאַ אָלשעסקאַ, הייסט ער, וווּ עס האָבן געוווינט פּאָליאַקן. זענען מיר אַזוי געגאַנגען דורך פעלדער און וועלדער און דערנאָך ווידער דורך אַ פעלד. האָבן מיר באַמערקט אויפן וועג איינע אַ פּאָלקע, ווי זי גראָבט קאַרטאָפל. האָט די מאַמע געפרעגט:

— וואָלט אפשר מעגלעך געווען פאַר מיר און די קינדער איבערנעכטיקן ביי אייך? מיר זענען שרעקלעך דערפרוירן געוואָרן.

האָט זי אויף אונז אַ קוק געטאָן, און געווען זענען מיר אַלע זייער דערשלאָגן, קוים וואָס מיר האָבן געשלעפּט די פיס. די מאַמע האָט זייער אויסגעזען ווי אַ יידישקע. זי איז געווען אַזאַ שוואַרצע און געהאַט אַ לאַנגע נאָז און האָט פאַרצויגן אויף אַ יידישן אופן. און דער טאַטע האָט גאָרנישט אויסגעזען ווי אַ ייד. אַלע האָבן געזאָגט, אַז מיין טאַטע האָט חתונה געהאַט מיט אַ יידישקע — אינערהאַמתן אָבער איז דער טאַטע אויך געווען אַ ייד.

יענע פרוי איז געווען זייער אַ גוטע. מיר האָבן ביי איר איבערגענעכטיקט אין שטאַל און דערנאָך זענען מיר געווען ביי איר גאַנצע צוויי וואָכן. איך האָב געפּיטערט די קי, די מאַמע האָט געהאָלפן אין פעלד און האָט זיך פאַרנומען מיטן קינד. בכלל איז ביי איר געווען אַ סך אַרבעט, ווייל זי איז געווען זייער אַ רייכע. זי האָט געוווינט אַביסל הינטערן דאָרף, אויף אַ בערגל. זי האָט אָבער אונז נישט געקענט האַלטן מער, ווייל איינע אַ פּאָלקע, וואָס איז געווען אַ שרעקלעכע אַנטיסעמיטקע, האָט אונז געוואָלט אַרויסגעבן. זי האָט אַמאָל געאַרבעט ביי יידן און געמאַכט ביי זיי אַ פאַרמעגן, און איצט האָט זי געהאַלטן אין איין רעדן אויף יידן. זי האָט געזאָגט אַזוי: „די זשידעס פלעגן מיך רופן „גאָיקע", —

איז איצט געקומען מיין צייט, איך וועל זיך מיט אייך אָפּרעכע־
נען!

נו, האָבן מיר געמוזט אוועקגיין, ווייל אונזער באַלעבאָסטע
האָט פאַר איר מורא געהאַט. זענען מיר אַוועק אין וואַלד. איך
האָב מיין מאַמען געפרעגט: וואָס וועט זיין ווייטער? און די מאַמע
האָט דאָסזעלבע געפרעגט מיך. נישט איך האָב געקענט ענטפערן
און נישט די מאַמע האָט געקענט ענטפערן.

מיר זענען אַוועק אין אַ צווייטן דאָרף.

דאָרטן זענען מיר אויך אַריין צו איינער אַ פּאָלקע, ווייל ס'איז
אונז געווען זייער קאַלט, און זי האָט דער מאַמען דערלויבט אי־
בערצונעכטיקן אייפן בוידעם, און דעם ברודערל און מיך אפילו
גענומען אין בעט אַריין. דער מאַמען האָט זי געגעבן שטרוי און
אַלטע שמאַטעס צוצודעקן זיך. זי האָט געבראַכט אַ הייסע זופּ,
האָט אויסגעמעלקט די קי, אָפּגעקאָכט קאַרטאָפל, צוגעגאָסן סמע־
טענע און האָט אונז אַלעמען דערלאַנגט אָפּצועסן.

אַזוי איז געוואָרן אַזוי גוט, אַזוי וואַרעם, איך בין זאַט געווען.
דערנאָך האָט זי מיך און דעם ברודערל אַריינגענומען אין בעט
אַריין. דאָס ערשטע מאָל זייט אַזאַ לאַנגער צייט בין איך געווען
אין אַ בעט. גאָט מיינער! ס'איז מיר געווען אַזוי ווייך, אַזוי וואַ־
רים, אַזוי גוט — ווי אין אַ גן עדן. און זי האָט אונז אַזוי געלאָזן
שלאָפן ביז אַ זייגער צוועלף בייטאָג אויף צומאָרגנס. דערנאָך האָט
זי אָבער געזאָגט, אַז זי קען אונז מער נישט האַלטן. איז די מאַמע
געפאַלן אויף די קני פאַר איר, און געבעטן רחמים און געוויינט,
אַז זי זאָל אונז פאַרהאַלטן. זי האָט אַזוי לאַנג געבעטן, ביז יענע
פרוי האָט מסכים געווען, אָבער אין בעט האָבן מיר שוין מער
נישט געקענט שלאָפן. מיר זענען געשלאָפן אין שטאַל.

נישט ווייט פון דער דאָזיקער פּאָלקע האָט געוווינט אַ פאָלקס־
דייטשקע. איז זי געווען בייז ווי אַ הונט. איבריקנס, אַ הונט איז
בעסער פון איר. זי האָט אָנגעהויבן דראָען אונזער באַלעבאָסטע און
שוין געוואָלט גיין צו דער פּאָליציי. האָט יענע פּאָלקע אונזערע גע־
זאָגט, אַז זי האָט נישט געוווּסט, אַז מיר זענען יידן; אַז זי האָט
געמיינט, אַז מיר זענען פּאָליאַקן פון נידערשלעזיען. זי האָט וועגן
דעם געוווּסט אויסגעצייכנט, אָבער זי האָט אַזוי געזאָגט בכיוון.

ווייל זי האָט מורא געהאַט, אַז מען וועט זי הרגענען פאַרן באַהאַלטן יידן. ביינאַכט האָט זי אונז געגעבן אירע בגדים, שיך, זאָקן, מיר האָט זי געגעבן קאַלאָשן, און מיר זענען באַלד אַוועק אין אַן אַנדער דאָרף.

איך געדענק שוין נישט, ווי ער האָט געהייסן, אָבער דאָרטן האָבן געוווינט סאַמע פאָלקסדויטשן. זענען מיר שוין אין דאָרף נישט אַריין, נאָר מיר זענען באַלד אַוועק אין וואַלד אַריין. די מאַמע האָט זיך באַהאַלטן אין אַזאַ הויכן גראָז ביים וואַסער, האָט זיך אויסגעזוכט פאַרשידענע שטעקעלעך און האָט זיך געמאַכט אַזאַ דעכל, אַ ביידל אַזאַ. אָבער וואָס פאַר אַ ווערט האָט דאָס געהאַט? דאָרטן האָט געגאָסן, אַ שניי איז געפאַלן, ס'האָט געהאָגלט. אַלץ איז געווען אויף אונזער קאָפּ. ס'איז געווען קאַלט, נאַס, לייז, הונגער. די מאַמע האָט געמוזט דאָרט זיצן און איך פלעג גיין אין דאָרף אַריין בעטן אַ שטיקל ברויט, אַ קאַרטאָפל, וואָס נישט איז, און ברענגען דאָס דער מאַמען און דעם ברודערל.

אינגיכן האָט דאָס גאַנצע דאָרף געוווּסט, אַז מיר זענען דאָרט, אַפילו אַ צווייט דאָרף האָט זיך דערפון אויך דערוווּסט. צו אונז פלעגן קומען פאַסטוכער, ס'פלעגן אויך קומען קינדער פון דאָרף.

יעדער האָט געזאָגט: „דאָרטן אין וואַלד זיצט עפּעס אַ יידישקע מיט צוויי קינדער". עס זענען דאָרט געווען אויך אַזעלכע גוטע מענטשן, וואָס פלעגן אונז שטילערהייט ברענגען מילך און קאַרטאָפל.

און איינע אַ פאָלקס-דייטשקע איז געווען אַזאַ גוטע, אַז זי האָט מיך מיטגענומען אַהיים אויף „באָזשע נאַראָדזיעניע". מען האָט מיר געגעבן עסן און טרינקען, מען האָט מיך אַוועקגעזעצט ביים טיש גלייך מיט זיי. איך האָב זיך פריער אויסגעוואַשן, אויסגעקעמט די לייז. אַך, ווי גוט ס'איז מיר געווען, איך האָב אָבער געוווּסט, אַז די מאַמע פרירט אין וואַלד. האָב איך זיי געבעטן, אַז זיי זאָלן אויך די מאַמע נעמען — איך בעט שוין נישט אין שטוב אַריין — לכל הפחות אויפן בוידעם אָדער אין שטאַל. זענען זיי איינגעגאַנגען, און די מאַמע מיטן ברודערל האָבן זיך כאָטש אָנגעוואַרעמט.

איך האָב דאַן אינגאַנצן נישט אויסגעזען ווי אַ יידישקע

און געזעדט האָב איך אַזוי אוקראַיניש, אַז קיינער האָט נישט געגלייבט, אַז איך בין אַ יידיש קינד. איך בין עפּעס געווען אַזאַ פּיפּיקע, אַז דאָס בין איך געווען דאָ, דאָס דאָרטן. באמת אַלע האָבן מיך ליב געהאַט. צייטנווייז ווען איך פלעג קריגן עסן, פלעג איך אַליין נישט עסן, נאָר אַוועקטראָגן עס דער מאַמען. וויבאַלד איך האָב געגעסן נעכטן — פלעג איך זיך טראַכטן — מוז איך נישט עסן היינט. אָפּט פלעג איך נישט עסן צוויי און דריי טעג כסדר. און ווען איך פלעג שפּעטער עסן, פלעגט מיר וויי טאָן דער בויך און ער איז געווען געשוואָלן ווי אַ פּאַס. מיינע קישקעס זענען געווען אַזוי אויסגעדאַרט, אַז איך וויים אַליין נישט.

ווען נישט איך וואָלט די מאַמע געשטאָרבן פון הונגער. איך האָב אויסגעהאַלטן זיך אַליין, דער מאַמען און דעם ברודער.

ווען איך פלעג גיין אין דאָרף אַריין, פלעגט מען וואַרפן אויף דער מאַמען שטיינער, מען פלעגט איר צעוואַרפן דאָסביידל, שרייען אויף איר און רופן „זשידוווקאַ". פלעגן מיר זיך כסדר מוזן באַהאַלטן ערגעץ אַנדערש. יעדן צווייטן טאָג פלעגן מיר בייטן אונזער אָרט, כדי מען זאָל נישט וויסן, וווּ מיר געפינען זיך; און יעדעס מאָל פלעגן מיר מוזן מאַכן אַ נײַ ביידל. מער פון אַלעמען פלעגן אונז פאַרפאָלגן די פּאַסטוכער. זיי פלעגן נאָכלויפן נאָך מיר און שלאָגן מיך.

איינמאָל האָט מען מיר אײַנגאַנצן דעם קאָפּ צעהאַקט. — אָט דאָ הינטערן אויער. שפּעטער האָבן זיי זיך גענומען צו מיר און געוואָלט אַרײַנוואַרפן מיך אין טײַך אַרײַן. איך בין זיך אַזוי פּשוט געגאַנגען מיטן וועג, האָבן זיי אָנגעהויבן פאַר־טשעפּען מיך און הויך נאָכשרייען: „קרעציקע זשידוווקע, ווהין גייסטו?" זיי האָבן געוואָלט, אַז איך זאָל זיי זאָגן וווּ מיר באַ־האַלטן זיך. איך האָב זיי דאָס נישט געקענט זאָגן, ווײַל איך האָב מורא געהאַט, אַז זיי וועלן הרגענען דער מאַמען און דאָס ברו־דערל. זענען זיי מיך כסדר נאָכגעגאַנגען און נאָכגעגאַנגען, נאָכגע־וואָרפן שטיינער, נישט געלאָזט מיר אַרײַנגיין אין וואַלד און נאָר געוואָלט אַרײַנוואַרפן מיך אין טײַך אַרײַן.

זיי האָבן מיך דעמאָלט — געדענק איך ווי היינט — שרעקלעך געפּייניקט, העכער אַ שעה. דערנאָך האָבן זיי זיך גע־

כאַפּט, אַז זיי וועלן פון מיר גאָרנישט אַרויסקריגן, אַז איך וועל זיי גאָרנישט זאָגן, מעגן זיי מיך אַפילו הרגענען. האָבן זיי מיך סוף כּל סוף אָפּגעלאָזט און אַוועק, דערביי האָבן זיי ביי מיר צוגענומען אַלץ, וואָס איך האָב אויסגעבעטלט אין דאָרף. דאָס האָב איך געזשאַלעוועט מער פון אַלץ.

די מאַמע האָט זיצנדיק אין איר באַהעלטעניש דער־מאַלט געהערט מיינע געשרייען, ווייל דאָס איז געווען נישט ווייט פון וואַלד, און האָט זיך זייער דערשראָקן. איך האָב אָבער דער מאַמען געזאָגט, אַז זי זאָל קיינמאָל נישט אַרויס פון ביידל, ווייל מען וועט זי באַלד דערקענען. איך פלעג שטענדיק זאָגן דער מאַמען: „איך וועל זיך שוין אַן עצה געבן, האָב פאַר מיר קיין מורא נישט, מאַמע”.

און יענע פרוי די פּאָלקסדייטשקע, וואָס האָט מיך אַוועקגעזעצט ביים טיש, איז געווען צו אונז זייער גוט. זי איז געווען ווי אַ מאַמע. ווען זי פלעגט אונז זען, פלעגט זי וויינען. זי האָט גע־האַט אַ זון אַזאַ, איז ער געווען דער גרעסטער פּאָליציאַנט און ווען ער וויל, וואָלט ער אונז באַלד געקענט דערהרגענען... ער האָט נישט געוווסט, אַז מיר זענען יידן, אָבער זיין מאַמע האָט אים אַלץ געזאָגט. איז ער איינמאָל צו אונז געקומען אין וואַלד אַריין און האָט אונז מיטגעבראַכט קאַרטאָפל און זויערמילך. לכתחילה האָבן מיר זיך זייער דערשראָקן, אָבער דערנאָך האָבן מיר זיך שטאַרק געפרייט. שפּעטער האָט די מאַמע אָנגעהויבן וויינען און בעטן אים, אַז ער זאָל אַוועקטראָגן אַ בריוו צום טאַטן אין לאַגער. איז ער ספּעציעל אַוועקגעפאָרן אין לאַגער אַריין מיטן דאָזיקן בריוו צום טאַטן און האָט אים אויך געבראַכט ברויט.

אָבער ווייסט איר לערערין, וויאַזוי איך האָב זיך דערוווסט, ווו מיין טאַטע איז? די מאַמע האָט געהאַלטן, אַז מסתמא איז ער אין לאַגער. האָב איך געבעטן יענע פּאָלקסדייטשקע, האָט זי מיך מיטגענומען אין פעלד אַריין, כּלומרשט צו גראָבן קאַרטאָפל. און דאָרטן ביי איר פעלד איז געווען אַזאַ מין שטעכל־דראָט און באַלד הינטער דעם איז געווען אַזאַ מיאוס הויז און דאָס איז גע־ווען דער לאַגער.

בין איך אַהין צוגעגאַנגען, זיך אַוועקגעשטעלט ביי די דראָטן

און באַלד דערזען דעם טאַטן. ער האָט עפּעס געגראָבן אין אַ גרוב, געהאַקט שטיינער. האָב איך אַ געשריי געטאָן, אָבער דער טאַטע האָט נישט געקענט אויסריידן קיין וואָרט, ווייל אַרום איז געשטאַנען די אוקראַאינישע פּאָליציי און ס.ס. ער האָט בלויז אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט.

איך בין דאָרט לאַנג געשטאַנען ביי די דראָטן. איך האָב גע־מיינט, אַז דער טאַטע וועט צוגיין, אָבער מען האָט מיך אַוועקגע־טריבן, ווייל מען האָט נישט געטאָרט ריידן, מען האָט אַפילו קוקן נישט געטאָרט. בין איך אַוועקגעגאַנגען.

ווען איך בין געקומען „אַהיים", האָב איך אַלץ דערציילט דער מאַמען. נו, איז וואָס האָבן מיר געקענט טאָן, וואָס?

האָט יענער פּאָליציאַנט אים אַוועקגעטראָגן דאָס צעטעלע. דער טאַטע האָט צוריקגעשריבן, אָבער אַנטלויפן האָט ער נישט גע־קענט. אַפילו צום בית הכסא האָט ער נישט געקענט צוגיין אַליין.

מיר זענען געווען אין יענעם וואַלד שוין זייער לאַנג, האָבן מיר שוין לענגער דאָרט נישט געקענט פאַרבלייבן. זענען מיר אַוועק אין אַן אַנדער דאָרף. לכתחילה זענען מיר געזעסן צווישן די קשאַ־קעס און מורא געהאַט זיך דאָרט צו באַווייזן, ווייל מיר האָבן נאָך יענעם דאָרף נישט געקענט. דערנאָך, ווען מיר זענען שוין געווען זייער הונגעריק, בין איך אַוועק אין דאָרף בעטלען. איך בין אַריינ־געגאַנגען צו איינער אַ פּאָלקע, וועלכע האָט מיך גענומען אויס־פרעגן וועגן אַלץ. פונוואַנען בין איך און צו בין איך אַליין. האָב איך איר געזאָגט, אַז איך בין אַ יידיש קינד פון בוסק און אַז איך בין הונגעריק און דערפרוירן.

רעדנדיק אַזוי, האָב איך דער פּאָלקע אויך דערציילט, אַז איך האָב נאָך אַ מאַמע און אַ ברודער. האָט זי מיר געהייסן אַראָפּצו־ברענגען זיי צו איר. האָב איך זיי שפּעטער מיטגעבראַכט, אָבער ווען מיר זענען צוגעקומען צו איר שטוב, האָט זי פאַרהאַקט די טיר פאַר דער נאָז, האָט אונז אַוועקגעטריבן און גענומען שרייען: „אַוועק פאַרשיווע זשידעס, אַ קדחת וועל איך אייך געבן עסן".

די מאַמע איז דאַן געווען שרעקלעך אויסגעמאַטערט, דער שניי איז געווען ביז די קני און דער פראָסט האָט געברענט. זענען מיר צוריקגעקומען אין וואַלד אַזוי דערפרוירן, אַז איך ווייס נישט.

אויפן וועג זענען צו אונז צוגעקומען דריי יידישע יונגעלייט. דער עלטסטער איז אלט געווען אפשר א יאר 17. זיי האבן גע־האט רוק־זעק און שפייז־זאפאסן אפשר אויף צוויי וואכן. זיי זע־נען פארבליבן מיט אונז, אבער עסן האבן זיי אונז נישט געגעבן. זיי פלעגן אונז געבן אביסל עסן נאר דאן, ווען מיר פלעגן פאר זיי עפעס טאן — ווען די מאמע פלעגט, צום ביישפיל, עפעס אויסוואשן, אדער ווען איך פלעג זיי צוזאמענברענגען שטעקלעך צום ברענען.

די מאמע האט זיך די גאנצע צייט זייער געמוטשעט מיט מיין ברודערל. אויפן קאפ האט ער געהאט אזעלכע שרעקלעכע געשווירן און קרעצלעך, אז עס פלעגט זיך אזש גיסן. אומעטום האט ער געהאט קרעץ און לייז.

ביי מיר זענען אויך געווען קרעץ און לייז און איינער פון יענע יינגלעך האט מיר אפגעשניטן די האר.

געגאנגען בין איך אין אזא דינטשיק קליידעלע און אין קאלעש־לעך. איך ווייס בכלל נישט, וויאזוי, האב איך דאס אלץ אויסגע־האלטן. און מיין מאמע האט טאקע נישט אויסגעהאלטן.

אבער אמערגסטן איז געווען מיט מיין ברודערל — ער איז גע־ווען אזא קלייניקער, ער איז אינגאנצן אלט געווען אנדערהאלבן יאר, און א בויך האט ער געהאט אט אזא גרויסן — גיט נאר א קוק! און פיסעלעך האט ער געהאט דינינקע און קרומע און האט גאר נישט געקענט גיין מיט זיי. ער איז געווען אינגאנצן א געלער און א גרינער און א בלויער. און אלע מאל, אלע מאל, ווען מען פלעגט נאר אויף אים א קוק טאן, פלעגט ער וויינען. מען האט כסדר געדארפט זיצן ארום אים, בארואיקן אים און פארשפילן אים, כדי ער זאל נישט וויינען — ווייל מען וואלט דערהערט. יענער ייד האט נאר געוואלט אים שלאגן.

דעמאלט האבן מיר נישט געהאט צו עסן א גאנצע וואך. מיר האבן נישט געקענט ארויסגיין פון וואלד, ווייל די דייטשן זענען געווען אומעטום. מיר זענען אינגאנצן געווען אפהענגיק פון יענעם יינגל, אז ער זאל אונז געבן כאטש ברעקלעך — אזוי הונגעריק זענען מיר געווען...

האט ער געזאגט צו דער מאמען: — „דערשטיק דאס קינד,

וועסטו האָבן צו עסן". האָט די מאַמע מיך געפרעגט: „דערשטיקן אים?" איך האָב גאָרנישט געענטפערט, ווייל איך האָב גאָרנישט געקענט ריידן. איך, האָב די גאַנצע צייט געוויינט. דאָרטן זענען געווען אַזעלכע גרויסע ביימער אין וואַלד, האָב איך כסדר געהאַקט דעם קאָפּ אָן די ביימער. ביי מיר זענען געווען אַזעלכע גרויסע ביילן, ווי קאַרטאָפל (וויינט), דערווייל זענען יענע יינגלעך אַוועק אָן אַ זייט און זיך עפּעס געשושקעט און געשושקעט...

דאָס ערשטע מאָל האָבן זיי אים געוואָלט דערשטיקן מיט וואַסער. זיי האָבן אים אַוועקגעלייגט אויף דער ערד און אים געגאָסן וואַסער אין מויל אַריין, און אַזוי כסדר און כסדר, אָן אַ סוף. היינט ווער זשע וואָלט דאָס געקענט אויסהאַלטן? (וויינט ווידער). מען האָט אים געהאַלטן דעם מויל, דעם קאָפּ און די פּיס, און ער האָט זיך אַזוי געריסן, אַזוי געקרעכצט... איך קען וועגן דעם גאָרנישט ריידן — עס דוכט זיך מיר, אַז איך געפין זיך ווידער דאָרט, אַז איך זע דאָס ווידער און איך האָב אַזוי מורא... מיין לעבן איז אויך געהאָנגען אויף אַ האָר, ווייל יענער יונגערמאַן האָט כסדר אַריינגעטענהט צו דער מאַמען: „דערשטיק די קינדער! דערשטיק די קינדער, וועט דיר זיין בעסער!" —

אפשר אַ שעה צייט כסדר האָבן זיי אַזוי געמוטשעט דאָס ברודערל, כסדר געמוטשעט און נישט געקענט אים דערווערגן. ביז זיי האָבן אים געלאָזט צורו.

איך וווּנדער זיך בלויז, וויאַזוי האָט עס די מאַמע דאָס אַלץ געקענט אויסהאַלטן? איך געדענק נאָך, וויאַזוי מיין ברודערל האָט געגעסן אַ קאַרטאָפל, האָט יענער יינגל צוגענומען און געזאָגט: „וועסט דערנאָך עסן!" און מען האָט אים ווידער גענומען שטיקן... איך האָב געהאַט אַזאַ ווייסע טוך, וואָס איינע אַ פּאָלקע האָט מיר געגעבן. האָט איין יינגל געהאַלטן מיטן גאַנצן כוח ביים קינד די נאָז — ער זאָל נישט קענען אָטעמען, און דער צווייטער האָט פונם טיכל געמאַכט אַ קנויל און אַריינגעשטופּט טיף אין האַלז אַריין. היינט ווי קען מען דאָס אויסהאַלטן? — די מאַמע איז געזעסן צופוסנס און געשלאָגן זיך קאָפּ אין בוים.

גאָט, ווי שרעקלעך דאָס איז געווען!...

איך קען דאָס נישט פאַרגעסן.

דערנאָך זענען די דאָזיקע יונגעלייט נאָך געווען אַ געוויסע צייט מיט אונז, און ווען זיי האָבן דערהערט, אַז די סאָוויעטן דערנענטערן זיך, זענען זיי אַוועק.

איך בין פאַרבליבן מיט דער מאַמען און ביי אַ חודש אַן ערד זענען מיר אַרומגעגאַנגען צוזאַמען. די מאַמע האָט זייער זעלטן גערעדט וועגן דעם ברודערל.

אַריבער עטלעכע וואָכן, האָבן מיר געפונען אַ נייעם גוטן בונקער, וווּ עס זענען געווען אַ סך יידן. זענען מיר צוגעשטאַנען צו זיי. די מאַמע און איך האָבן געהיטן דעם בונקער, און זיי פלעגן גיין נאָך עסן. אין יענעם בונקער זענען געווען כמעט נאָר יונגעלייט. דערנאָך זענען זיי אַוועק און מיר זענען פאַרבליבן אַליין.

ס'איז געווען אַ שרעקלעכער ווינט און זייער קאַלט. די מאַמע איז געווען עפּעס אַזוי טרויעריק און מיד. זי האָט זיך אַוועקגעלייגט און געווען ווייס ווי שניי. זי האָט זיך עפּעס אַזוי מאָדנע צונויפגעקורטשעט און געשטאָרבן.

די ערשטע עטלעכע טעג האָב איך וועגן דעם גאָר נישט געוווּסט. איך האָב די גאַנצע צייט געשטויסן דער מאַמען, אַז זי זאָל אויפשטיין, ווייל איך האָב איר געוואָלט געבן אַ ציגל, אַז זי זאָל זיך אָנוואַרעמען. איך האָב געזען, אַז זי איז אַזוי בלייך, האָב איך בכיוון פונאַנדערגעלייגט אַ פייער און אָנגעוואַרימט אַ ציגל. אָבער זי האָט זיך נישט גערירט. זי איז געלעגן שטיל, די אויגן געהאַלטן אָפן און געקוקט אַרויף. איך האָב דעמאָלט אַזוי מורא געהאַט...

איך בין די גאַנצע צייט געזעסן לעבן דער מאַמען און געלויזט איר קאָפּ. איך האָב געמיינט, אַז די מאַמע שלאָפט אַזוי לאַנג... איך בין געלעגן אַרום דער מאַמען און געשלאָפן מיט איר דריי מעת־לעת. קיינער איז נישט געווען — מען האָט נאָר געהערט שיסן און אַזאַ האַקן, אַז דער גאַנצער בונקער האָט זיך געטרייסלט. איך בין געווען עפּעס אַזוי איינזאַם מיט דער מאַמען, און די מאַמע האָט זיך צו מיר נישט אָפּגערופן. איך האָב אַזוי מורא געהאַט...

דערנאָך האָב איך דערזען איינעם אַ פּאָליאַק, וואָס האָט גע־

קליבן שפּענדלעך. האָב איך אים געפרעגט: „ווייסט איר נישט, ווו זענען די ייִדן?" האָט ער מיר געענטפערט: „גאָט, זיצסטו נאָך דאָ? אַלע ייִדן זענען דאָך אַנטלאָפן צו די סאָוויעטן, ווייל זיי זענען שוין נאָנט".

ער איז אַריין אין בונקער און באַלד געפרעגט: „ווו איז דיין מאַמע?" — ווייל ער האָט געוווּסט, אַז איך בין געווען מיט דער מאַמען. זאָג איך צו אים: „די מאַמע שלאָפט". האָט ער אַ קוק געטאָן אויף דער מאַמען און געזאָגט: „ניין, קינד מיינס, דיין מאַמע שלאָפט נישט, דיין מאַמע איז געשטאָרבן".

איך האָב צונויפגענומען אַלע שמאַטעס, וואָס זענען געווען אין בונקער און געבעטן דעם פּאָליאַק אונטערצוהויבן דער מאַמען. איך האָב איר אונטערגעלייגט די שמאַטעס, אַז עס זאָל איר זיין ווייכער צו ליגן. דערנאָך האָב איך זי צוגעדעקט מיט שטרוי און אַנדערע זאַכן, פאַרמאַכט די טיר פון בונקער און אַוועק.

איך בין אַוועק אין אַ דאָרף צו איינער אַ פּאָלקע. און זיך גוט ביי איר אויסגעוואַשן און אויסגעקעמט. זי האָט מיר אָפּגעשאָרן די האָר ווי אַ ייִנגל. נעגל האָב איך געהאַט אַזעלכע לאַנגע, ווי אַ פערד...

איך בין ביי איר אָפּגעווען ביי אַ חודש. דערנאָך האָב איך געהערט, אַז די סאָוויעטן זענען שוין זייער נאָנט. האָב איך געבעטן יענע פּאָלקע, אַז זי זאָל מיך אַוועקפירן קיין בוסק, ווייל איך האָב קיין כוח נישט געהאַט גיין צופוס. האָט זי איינגעשפּאַנט אַ פערד און מיך אַוועקגעפירט. ווען מיר זענען געקומען קיין בוסק, זענען די סאָוויעטן שוין דאָרט געווען.

דאָרטן איז געווען אַזאַ מין הויז, ווו מען האָט צונויפגעקליבן יתומים, האָט זי מיך אַהין אַוועקגעגעבן און איך האָב איר האַר־ציק באַדאַנקט.

דאָרטן איז געווען שלעכט — מיר האָבן נישט געהאַט וואָס צו עסן און מיר האָבן געמוזט גיין צו פּאָליאַקן בעטן אַ שטיקל ברויט.

איך האָב זיך דאָרטן נאָכגעפרעגט, צי האָט עמיצער נישט געזען מיין פעטער, מיין מאַמעס קוזין. ער איז געווען אַ קונסט־שניידער. אונזער הויז איז געווען פאַרברענט. איך האָב געזוכט אויף די חור־

בות די פאָטאָגראַפיעס פון דעם טאַטן און דער מאַמען, אָבער איך האָב גאָרנישט נישט געפונען.

איידער מיר זענען נאָך אַוועק אין וואַלד, האָט מיר די מאַמע אויפגעגנייט אַזאַ זעקעלע אויפן האַלז, און אין אים האָב איך געהאַט אַלע אַדרעסן פון דער פאַמיליע און די דאַטע פון מיין געבוירן — בכלל אַלץ. דערנאָך, ווען איך בין געשלאָפן ביי איינער אַ פּאָלקע אין שטאַל, האָט זיך מיר דאָס זעקעלע אָפּגעריסן. איך האָב אים פאַרלוירן און מער נישט געקענט געפינען. גאָט, ווי איך האָב געוויינט. אַזויווי נאָך דער מאַמען, — ווייל ווען איך האָב איצט אַלע אַדרעסן, וואָלט איך שוין לאַנג געווען אין ארץ ישראל אָדער אין אַמעריקע. — זאָגט מיר לערערין, וואָס וועל איך איצט טאָן, אַז איך ווייס נישט, ווען איך בין געבוירן געוואָרן?

אין בוסק בין איך דאָן געווען צוויי וואָכן. דערנאָך בין איך אַוועקגעפאָרן אין אַן אינטערנאַט אין לעמבערג. דער דאָזיקער אינטערנאַט איז געווען אויף זאַדוויזשאַנסקאַ גאַס נומער 5. דערנאָך בין איך געווען אין אַ שפּיטאָל אויף דלוגע נומער 42 גאַנצע דריי חדשים. איך בין געווען קראַנק אויף די לונגען. אין דעם דאָזיקן שפּיטאָל האָבן מיר כסדר געהונגערט. מיר פלעגן זיך אַרויסגנבענען און עסן גרינע פלוימען, כאָטש מען האָט נישט געטאָרט. מיר זענען אָבער געווען הונגעריק ווי וועלף.

דערנאָך האָט מען מיך אַריבערגעטראָגן אין אַ צווייט הויז. דאָרטן איז שוין געווען בעסער, מיר האָבן געהאַט קי, חזירים און אַ זייער גרויסן גאָרטן, האָב איך זיך דאָרט פאַפּראַוועט.

איך האָב אויך אָפּגעזוכט יענעם פעטער מיינעם: ער איז געווען אין דייטשלאַנד און פאַר דעם איז ער געווען אין דער פּאַרטיזאַנקע. דער פעטער האָט מיך דריי מאָל באַזוכט און האָט מיר געבראַכט אַזעלכע גוטע פרוכטן, וואָס איך האָב געגעסן דאָס ערשטע מאָל אין לעבן. איינמאָל האָט ער מיר געבראַכט 500 זלאָטים אָבער מער איז ער צו מיר נישט געקומען און איצט ווייס איך נישט ווו ער איז.

דערנאָך האָט דער לעמבערגער יידישער קאָמיטעט צונויפגעזאַמלט אַלע קינדער פון לעמבערג און זיי אַריבערגעשיקט קיין קראָקע. זענען מיר אַוועקגעפאָרן די ערשטע.

דערנאָך בין איך געווען אין אַן אינטערנאַט אין קראָקע. איך האָב שרעקלעך נישט געוואָלט פֿאָרן קיין זאַקאָפּאַנע, ווייל איך האָב זיך צוגעבונדן צו קראָקע. די פֿרוי דאָקטאָר האָט מיך אַזוי צוגע־רעדט, אַז דאָרטן זענען אַזעלכע שיינע בערג, אַז דאָרטן זאָרגט אַזוי די פֿאַרוואַלטערין פֿאַר די קינדער — דאָרטן איז פֿיל בעסער ווי אין קראָקע. געוואָלט האָב איך נישט, אָבער איך האָב גע־מוזט פֿאָרן, ווייל איך בין געווען קראַנק אויף די לונגען.

איך בין דאָרט געווען נישט אַרטיק. אין די אוקראַינישע אינ־טערנאַטן איז געווען זייער שלעכט, — אין איינעם און אין דעם צווייטן. די יינגלעך האָבן זיך דאָרט געשלאָגן מיט מעסערס. זיי פֿלעגן גנבענען פֿאַרשיידענע קעגנשטאַנדן און פֿאַרקויפֿן אויפֿן באַ־זאַר. גאָט מיינער, וואָס פֿאַראַ געמיינע ווערטער מען האָט מיך דאָרט אויסגעלערנט! וואָס די יינגלעך האָבן עס דאָרטן אָפּגעאַר־בעט מיט די מיידלעך... קיינער איז דאָרט נישט געווען אינטע־ליגענט.

איינמאָל זענען מיר אַלע אַוועק צו דער פֿאַרוואַלטערין מיט אַ דעלעגאַציע און געפֿרעגט, צי זענען די דערציערינס דערויף, אַז מען זאָל אונז דערציען, אָדער אַז מען זאָל אונז נאָך ערגער מאַכן?

ווען איך בין געקומען קיין קראָקע, בין איך געווען זייער נישט אַרטיק און צעטראָגן.

און אין זאַקאָפּאַנע פֿלעג איך שטענדיק זאָגן: „איך וויל נישט!" וואָס מען זאָל מיר דאָרט נישט הייסן טאָן, פֿלעג איך ענטפֿערן: „איך וויל נישט!" איך פֿלעג זיך בריקען. איך פֿלעג וויינען, כ'בין געווען שלעכט. וואָס פֿאַר אַ געמיינע רייד איך פֿלעג דאָס ריידן! און בכלל האָב איך קיינעם נישט געוואָלט פֿאָלגן, ווייל איך פֿלעג זיך זאָגן: „צוואָס?"

אָבער איצט בין איך שוין נישט אַזאַ. איך זאָג שוין קיינמאָל נישט „איך וויל נישט!"... איך ווייס אַליין נישט, וויאַזוי איך האָב זיך אויסגעבעסערט — אפֿשר קוקנדיק אויף אַנדערע קינדער? איך ווייס נישט, צי איך האָב זיך אויף אַן אמת פֿאַרבעסערט. איך פֿאַרשטיי זיך אַליין נישט...

# באַמערקונגען וועגן רוזשע מעלזאַק

געשיקט האָט זי צו מיר די דאָקטאָרין פונם האַלב-אינטערנאַט אין קראָקע מיט די ווערטער: „מיר האָבן זיך שוין מיט איר געפייניקט — פייניקט זיך איצט איר אַביסל".

איך האָב זי אויפגענומען אָן שוועריקייטן. איך האָב נישט געזען קיין סיבה, פאַרוואָס מיר זאָלן זיך מיט איר נישט פייניקן.

ווען אַ מוטער האָט אַ שווער קינד אָדער אַ קינד אַ בעל מום — צי דען פייניקט זי זיך מיט אים נישט?

צי דען עקזיסטירן מיר נישט דערויף, אַז מיר זאָלן אַזעלכע קינדער אויסבעסערן?

מיר האָבן זי, ווי געזאָגט, אויפגענומען און מיר האָבן זיך ווירקלעך אָנגעהויבן פייניקן.

רוזשיע מעלזאַק איז גייסטיק געווען אַ שטאַרק צוריקגעשטאַנען קינד. זי האָט נישט געדענקט ווי אַלט זי איז, נישט געוווסט ווען זי איז געבוירן, נישט געקענט נישט לייענען, נישט שרייבן; נישט געקענט לענגער קאָנצענטרירן איר אויפמערקזאַמקייט אויף וואָס עס זאָל נישט זיין; נישט געקענט אײנהאַלטן אין זכרון אירע ידיעות. וואָס זי זאָל זיך נישט האָבן אויסגעלערנט אין דער שול איין טאָג, פלעגט זי דאָס באַלד דעם צווייטן טאָג פאַרגעסן.

אַן אויסזען האָט זי געהאַט פון אַ יאָר 13.

איר געזונט-צושטאַנד איז געווען אַ פּאַטאַלער. זי האָט געהאַט באַדראָטע לונגען; געווען הויך, בלייך און זייער דאַר. די האָר זענען ביי איר געווען קורץ געשוירן נאָך אַ פריש אַנטלויזן דעם קאָפּ.

די הויט אויפן גאַנצן קערפּער איז געווען באַדעקט מיט געשווירן און שפּורן פון קרעץ.

אירע אויגן זענען אַרומגעפלויגן אומרויק און נישט זיכער. זי איז געווען שרעקלעך ווילד, פאַרעקשנט און נישט געהאָרכזאַם. זי האָט כסדר אַרויסגערופן אַוואַנטורעס, קיינעם נישט געוואָלט פאָלגן, נישט אונטערגעבן זיך קיין שום דיסציפּלין. אויף יעדן פאָרשלאַג, מעג דאָס געזאָגט ווערן אין אַ שאַרפער אָדער אַ מילדער פאָרם, האָט זי געהאַט איין תשובה: „מיר ווילט זיך נישט".

זי פלעגט זיך אָפּט אַריינגנבענען אין דער קיך און אויפעסן די שפּייז, וואָס איז געווען באַשטימט פאַר אַנדערע קינדער. דאַקעגן פלעגט זי ביים טיש נישט וועלן עסן. פאַרבייגיין שפּייז און נישט אַ ריר טון, דאָס האָט זי נישט געקענט.

זי פלעגט זיך באַנוצן מיט די געמיינסטע ווערטער, הגם זי האָט נישט פאַרשטאַנען זייער באַדייטונג.

די מינדסטע סיבה פלעגט ביי איר אַרויסרופן אַטאַקעס פון משוגעת, בעת וועלכע זי פלעגט האַקן קאָפּ אין וואַנט און מען פלעגט איר נישט קענען באַרויקן. זי האָט זיך געקענט אַוועקזעצן אין זאַקאָפּאַנע אינמיטן אַ פאַרשנייטן שאָסיי, ווו עס פלעגן אָן אויפהער אַרומפאָרן אויטאָס און האָט זיך גאַנצע שעהן נישט גערירט פון אָרט. זי האָט געמאַכט דעם איינדרוק פון אַן אומנאָרמאַל קינד.

אַזאַ איז רוזשיע מעלזאַק געווען ווען זי איז אָנגעקומען צו אונז.

אַ וועלכע איז זי הײַנט, נאָכן אָפּזײַן בײַ אונדז צוויי יאָר?

זי איז נאָך נישט אַזאַ ווי אַלע קינדער — זי איז ווײַטער גײַסטיק אָפּגעשטאַנען. איר אינטעליגענץ און ידיעות־אומפאַנג אין דער שול אַנטשפּרעכט דעם ניוואָ פון אַ ניין־יעריק קינד.

דאָך האָט זי זיך אויסגעלערנט לייענען און שרײַבן, די כפל־טאַבעלע, אַביסל העברעיש, נאַטורוויסנשאַפט, געאָגראַפיע און אַנדערע שול־קענטשאַפטן. זי האָט זיך אויסגעלערנט אַביסל נייען, אָפּהיטן ריינקייט, אַרבעטן אין קיך.

זי האָט זיך צוגעפּאַסט צו דער אָרדנונג אין הויז און צו אַנדערע קינדער. זי האָט באַקומען צוטרוי צו מענטשן און האָט זיך צו אייביקע צוגעבונדן. אירע נערוון האָבן זיך באַרויקט, זי האָט אויפגעהערט צו ענטפערן „איך וויל נישט"; האָט זיך אויסגעלערנט צו זײַן דאַנקבאַר.

זי איז געוואָרן לעבעדיקער און געזונטער.

זי האָט די אַמביציע, — הגם נישט אַלעמאָל גענוג שטאַרקן ווילן און אויסגעהאַלטנקייט — אויסצוגלײַכן זיך מיט אַנדערע קינדער אין לערנען.

מיר האָבן זי אין אַן אַנדער אַנשטאַלט נישט אַוועקגעגעבן, ווײַל מען דאַרף ווירקלעך האָבן פיל עקשנות, איבערגעגעבנקייט און ליבשאַפט, בדי צו אַרבעטן איבער איר.

זי אַנטוויקלט זיך ווײַטער לאַנגזאַם. איר צוקונפט פאָדערט נאָך ווײַטער פיל געדולד און אויסדויער אין דער אַרבעט.

# וואָס דערציילט נתן שאַכט

געבוירן דעם 5טן יולי 1931 אין לעמבערג
(אין מאָמענט פונם שמועס 14 יאָר אַלט)



מיין טאַטע איז געווען אַ בעל עגלה און איך האָב ליב געהאַט פערד. מיין עלטסטער ברודער האָט זיך געלערנט פאַר אַ שניידער. די איבעריקע האָבן זיך אויך געלערנט און געהאָלפן אין שטוב. געוווינט האָבן מיר אין לעמבערג. געגאַנגען איז אונדז גוט. איך בין געווען דער ייננגסטער פון אַלעמען. איך האָב געענדיקט דריי קלאַסן — איינעם אַ פּוילישן נאָך פאַרן קריג, און צוויי רוסישע — אין דער צייט פון דער רוסישער אָקופּאַציע.

ווען די דייטשן זענען אַריין קיין לעמבערג, האָבן זיי באַלד געמאַכט אַ פּאָגראָם. זיי פלעגן כאַפּן יידן אויף דער גאַס און פּייניקן זיי ביז טויט.

זיי האָבן דאָן צוגענומען מיין עלטערן ברודער פון דער גאַס און מיר האָבן נישט געוווּסט, וואָס מיט אים איז געשען.

איך בין אַרויסגעגאַנגען זוכן דעם ברודער. מיר איז שוין גע

ווען אַלץ איינס. איך האָב קיין מורא נישט געהאַט. מיר איז גע־
ווען זייער טרויעריק. איך האָב זייער געוואָלט געפינען דעם ברו־
דער. דאָס איז געווען אונזער עלטסטער ברודער און מיר האָבן
אים זייער ליב געהאַט.

איך האָב נישט געקענט פאָלגן דעם טאַטן, איך האָב זיך נישט
געקענט באַהאַלטן, ווייל איך האָב געמיינט, אַז איך וועל געפינען
דעם ברודער.

איך בין געגאַנגען מיט דער זשולקעווסקע גאַס און געזען ווי
מען טרייבט יידן. די יידן זענען געווען זייער דערשראָקן. זיי
האָבן שרעקלעך מורא געהאַט. איינער האָט געפרעגט דעם צווייטן:
וואָס וועט זיין? וואָס וועט זיין? וואָס וועט מען מיט אונדז מאַכן?
דאָרט זענען געווען מענער און פרויען, עלעגאַנטע און אָרימע,
אַפילו קליינע קינדער זענען געווען. מען האָט זיי געבאַפּט צופעליק
ביים גיין אין גאַס — קיינער האָט זיך גאָרנישט געריכט...

דאָס איז געווען אויפן צווייטן טאָג נאָכן פאַרנעמען לעמבערג.
די דייטשן האָבן פונאַנדערגעקלעפּט אַפישן, אַז יעדערער זאָל רו־
איק צוריקגיין צו דער אַרבעט, זענען מענטשן צוריקגעגאַנגען. דער־
ווייל האָבן זיי די אוקראַינער געכאַפּט. מען האָט אויסגעקליבן די
יידן און די יידישע פרויען און באַלד פאַרשפּאַרט. די יידן האָבן
זיך געריסן, זיי האָבן אַלע געוואָלט צוריקגיין צו דער אַרבעט, זיי
האָבן זיך געבעטן: געפּרוווט איבערצייגן, אַז מען וואַרט אויף זיי.
אָבער די אוקראַינער האָבן געלאַכט פון זיי. זיי האָבן געהאַט
פאַרקאַשערטע אַרבל, פּעטש זיי צוגעהאַלטן און געשריען: „האָב
קיין מורא נישט, וועסט צוריקגיין. מען וועט וואַרטן אויף דיר,
מען וועט וואַרטן".

דערנאָך האָבן זיי גענומען אייזערנע שטאַבעס און אָנגעהויבן
האַקן — מיט דער גאַנצער קראַפט, נישט קוקנדיק וווהין. מענטשן
האָבן אַזוי געשריען, זיך געבעטן.

אַמאָומגליקלעכסטן זענען געווען די פרויען. זיי האָבן גאָר נישט
געהאַט קיין כוחות דאָס אויסצוהאַלטן.

פון די מענער האָט אויך קנאַפּ ווער אויסגעהאַלטן.

מען האָט געשלאָגן און געפּייניקט ביז טויט. די דייטשן האָבן
בלויז געקוקט און געזאָגט: „אָט־דעם שלאָג און אָט־דעם שלאָג,

אזוי גיב אים, אזוי מאַך עס" — און די אוקראַינער פּלעגן אויס־פירן.

די מענטשן אויף דער גאַס האָבן געזאָגט, אַז ס'איז געקומען אַ גערעכטע שטראָף אויף די זשידעס — אַז זיי האָבן צו לאַנג רעגירט, אַז זיי פלעגן הרגענען פּאַליאַקן אין די תפיסות.

מען האָט געפונען אַ סך טויטע קערפּערס אין די סאָוויעטישע תפיסות — האָבן זיי געזאָגט, אַז די יידן האָבן דאָס געטון.

איך בין געגאַנגען אין גאַס און דאָס אַלץ צוגעזען. איך האָב געזוכט מיין ברודער, אָבער איך האָב אים נישט געקענט געפינען. איך בין געגאַנגען ווייט, ווייט. איך בין דורכגעגאַנגען די גאַנצע שטאָט. אומעטום דאָס זעלבע. אויף יעדער גאַס האָט מען אַזוי געשלאָגן.

איין פרוי, וואָס איז געשטאַנען אַרום מיר און זיך צוגעקוקט, — האָט פון קוקן אַליין געחלשט. קיינער האָט איר גאָרנישט גע־טון — מען האָט איר קיין קלאַפּ נישט געגעבן...

איך בין צוגעגאַנגען ביז צו דער ראַמפּע — ווייטער האָט מען שוין נישט געקענט גיין.

איך בין צוריקגעקומען אַהיים — איך האָב אָבער גאָרנישט גע־זאָגט, וואָס איך האָב געזען.

אַזוי האָט מען געקאַטעוועט אויף די גאַסן גאַנצע דריי טעג און קיין איין ייד האָט נישט געוואַגט אַרויסצוגיין פון זיין באַהעלטע־ניש. מיין ברודער איז מער שוין נישט צוריקגעקומען.

אין צוויי וואָכן אַרום האָט מען אונדז אַלעמען צוגענומען פון שטוב. דאָס איז געווען אַן אַקציע.

מיט מיר צוזאַמען איז געווען נאָך אַ ברודער, אַ שוועס־טער, דער טאַטע און די מאַמע.

מען האָט אונדז פאַרטריבן אויף עפּעס אַ פּלאַץ און דאָרט האָבן מיר געמוזט זיצן אונטער אַ וואַך. געהיטן האָט אונדז אַ געסטאַ־פּאָוויעץ מיט אַ ביקס און פיל באַוואָפנטע אוקראַינער.

דאָרט זענען שוין געווען אַרום 200 יידן. זיי זענען געזעסן און געשוויגן.

צווישן זיי זענען אַרומגעגאַנגען די אוקראַינער. זיי פלעגן צו־

גיין צו מענטשן און סתם פייניקן. ווען זיי האָבן געוואָלט, האָבן זיי דערשאָסן. — זיי האָבן זיך געשפּילט.

יעדער האָט געציטערט און געפּלאָטערט. ער האָט נישט געוווסט, וואָס מען וועט מיט אים דאָ טון.

מיר האָט איין אוקראַינער אַ האַק געטון מיט אַ ביקס איבער דער האַנט אַזוי אַז ס'איז מיר שוואַרץ געוואָרן פאַר די אויגן. איך האָב געמיינט, אַז ער האָט מיר זי צעבראָכן. צוויי וואָכן כסדר האָב איך זיך נישט געקענט צורירן. דערנאָך האָט זי מיר נאָך לאַנג וויי געטאָן. איך האָב דאָן גאָרנישט נישט געטון. איך בין געזעסן רואיק, אַזוויי מען האָט געהייסן.

ער איז צוגעגאַנגען צו מיר פון דער זייט און אומגעריכט מיר אָראָפּגעלאָזט אַ כמאַל.

איינעם האָט מען אַזוי געשלאָגן מיט אַ שטעקן איבערן קאָפּ, אַז מען האָט אים צעהאַקט דעם שאַרבן. דאָן האָט ער זיך איבער־געדרייט און געלעגן ווי אַ טויטער. דערנאָך האָט מען אים ערגעץ אַרויסגעטראָגן.

ווען מען האָט שוין צונויפגעטריבן אַ סך מענטשן, האָט מען געבראַכט לאַסט־אויטאָס און מען האָט אונדז אַוועקגעפירט.

אויף איין אויטאָ האָט מען אָנגעלאָדן בלויז אַלטע לייט. אין אַן אַנדערן זענען געווען קינדער, פרויען א. א. וו. איך בין געפאָרן אין צווייטן אויטאָ מיט קינדער. מיר זענען דורכגעפאָרן איבער עפּעס אַ גרויסן פּלאַץ ביי דער זאַמאַרטינאַוווסקע גאַס. דאָרטן איז געווען אַ שרעקלעך געדראַנג. איך ווייס נישט וואָס אַזוינס דאָרטן איז פאָרגעקומען, וואָס אַזויפיל מענטשן האָבן זיך צוגעקוקט. אפשר האָט מען דאָרט געפייניקט יידן. די אויטאָס זענען געפאָרן זייער לאַנגזאַם, ווייל מען האָט זיך נישט געקענט דורכשלאָגן דורכן המון.

איך האָב זיך דערמיט באַנוצט און אַרויסגעשפּרונגען פון אויטאָ.

אויך מיין ברודער האָט געוואָלט אַרויסשפּרינגען, ער האָט אָבער נישט געקענט, ווייל ער איז געווען פון פאָרנט, און לעבן אים איז געשטאַנען אַן אוקראַינער. די שוועסטער האָב איך גע־שטויסן, אַז זי זאָל אַרויסשפּרינגען, האָט זי מורא געהאַט.

מיינע עלטערן זענען אַוועקגעפאָרן מיטן ערשטן אויטאָ פון די

דערוואַקסענע און דער אויטאָ איז נעלם געוואָרן פון מײַנע אויגן.

איך בין געגאַנגען מיטן גאַנצן המון און זיך נישט אַרומגעקוקט. איך האָב נישט געוווּסט, צי מען האָט באַמערקט מײַן אַנטלויפן צי נישט.

אָבער מיר איז געווען אַלץ אייגס. איך האָב זיך אַליין געזאָגט: אָדער מען וועט מיך דערשיסן, אָדער איך וועל אַנטלויפן. איך האָב געוווּסט, אַז סײַ ווי סײַ גייען אַלע אויף טויט.

די אויטאָס זענען געפאָרן אויף „פּיאַסקי"(1) און פון דאָרטן איז קיינער נישט צוריקגעקומען.

איך האָב באַשלאָסן בעסער צו ריזיקירן איידער לאָזן זיך זיי זאָלן מיך אומברענגען.

ווען כ'האָב דאַן אַ רעוואָלווער אַזויווי כ'האָב שפּעטער געהאַט אין וואַלד וואָלט איך זיי געוויזן! זיי וואָלטן מיך אַזוי לײַכט נישט גענומען. אַ ניין! איך וואָלט זיי זיכער דעם קאָפּ צוהאַקט, איידער זיי וואָלטן מיך גענומען. — מערדער! זיי זענען געווען שטאַרק בלויז בײַ שוואַכע קינדער און זקנים, ווען ייִדן זענען געווען שוואַך. אַזוי זענען זיי אָבער געווען פּחדנים.

דערנאָך בין איך אַוועק צו אײנעם, וועלכער האָט געהאַט לעבן אונדז אַ האָלץ־סקלאַד — ער האָט געהייסן וויניאַרסקי. מײַן טאַטע האָט אים גוט געקענט, ווײַל ער איז געווען אונדזער שכן.

איך האָב געוואָלט פאַרבלײַבן בײַ אים אַ פּאָר טעג, כדי צו טרעפן זיך מיט מײַן פעטער, וועלכער האָט זיך אויסבאַהאַלטן בײַ אײנעם אַן אוקראַינער.

אָבער וויניאַרסקי האָט נישט מסכים געווען. ער האָט געזאָגט, אַז ער האָט מורא.

נו, בין איך אַוועקגעגאַנגען, ווײַל וואָס אַנדערש האָב איך דען געקענט טון?

אונדזער וווינונג איז שוין געווען אויסגערויבט. מען האָט אַרויסגעטראָגן ביז אַ ברעקל, אַפילו די פּערעגעס און די מעבל.

אין משך פון איין האַלבער שעה איז דאָרט קיין פּאַדעם נישט געבליבן.

איך האָב דעריבער נישט געהאַט וואָס אַרײַנצוגיין אַהין.

(1) דאָס אָרט, וווּ מען האָט פאַרברענט דעם רוב פון לעמבערגער ייִדן.

בין איך אזוי ארומגעגאנגען ביז אזייגער צוויי ביינאכט. דער־נאך בין איך אריין צו איינעם א פויער אין כאטע און האב אים געבעטן, אז ער זאל מיר לאזן איבערנעכטיקן — האט ער נישט געוואלט. ער האט מורא געהאט. „האסט נישט קיין פאפירן" — האט ער געזאגט.

בין איך אוועק ווייטער מיטן וואלד, איינער אליין ביינאכט.

איך האב נישט מורא געהאט כאטש איך בין אלט געווען אינ־גאנצן 10 יאר.

איך בין שוין דעמאלט געווען אזא, אז איך האב פאר קיינעם קיין מורא נישט געהאט. דאס לעבן איז מיר ווייניק וואס אנגע־גאנגען.

ווען איך בין געגאנגען דורך קאמיאנקע, האב איך געזען ווי מען בויט א געטא. אין אלע יידישע הייזער זענען די שויבן געווען אויסגעהאקט. אלץ איז געווען אויסגערויבט.

די יידן האט מען ארויסגעפירט אויף אויטאס און פורן. די פוי־ערים האבן געמוזט געבן פורן און זענען דערפאר געווען זייער בייז.

די יידן האבן קיין זאך נישט געטארט נעמען מיט זיך. זיי זע־נען געזעסן צוזאמענגעפרעסט אין די וואגנס. די מאמעס, ארומ־געוויקלט אין פאטשיילעס, האבן געהאלטן אויף די הענט קליינע קינדער. די אלטע לייט האבן זיך קוים געשלעפט. די בערד זענען ביי זיי געווען ארומגעוויקלט מיט פאטשיילעס, — די ציין טוען זיי כלומרשט וויי — ווייל זיי האבן מורא געהאט, אז די אוקרא־ינער וועלן זיי אויסרייסן די האר פון די בערד.

מיך האט מען נישט פארטשעפעט.

איך האב געפונען אין קעשענע 10 זלאטים. בין איך אוועק אויף א באן־סטאציע און זיך געקויפט א בילעט קיין ראדזשעכאוו.

איך האב נישט געוווסט, וווהין איך זאל פארן, אבער מיר איז געווען אלץ איינס וווהין.

איך האב געמיינט, אפשר וועט דארטן זיין בעסער, רואיקער: אז די דייטשן פירן זיך דארט נישט אויף אזוווי אין לעמבערג.

געקומען אהין, האט זיך ארויסגעוויזן, אז דארטן איז נאך ערגער. מען פלעגט דארטן כאפן און שיסן אויפן ארט. מען האט פשוט זיך נישט געקענט ווייזן אין גאס, אזוי האט מען געשאסן.

בין איך אוועק ווייטער — אין דאָרף ניעמיטאָוו, 25 קילאָמע־טער פון ראַדזשעכאָוו.

איך וועל גיין, האָב איך זיך געטראַכט, צו אַ פּויער אַלס פּאַ־ראָבאָק און וועל ביי אים אַרבעטן. אַרומגיין ביי פערד האָב איך געקענט און דאָס איבעריקע וועל איך זיך אויסלערנען.

אָבער איך האָב נישט געהאַט קיין פּאַפּירן. בין איך דעריבער פריער אַוועק צו אַ סאָלטיס און האָב אים געזאָגט, אַז איך הייס קאַמאַרניצקי יאַנעק; אַז איך האָב קיינעם נישט, ווייל מען האָט מיינע עלטערן צוגענומען קיין דייטשלאַנד אויף אַרבעט; אַז איך וויל אַרבעטן, אָבער איך האָב נישט קיין פּאַפּירן, ווייל די על־טערן האָבן מיר נישט איבערגעלאָזן. איך האָב אים געזאָגט, אַז איך שטאַם פון לעמבערג.

האָט ער לכתחילה גענומען אַביסל אויספרעגן, אָבער דערנאָך האָט ער מיר אויסגעשריבן אַ פּאַפּיר און צוגעלייגט אַ שטעמפּל.

מיט דער דאָזיקער באַשטעטיקונג בין איך אַוועק צו איינעם אַ פּויער, אַ פּאָליאַק, און כ'האָב אים געפרעגט צי דאַרף ער נישט אַ יינגל צו דער אַרבעט.

האָט ער מיך צוגענומען.

אַ ווירטשאַפט האָט ער געהאַט אַ נישקשהדיקע: 35 מאָרג פעלד, אַ קו, אַ פּאָר פערד, קרוליקעס און הינער. די ערד איז געווען גוט.

ער האָט געהאַט זיין אייגן ברויט, קאַרטאָפל און מילך. ער איז אָבער געווען אַ גרויסער שיכור. ווען ער פלעגט זיך אָנטרינקען, פלעגט ער דריי טעג כסדר נישט קומען אַהיים. אָדער ער פלעגט קומען און זינגען, יעדן איינעם פאַרטשעפּען און שלאָגן די פּי זע־נען געווען הפקר. אַמבעסטן פלעגט זיין, ווען ער פלעגט זיך פאַר־קלייבן אין אַ ווינקל און כראַפּען. יעדע וואָך פלעגט ער טרייבן בראָנפן פון קאָרן און באַלד עס פאַרקויפן, ווייל בראָנפן איז גע־ווען טייער. ער פלעגט אָבער ווייניק־וואָס פאַרקויפן — מערסטנ־טייל האָט ער עס אַליין אויסגעטרונקען.

געווען איז ער אינגאַנצן אַליין — קיין פאַמיליע האָט ער נישט געהאַט. ווען ער איז געווען ניכטער, איז ער געווען נישט קיין שלעכטער.

קאָכן פלעגט מען אין שטוב גאָרנישט, ווייל ס'איז קיין פרוי

נישט געווען. מיר פלעגן טרינקען מילך און עסן קארטאפל. לכבוד יום־טוב פלעגן מיר באקן ברויט.

אבער הונגעריק בין איך נישט געווען. איך פלעג אין פעלד באקן קארטאפל אין אש.

לכתחילה האב איך געפאשעט, שפעטער אבער האב איך אלץ געטון. איך האב געאקערט, געשניטן, געדראשן. איך פלעג געבן די פי עסן, ארויספירן דאס מיסט, אויסקערן דאס שטוב, העלפן ביי בראנפן — אלץ, אלץ.

פון אנהויב האב איך גארנישט נישט געקענט און ער פלעגט בסדר שרייען אויף מיר. איך האב נישט געוווסט ווי מען האלט א דרעשער אין דער האנט, אויסמעלקן א קו האב איך אויך נישט געקענט. אבער שפעטער האב איך זיך אלץ אויסגעלערנט און ער איז געווען צופרידן פון מיר.

ווען ער איז נישט געווען אינדערהיים, פלעג איך אליין זיין דער גאנצער בעל־הבית.

די הענט האבן מיר פון דער ארבעט גוט ווי געטאן, איך האב זיי נישט געקענט אנרירן. די שיך זענען שוין געווען האלב־צעריסן, איך האב געמוזט ארומגיין בארוועס, כדי צו האבן זיי אויף זונטיק אין קאשציאל.

אויפשטיין פלעג איך דארפן פארטאג, איידער די זון גייט אויף, און ארויסטרייבן די פי אין פעלד. ס׳פלעגט נאך זיין פינצטער און א נעפל פלעגט ליגן אין פעלד.

די הענט און די פיס פלעגן זיין בלוי פון קעלט. ס׳פלעגט זיך נישט וועלן אויפשטיין, ניין. קיין ווארעמען בגד האב איך נישט געהאט.

אבער די קו פלעגט ריטשען אין שטאל, די פערדעלעך פלעגן צו מיר אויסדרייען די קעפ — פלעג איך אויפשטיין. ערגער פלעגט זיין ווינטער אן שיך און אן בגדים. אבער איך האב זיך אויך צו די פרעסט צוגעוויינט.

צייטנווייז פלעג איך שלאפן מיט די פערד, ווייל דארט איז גע־ווען ווארימער.

זונטיק פלעג איך גיין אין קאשציאל.

ערב פאסכע האט מיך דער בעל־הבית געפרעגט, צי בין איך גע־

זוען אויף „ספּאוויעדזש״ (ווידוי), האָב איך געענטפערט, אַז איך בין געווען.

מיט די שקצים אין דאָרף האָב איך ווייניק־וואָס גערעדט, ווייל איך האָב קיין צייט נישט געהאַט. ס׳איז געווען פול אַרבעט. אָבער געלעבט האָב איך מיט זיי גוט, איך האָב קיינמאָל מיט זיי נישט געהאַט קיין באַזונדערע געשעפטן.

איינמאָל בין איך געפאָרן מיט די פערד אין פעלד. קומט צו מיר צו איינער אַ שייגעץ פון דאָרף און מאַכט צו מיר: „דו אַזוינער און אַזוינער! דו ביסט אַ „זשיד״, ווייל דו האָסט נישט קיין פּאַ־פּירן און דו קענסט נישט דעם „פּאַציעזש״ (קריסטלעכע תפילה).

האָב איך אים געזאָגט, אַז ער זאָל זיך צו מיר נישט טשעפּען, ווייל איך וועל אים די ציין אויסהאַקן. האָט ער זיך אָפּגעטראָגן, אָבער באַלד אַוועק צום בעל הבית און אויף מיר אָנגערעדט.

דער בעל הבית האָט מיר גאָרנישט נישט געזאָגט, איך האָב אָבער געזען, אַז ער וויל מיך מער נישט האַלטן, ווייל ער האָט אָנגעהויבן דרייען מיט דער נאָז אויף מיין אַרבעט. זונטיק און אין אַנדערע טעג, ווען איך בין נישט געווען אין שטוב, פלעגן צום בעל הבית קומען שקצים און אים דאָרט בונטעווען קעגן מיר — זיי פלעגן אים זאָגן, אַז ער זאָל נישט האַלטן קיין ייד.

איינמאָל בין איך צוריקגעקומען פריער פון פעלד, האָב איך דורכן פענצטער געהערט, ווי איינער אַ שייגעץ זאָגט צו מיין בעל הבית, אַז ער ווייס אויף זיכער, אַז איך בין אַ ייד, ווייל איך קען זיך נישט צלמען.

האָב איך דערזען, אַז עס טויג שוין אויף כפּרות, בין איך שוין אַינגאַנצן נישט אַריין אין שטוב. איך האָב פאַרענדיקט מיין אַרבעט, די פי געגעבן עסן, זיך צוגעגרייט קאַרטאָפל אויפן וועג און בין אַוועק שלאָפן אין דער סטאָדאָלע.

אויף מאָרגן פאַרטאָג, איידער דער בעל הבית איז נאָך אויפגע־שטאַנען, האָב איך זיך אַרויסגעכאַפּט פון דער סטאָדאָלע און אַוועק.

שווער איז מיר געווען צו באַשליסן וואָס איך זאָל טאָן.

איך האָב נישט געהאַט וווהין צו גיין. קיין לעמבערג האָב איך נישט געטאָרט, ווייל דאָרטן האָט מען מיך געקענט. אין אַ שטעטל אויך נישט, ווייל דאָרט פלעגט מען הרגענען. זאָל איך גיין צו אַן

אַנדערן פֿויער, וועט זיך דאָרטן איבערחזרן די זעלבע געשיכטע.

האָב איך באַשלאָסן צו גיין אין וואַלד אַריין. דער וואַלד האָט זיך געפֿונען נישט ווייט. אינגאַנצן אַ קילאָמעטער פֿון דאָרף.

אָבער אַריינצוגיין אין וואַלד איז געווען נישט לייכט.

אין וואַלד זענען געזעסן פֿאַרשידענע מענטשן. דאָרט זענען געווען געוויינלעכע באַנדיטן, וואָס פֿלעגן אָנפֿאַלן אויף דורכגייער. דאָרט האָבן זיך געפֿונען „באַנדעראָווצעס”, דאָרט זענען געווען יידן, רוסן, פּאָליאַקן — פֿאַרשידענע.

ס'איז נישט איבעריקס זיכער געווען צוצוגיין צו זיי. איינמאָל האָט איינע אַ גויע געקליבן אין וואַלד שוואָמען און, נישט וויסנדיק דערפֿון, צוגעקומען צו זייער לאַגער — האָט מען זי באַלד דערשאָסן. אין דאָרף האָט מען דערנאָך געזאָגט, אַז דאָס זענען געווען באַנדעראָווצעס.

יעדער איינער פֿון דאָרף האָט מורא געהאַט פֿאַר די מענטשן פֿון וואַלד, — גיסטו זיי נישט, שיסן זיי דיך אויפֿן אָרט, גיסטו זיי יאָ, וועלן דיך שיסן די דייטשן, אָדער דער גאַנצער דאָרף וועט אוועקגיין מיטן רויך.

איך האָב זייער געוואָלט געפֿינען די רוסן, ווייל זיי האָבן געהאַט געווער און נישט מורא געהאַט.

דער עיקר איז בלויז צוקומען צו זיי.

געווען איז דאָס אָנהויב פֿרילינג. אין וואַלד איז געווען אַ בלאָטע. אַביסל שניי בײַ די זייטן. ס'האָט אָבער געשמעקט פֿון די ביימער און פֿון דער ערד.

איך בין אַרומגעגאַנגען איבערן וואַלד אין דער לענג און אין דער ברייט אפשר אַ פֿינף קילאָמעטער, אָבער איך האָב קיינעם נישט געזען, נישט אַזעלכע, נישט אַזעלכע.

איך האָב שוין געהאַט פֿאַרלאָרן די האָפֿנונג און נישט געוווּסט וואָס צו טאָן.

פּלוצלינג הער איך אַ שטימע: „קודא אידיאָש?” — האָב איך פֿאַרשטאַנען, אַז דאָס זענען רוסן און איך האָב זיך זייער דערפֿרייט. זאָג איך צו זיי אויף רוסיש, אַז דאָס בין איך. איך בין אַ ייד, איך וויל צושטיין צו זיי און גיין אויף די דייטשן.

האָבן זיי מיך צוגענומען, כאָטש איך בין נאָך געווען אַ קליינער.

איך האָב זיי אַלץ דערציילט וועגן זיך, וויאַזוי מען האָט ביי מיר צוגענומען דעם טאַטן און די מאַמע, וויאַזוי איך האָב געדינט ביים פויער אין דאָרף און די שקצים האָבן מיך אַרויסגעטריבן.

זיי זענען געווען זייער גוט צו מיר. דאָרטן זענען געווען נאָך אַ פּאָר יינגלעך, קיינער איז אָבער נישט געווען אַזוי קליין ווי איך.

זיי האָבן מיר געזאָגט, אַז איך זאָל קיין מורא נישט האָבן, ווייל ווייבאַלד איך בין מיט זיי, וועט מיר קיינער גאָרנישט טאָן. זיי האָבן מיר דערציילט, אַז דאָ איז שוין געווען איינער אַ ייד. ער איז אַלט געווען אַ יאָר 26 און זיי האָבן אים זייער ליב געהאַט, ווייל ער איז געווען אַ גוטער חבר, ער איז אָבער אומגעקומען. די דייטשן האָבן דאָן אַטאַקירט דעם וואַלד פון אַעראָפּלאַנען. זיי האָבן געוואָרפן באָמבעס, האָט אים איינע געטראָפן.

אָבער זיי האָבן פאַר דייטשן קיין מורא נישט, ווייל זיי האָבן זייער געווער. די דייטשן גייען נישט אין וואַלד, זיי האָבן פאַר זיי מורא.

מען האָט מיך מכבד געווען מיט בראָנפן, פּאַפּיראָסן, אָבער איך האָב נישט געוואָלט נישט טרינקען, נישט רויכערן.

מען פלעגט זיך קאָכן, נייען, רייניקן די פערד, פוצן דאָס געווער, שפּילן אין קאָרטן.

ס'איז געווען אַנגענעם. איך בין מיר געווען פריי. קיינער האָט מיר נישט פאָרגעוואָרפן, אַז איך בין אַ ייד, קיינער האָט מיך נישט אויסגעפרעגט. בין איך שוין איינמאָל צו זיי אַריין, האָב איך געטראַכט, וועל איך שוין קיינמאָל פון זיי נישט אַוועק, כאָטש קיין דאַך איבערן קאָפּ האָבן מיר נישט געהאַט און געשלאָפן האָבן מיר אויף דער ערד.

געווען זענען זיי אַ סך. אַ 150 מענטשן, סאַמע מענער. קיין פרויען זענען נישט געווען.

ס'זענען געווען רוסן, ס'זענען געווען פּאָליאַקן, וועלכע זענען אַנטלאָפן פון דייטשלאַנד, און איך — איין ייד.

איך בין געווען דער יינגסטער.

אויף מאָרגן האָבן זיי מיך גענומען אויספרעגן וועגן די דייטשן. ווו געפינען זיך די דייטשן, אין וועלכער זייט — האָב איך זיי געזאָגט אַלץ, וואָס איך האָב געוווּסט.

דערנאָך האָבן זיי זיך אויסגעפרעגט, ווו געפינען זיך עפּעס ריי־
כע פּויערים אין דאָרף, ווייל זיי פּלאַנעווען צו מאַכן אויף זיי אַן
איבערפאַל צוזאַמען מיט מיר.

איך האָב זיך זייער דערפרייט און געוואַרט מיט אומגעדולד
אויף דעם דאָזיקן איבערפאַל.

אינאָוונט האָט מען איינגעשפּאַנט צוויי פערד אין אַ וואָגן און
צוויי פערד באַזאָטלט. צוויי מאַן זענען געפאָרן אויפן וואָגן צו־
זאַמען מיט מיר און צוויי — רייטנדיק אויף די פערד.

זיי האָבן מיטגענומען אַ מאַשין־געווער און גראַנאַטן. אין די קע־
שענעס האָבן זיי אַריינגעלייגט רעוואָלווערן. קיין זאַך האָט מען
נישט געזען. אַלץ איז געווען באַהאַלטן אונטער די בגדים. אָנגע־
טאָן זענען זיי געווען „אויף ציוויל". קיינער וואָלט נישט דערקענט,
אַז דאָס זענען מיליטער־לייט. זיי האָבן אויסגעזען אויפן וואָגן, ווי
פּויערים, וואָס פאָרן פון אַ יאַריד.

דאָס מאַשין־געווער איז געווען אויפן וואָגן צוגעדעקט מיט
שטרוי. ביי דער זייט זענען געלעגן זעקלעך. מען האָט קיין זאַך
נישט געקענט דערקענען. איך האָב זיך אַזש דערפרייט, ווען איך
האָב דערזען, אַז זיי קענען זיך אַזוי גוט פאַרשטעלן.

ווען ס'איז געוואָרן פינצטער, זענען מיר אַרויסגעפאָרן פון וואַלד.
דער ערשטער איז אַרויסגעפאָרן אַ רייטער. ער האָט דורכגע־
האַקט דאָס פעלד, כדי אַרומצוקוקן זיך. דערנאָך האָט ער זיך צו־
ריקגעקערט און ערשט דעמאָלט זענען מיר אַלע אַרויסגעפאָרן.

מיר זענען צוגעפאָרן צו אַ דאָרף און זיך אָפּגעשטעלט ביי אַ
פאָרויס באַשטימט הייזל. איינער אויף אַ פערד האָט זיך געשטעלט
אויף דער וואַך פונדערווייטן, אַ צווייטער האָט געהיטן דעם וועג,
איך בין געבליבן אויפן וואָגן, און צוויי מאַן מיט די הענט אין די
קעשענעס זענען אַריין אין שטוב. זיי האָבן זיך אָוועקגעשטעלט
ביי דער טיר.

זיי האָבן אַפילו נישט געדאַרפט אַרויסנעמען די רעוואָלווערן פון
די קעשענעס, ווייל דער פּויער האָט באַלד פאַרשטאַנען די לאַגע
און האָט אָן קיין שום ווידערשטאַנד דערלאַנגט פּוטער, חזיר, ברויט,
קעז און וורשט.

ער האָט געגעבן נאָך מער, ווי מיר האָבן געמיינט.

מיר האָבן דאָס אַלץ אַריינגעלייגט אין זעקלעך און רואיק אַוועק־געפאָרן צוריק אין וואַלד אַריין.

נישט מער — מיר זענען נישט געפאָרן מיטן וועג, נאָר מיטן פעלד.

אַזוי האָט זיך געענדיקט מיין אַרויסלאָז מיט די רוסן אין דאָרף אַריין. שפעטער פלעג איך אַרויספאָרן מיט זיי אָפטער, ווייל מען האָט געדאַרפט שפייזן 150 מאַן און דאָס איז נישט געווען לייכט.

אויף מאָרגן האָט מיך אויפגעוועקט אַ שיסעריי. דאָס האָבן די דייטשן אַרומגערינגלט דעם וואַלד און געשאָסן. אין וואַלד זענען זיי נישט אַריין, זיי האָבן מורא געהאַט. זייערע הינט האָבן נאָר געבילט און געוואָרפן זיך צו אונדז.

אָבער מיר האָבן פאַר זיי נישט מורא געהאַט. ווי נאָר ס'פלעגט צולויפן אַ הונט, איז באַלד — טשאַך פון אַ רעוואָלווער און ס'איז נאָך אים. אויך פון זייערע בלינדע קוילן האָבן מיר נישט געמאַכט קיין גרויסן ווען.

די רוסן האָבן איינגעפּאַקט זייער באַגאַזש, דאָס מאַשין־געווער האָט מען אַרויפגעלייגט אויפן וואָגן, אַ טייל מענטשן האָבן זיך אַרויפגעזעצט אויף די פערד און מיר זענען אַוועקגעפאָרן ווייטער — טיף אין וואַלד אַריין. דער וואַלד איז געווען אַ טיפער, אַ גע־דיכטער און אַ פינצטערער. ער האָט אונדז גוט געשיצט. מיר זענען געפאָרן אַ האַלבן טאָג און פאַרנומען אַן אַנדער געגנט, אַ מער ווילדע, ווו קיין דייטשן זענען נישט געווען. אין דעם דאָזיקן אָרט זענען מיר אָפּגעווען אַנדערהאַלבן חדשים.

נאָך עסן איז מען געגאַנגען אין דאָרף אַריין איינמאָל אין דריי טעג — אַלעמאָל מיט געווער. איך פלעג זיי שטענדיק באַגלייטן. זיי האָבן מיך ליב באַקומען.

זיי האָבן מיר געגעבן אַ קליין, שוואַרץ פערדל. ער האָט ליב געהאַט אַביסעלע צו בייסן. פלעג איך אים געוויינלעך אַ כאַפּ טאָן פאַרן קאָפּ מיטביידע הענט, ער זאָל נישט קענען רירן מיט דער מאָרדע.

די רוסן האָבן געראַטן, אַז איך זאָל אים שלאָגן, וועט ער וועט זיך בייסן, אָבער איך פלעג אים נישט שלאָגן — איך האָב רחמנות געהאַט אויף אים.

איך פֿלעג אים פּוצן אַזוי, אַז ער פֿלעגט גלאַנצן ווי די זון. איך פֿלעג פֿאָרן אַ שטיק וועג נאָך הינטער אים, כדי ער זאָל האָבן יעדן טאָג פֿרישע. ווען איך פֿלעג געווייינלעך ברענגען דאָס היי, פֿלעגן די רוסן זיך רייצן מיט מיר און צונעמען עס — זיי פֿלעגן עס דערלאַנגען די אייגענע פֿערד. אָבער איך פֿלעג גאָר נישט זאָגן, נאָר געדולדיק וואַרטן וואָס וועט דאָ זיין. פֿלעגן זיי מיר גוטמוטיק לייכט אַ פּאַטש טאָן איבערן רוקן און פֿלעגן עס מיר אומקערן. די גאַנצע צייט זענען זיי געווען אַזוי גוט צו מיר — זיי פֿלעגן מיר געבן עסן און טרינקען וויפֿיל איך האָב געוואָלט. זיי האָבן זיך פֿאַרנומען מיט מיר.

איך פֿלעג מיט זיי פֿונאַנדערלייגן אַ שייטערהויפֿן. איך פֿלעג זינגען מיט זיי, גאַנץ אָפֿט הערן זייערע מעשיות פֿון קריג, פֿון דער היים, פֿון זייערע ווייבער און קינדער. זיי פֿלעגן מיר ווייזן זייערע בילדער און גערן רעדן דערפֿון, וואָס זיי וועלן טאָן ווען זיי וועלן צוריקקומען אַהיים.

אָפֿט פֿלעג איך אויפֿשטיין ביידערנאַכט און צוגיין צום פֿערד. דאָס פֿערדל פֿלעגט שטילערהייד קייען. איך פֿלעג אים ליבלעך אַ פּאַטש־טאָן, אַרונטערקריכן אים אונטערן בויך, אונטערוקן פֿריש היי, אָדער אָנפּאָיען אים.

נישט ווייט פֿון דאָרטן איז געווען אַזאַ קוועלכל, פֿלעג איך אויף אים אַהין צורייטן.

אין וואַלד איז געווען שטיל. אַלע פֿלעגן שלאָפֿן — בלויז דער שייטערהויפֿן פֿלעגט רויכערן און די וואַך פֿלעגט אַרומשפּאַצירן. די וועכטער פֿלעגן מיר מכבד זיין מיט מאַכאָרקע, אָבער איך פֿלעג נישט רויכערן.

דאָס פֿערדל האָט זיך צוגעוווינט צו מיר און פֿלעגט שוין נישט בייסן. ווי איך פֿלעג נאָר צוגיין, פֿלעגט ער אָפּקערן דעם קאָפּ.

ער איז געוואָרן אַזוי דיק, אַז איך וויים אַליין נישט.

דערווייל איז געוואָרן אומרואיק. די רוסן האָבן זיך דערנענטערט. רוסישע עראָפּלאַנען האָבן זיך אַרומגעדרייט איבער אונדז און אַראָפּגעלאָזט אַמוניציע, מינעס און גראַנאַטן. צייטנווייז פֿלעגן זיך אַראָפּלאָזן פֿינף פֿאַלשירעמס מיטאַמאָל. אונזער אָפֿיציר האָט

געהאט ראקעטן, פלעגט ער זיי אויסשיסן אינדערהויך, כדי זיי זאלן וויסן, ווו אראפצולאזן די פאלשירעמס.

מיר האבן זיך געפונען אין רוקן פון דער דייטשער ארמיי, וועל־בע האט זיך צוריקגעצויגן פאר די רוסן.

דעמאלט האט זיך פאר אונז אנגעהויבן די צייט פון דער גרעס־טער ארבעט. מיר זענען ארומגעגאנגען מיט מינעס און מיר פלעגן זיי אונטערלייגן אומעטום, ווו נאר עס האבן געקענט דורכגיין דייטשע חיילות, אין הויפן, אויף וועגן, אונטער די בריקן, אויף די ראנדן פון די וועלדער. מיר פלעגן אויסבויערן א לאך אין דער ערד און פלעגן אהין אריינלעגן צוויי מינעס פארייניקט מיט א גול דרעטל.

ווי נאר מיר פלעגן זיך דערוויסן, ווו ס'דארף דורכגיין מיליטער, פלעגן מיר באלד אונטערלייגן זייגער־מינעס. על פי רוב פלעגן מיר אונטערלייגן זייגער־מינעס אונטער די שינעס, ווען א צוג מיט צוגאב־מיליטער פלעגט דארפן דורכגיין אויפן פראנט.

איינמאל האבן מיר אויפגעריסן אינדערלופטן א זייער לאנגן צוג מיט בענזין־ציסטערנעס. דעמאלט איז געווען אזא געררויש אין וואלד, אז אלע חיות זענען זיך צעלאפן. מיר האבן דאן אונטערגע־לייגט מער ווי פינף קילאגראם מינעס.

מיך פלעגט מען אמאל יא מיטנעמען אויף דער ארבעט און אמאל נישט.

איך פלעג ביי זיי זיך שטענדיק בעטן, אז זיי זאלן מיך מיט־נעמען, אבער אז זיי פלעגן נישט וועלן, פלעג איך מוזן פאלגן, ווייל דאס איז געווען מיליטער.

אפטער ווי אלץ פלעגט מען מיך שיקן אויסצושפירן צופוס, כדי צו דערוויסן זיך, ווו עס געפינען זיך דייטשן.

צייטנווייז פלעג איך צוגיין צו זיי זייער נאנט און איך פלעג זיי גוט זען.

אמגעפערלעכסטן איז געווען דאס ארויסגיין פון וואלד און דער־נאך — דאס אריינגיין צוריק. מען האט זיך געקענט אנשטויסן אויף א מינע און אויפגעריסן ווערן. א חוץ דעם האבן די דייטשן גוט אבסערווירט און ווי זיי פלעגן נאר עפעס באמערקן, פלעגן זיי באלד שיסן.

איך פלעג פויזן אויפן בויך, אמאל גאנצע 100 מעטער דורך

בראָזדעס, גרובנס, אָדער מיטן ראַנד פון פעלד. ווינטער ווען דער שניי איז געלעגן אומבארירט, איז גאָר נישט מעגלעך געווען אַרויס־צוגיין, די שפּורן וואָלטן אונדז אַרויסגעגעבן און צוגעפירט צו אונדז די דייטשן.

מיר פלעגן אַרויסגיין נאָר דעמאָלט, ווען ס'פלעגט גיין אַ שניי, אַזוי אַרום פלעגן די שפּורן פאַרשנייט ווערן. די קעלט און הונגער איז געווען גרויס — שווער געווען אויסצוהאַלטן. מיר האָבן אונ־טערגעהאַלטן אַ פייער טאָג און נאַכט, כדי נישט צו דערפרוירן ווערן. די פערד איז אויך געווען קאַלט.

דעמאָלט איז דאָרט געשטאַנען דער פראָנט איבער דריי חדשים. די רוסן האָבן צוויי מאָל פאַרנומען ליעשקאָוו, וואָס איז געלעגן 6 קילאָמעטער ווייט פון אונדז, און צוויי מאָל האָבן זיי געמוזט צוריקטרעטן.

דערנאָך איז געוואָרן נאָך שווערער. די גאַנצע דייטשע אַרמיי, וואָס האָט זיך צוריקגעצויגן, האָט זיך אַרויפגעוואַליעט אויף אונדז. מען האָט אַרומגערינגלט דעם וואַלד און אים אַרומגעשטעלט מיט טאַנקן, האַרמאַטן און מיליטער.

ס'איז נישט מעגלעך געווען בכלל אַדורכצורייסן זיך.

ווען ס'פלעגט אונדז געלינגען אַרויסצוגיין פון וואַלד איינמאָל אין דער וואָך אויף אַרבעט און נאָך עסן, פלעגט זיין זייער גוט.

מיר האָבן דעמאָלט נישט געהאַט קיין זאַך צום עסן. מענטשן זענען אַרומגעגאַנגען הונגעריק צו צוויי־דריי טעג.

דערווייל האָבן די רוסן אָנגעהויבן אָנצוגרייפן. ס'האָט זיך אָפּ־גערופן אַ „קאַטיושע". דער גאַנצער וואַלד איז אויפגעציטערט גע־וואָרן. קוילן זענען געפלויגן איבער אונזערע קעפּ און יעדע ווייל פלעגן פּלאַצן גראַנאַטן. דער וואַלד האָט געברענט.

ס'איז געוואָרן ליכטיק אַזויווי אין אָפענעם פעלד.

טאָג ווי נאַכט האָט געקנאַקט, אַמאָל נענטער אַמאָל ווייטער, אַמאָל שווער און טיף, אַמאָל לייכט.

ס'האָט געדונערט און געבליצט אָן אויפהער און דער וואַלד האָט פונאַנדערגעטראָגן די קנאַלן מיטן עכאָ אין אַלע ווינקלען.

די ערד האָט געציטערט. אַלע זענען געשטאַנען אין שאַרפער גרייטקייט מיט די ביקסן ביי די פיס. מיר און צוויי אַנדערע

יינגלעד, עלטערע פון מיר, האָט מען געהייסן אַרויסגיין פון וואַלד און גיין נאָך עסן.

מענטשן האָבן נישט געהאַט קיין שפּייז אין מויל שוין זייט צוויי טעג — מיר אויך נישט.

מיינע צוויי חברים זענען געגאַנגען די ערשטע — איך נאָך זיי. געגאַנגען זענען מיר זייער שנעל, כדי דורכצושמוגלען זיך וואָס גיכער. איך האָב זיי קוים נאָכגעפּאָלגט.

מיר זענען שוין געהאַט אַרויסגעגאַנגען פון וואַלד. מען האָט נאָר געדאַרפט אַריבערשפּרינגען אַ שוץ־גרוב. קיין דייטשן זע־נען שוין דאָן נישט געווען, ווייל זיי האָבן זיך צוריקגעצויגן ווייטער און די רוסן האָבן אָנגעגריפן.

איך בין געגאַנגען נאָך די יינגלעך. איך האָב געזען וויאַזוי זיי האָבן אַ שפּרונג געטאָן, כדי אויסצומיידן די שוץ־גרוב. אין אַ מינוט אַרום וואָלט איך געטאָן דאָס זעלבע. אָבער פּלוצלינג האָב איך דערהערט אַ שרעקלעכן קנאַל. איך האָב דערפילט אַ זעץ פון הינטן און אַ מוראדיקער רויך האָט אַלץ פאַרדעקט. וואָס איז געשען, האָב איך נישט געוווסט, ווייל איך האָב פאַרלוירן דאָס באַוווסטזיין און איך בין געבליבן ליגן.

איך ווייס נישט ווי לאַנג דאָס האָט געדויערט, ווייל איך האָב אַלץ פאַרגעסן.

ווען איך האָב זיך אויפגעכאַפּט, האָב איך דערפילט, אַז מיינע פינגער זענען נאַס און איך קען מיט זיי אינגאַנצן נישט באַוועגן. דעם קאָפּ האָב איך אויך נישט געקענט אויפהויבן — ער האָט מיר שרעקלעך וויי געטאָן.

אַלץ אַרום איז געווען שוואַרץ און רויט. איך האָב גוט נישט גע־זען, איך האָב נישט געקענט אונטערשיידן איין זאַך פון דער צוויי־טער.

אין די אויערן האָט מיר גערוישט. די ברוסט איז מיר געווען נאַס.

וואָס איז ווייטער געשען, געדענק איך נישט. איך האָב ווידער פאַרלאָרן דאָס באַוווסטזיין.

דערנאָך האָב איך דערקענט די שטימען פון מיינע חברים און

כ'האָב געפֿילט, אַז מען טראָגט מיך ערגעץ. איך בין געווען זייער שווער פֿאַרווונדעט.

מען האָט מיך אַוועקגעטראָגן אין עפּעס אַ הייזל, ווו איך בין אָפּגעלעגן אַ גאַנצע נאַכט. איך האָב געפֿרעגט, וואָס מאַכן מײַנע חברים, וואָס זענען געגאַנגען פֿאַר מיר, האָבן מיר די רוסן געזאָגט, אַז זיי זענען ביידע אומגעקומען. זיי זענען אַרויפֿגעטראָטן אויף אַ דײַטשע מינע, וועלכע האָט זיי צעריסן אויף שטיקער.

אויך איך בין פֿאַרווונדעט געוואָרן דורך אַ שפּליטער פֿון דער דאָזיקער מינע.

קיין דײַטשן זענען שוין נישט געווען. די רוסן האָבן פֿאַרנומען דאָס דאָרף און אַוועק ווײַטער.

מיר האָט מען געמאַכט אַ צײַטווײַליקן באַנדאַזש און אויפֿן צווייטן טאָג האָט מען מיך אַוועקגעפֿירט אין אַ רוסישן שפּיטאָל קיין לאָפּאַטין.

דער דאָקטאָר האָט מיר באַלד געמאַכט אַן אײַנשפּריצונג. ווײַטער געדענק איך שוין ווייניק־וואָס, ווײַל איך בין געווען זייער קראַנק.

איך בין געלעגן אין יענעם שפּיטאָל איבער 8 חדשים.

מען האָט מיר כסדר געמאַכט אָפּעראַציעס. מען האָט מיר אַרויסגענומען אַן אויג. מען האָט מיר אַמפּוטירט דרײַ פֿינגער פֿון די הענט און איך ווייס שוין אַליין נישט וואָס. איך בין געווען זייער שוואַך, קוים וואָס איך האָב געאָטעמט. דאָס עסן איז געווען שלעכט און די קראַנקע אין שפּיטאָל זענען געווען זייער הונגעריק. מיר פֿלעגן אַראָפּרייסן גרינע, נישט־צײַטיקע פֿלוימען און עסן פֿון הונגער.

דערנאָך פֿלעגן אַרײַנקומען צו מיר יידן און מיטברענגען מיר עסן — בין איך שוין נישט געווען אַזוי הונגעריק.

נאָך 8 חדשים האָט מען מיך אַרויסגעלאָזט פֿון שפּיטאָל, און די יידן האָבן מיך מיטגענומען קיין פּוילן.

איך בין געקומען קיין קראָקע, אָבער איך האָב נישט געוואָלט זײַן ביי פֿרעמדע מענטשן, כאָטש זיי זענען געווען זייער גוט צו מיר.

איך האָב נישט געוואָלט פֿאַלן זיי צו לאַסט. איך האָב בעסער געוואָלט גיין אין אַן אינטערנאַט. אַזוי ווי איך בין געווען

קראַנק אויף די לונגען, האָט מען מיך אַוועקגעשיקט קיין זאַקאָ־פּאַנע.

אין פּוילן האָב איך נישט געוואָלט פאַרבלייבן פאַר קיין שום געלט, מיר האָט זיך כסדר געדוכט, אַז דאָרט איז אַזוי ווי פאַר די דייטשן. אויף יעדן טריט און שריט האָב איך געהערט צונעמענישן און דראָ־אונגען: „דו, זשיד פאַרשיווער! דו, אַזעלכער און אַזעלכער!"

איצט בין אין פראַנקרייך, דאָ איז נישט אַזוי. דאָ איז מיר גוט און איך פיל זיך נישט איינזאַם, אָבער פאַרבלייבן דאָ וויל איך נישט.

מיר איז שוין נמאס געוואָרן דאָס לעבן אין פרעמדע לענדער.

אומעטום וועט זיין די זעלבע מעשה וואָס אין פּוילן.

איך וויל שוין זיין ביי זיך אינדערהיים. איך וויל פאָרן קיין ארץ־ישראל, מעג זיין אויף דער שווערסטער אַרבעט.



נתן שאַבט, דער שווער־פאַרוווּנדעטער צוועלף־יעריקער פּאַרטיזאַן, קומט צו זיך נאָכן קריג אין זאַקאָפּאַנער קינדער־היים.

# באַמערקונגען וועגן נתן שאכט

וועגן נתן שאַכט איז מיר זייער שווער צו שרייבן, אַזוי שטאַרק האָב איך אים ליב. בפרט איצט, ווען ער איז שוין נישט ביי מיר, ווייל ער איז אַוועקגעפאָרן אַהין, וווהין ער האָט זיך געריסן אַ גאַנץ לעבן — קיין ארץ ישראל. ס'איז מיר שווער צו געפינען ווערטער אויף צו באַצייכענען אים, דעם טייערן, ליבן ייִנגל מיינעם...

געקומען איז ער צו מיר פון אַ שפּיטאָל אַלס פולשטענדיקער קאַליקע, אָן אַן אויג און אָן אַן אויער, אָן ציין, מיט צוויי אָפּגעריסענע, און מיט איין שלעכט צונויפגעשטעלטן פינגער, מיט זיבעצן ווונדן אויפן קערפּער און אַ לונגען־קראַנקייט.

אַחוץ דעם אַלעם איז ער געווען אומגעהויער בייז און געררייצט. אַלע קינדער האָט ער געשלאָגן און טעראָריזירט. יעדע ווײַלע פלעגט עמיצער קומען מיט אַן אָנקלאָגע אויף אים. ס'איז קיין איין קינד נישט געווען אין הויז, וועמען ער זאָל נישט האָבן געשלאָגן. די לערער און דערציער האָבן זיך מיט אים בשום אופן נישט געקענט קיין עצה געבן, ער האָט קיינעם נישט געוואָלט הערן, אַלעמען האָט ער גערעדט אַנטקעגן. יעדער פון זיי האָט פאַרשטאַנען אַז דאָס איז ער אַזוי צערייצט צוליב זיינע מומים, אָבער אַנדערש מאַכן אים האָט קיינער נישט געקענט.

אין זאַקאָפּאַנע האָב איך אים געלאָזט אַריינשטעלן אַ קינסטלעך אויג און קינסטלעכע ציין. ער האָט אָפּגעלעבט און זיך אויסגעהיילט פון דער לונגען־קראַנקייט.

מאָראַליש האָט ער זיך אָבער דאָרט ווייניק וואָס פאַרריכט.

ווען איך האָב געהאַלטן ביים אַרויספאָרן פון זאַקאָפּאַנע קיין אויסלאַנד און מיטנעמען אַלע יתומים, האָט מען מיר פאַרגעלייגט, אַז איך זאָל נתנען איבערלאָזן, ווייל ער איז אַ צו שווער קינד צום פירן. איך האָב זיך אָבער איינגעשפּאַרט און אים מיטגענומען.

און איך האָב מיטן דאָזיקן קינד קיין טעות נישט געמאַכט.

אין אַן אַטמאָספער פון ליבשאַפט האָט זיין נשמה אויפגעלעבט און אַ כאַראַקטער האָט זיך ביי אים אַנטפּלעקט ריין ווי גאָלד. ער האָט ליב באַקומען זיין סביבה און זיך באַצויגן צו די איבעריקע קינדער ווי צו ברידער און שוועסטער. בטבע אַן עקשן, פלעגט ער ווערן ווייך ווי וואַקס, ווען מען פלעגט צו אים צוגיין מיט גוטן. דאָס קלענסטע קינד פלעגט מיט אים מאַכן וואָס עס האָט געוואָלט. גאַנצע שעהן האָט ער געקענט טראָגן אויף זיינע פּלייצעס אונזערע קליינע „בעבלעך". ער פלעגט זיך פאַרוואַנדלען אין אַ פערד, אין אַ הונדע, אין וואָס איר ווילט אַבי די קליינע קינדער זאָלן זיין צופרידן.

גלייכצייטיק האָט ער קיינמאָל נישט פאַרגעסן וועגן זיין מום.

נתן האָט נישט געוואָלט פאַרבלייבן אין „פרעמדע לענדער", כאָטש אים איז געווען נישט שלעכט. פאַרהאַלטן אים האָב איך קיין רעכט נישט געהאַט. „אומלעגאַל" איז ער אַוועקגעפאָרן קיין ארץ ישראל און האָט זיך געפונען אויף דער שיף „עקזאָדוס". דער גורל פון דער דאָזיקער שיף און פון אירע פּאַסאַזשירן איז גוט באַקאַנט, זיי האָבן אויפגערודערט דאָס געוויסן פון דער וועלט. דאַקעגן איז ווייניקער

באַוווסט די שייכות פון דער דאָזיקער סימבאָלישער שיף צו מיינע אומגליקלעכע קינדער...

נתן שרייבט מיר וועגן אַלע עטאַפּן פון זיין טראַגישער וואַנדערונג קיין ארץ ישראל.

אָט איז זיין ערשטער, פּשוטער און עפּעקטלאָזער בריוו פון פּאָרט דע בוק, ווען די תפיסה־שיפן זענען געשטאַנען ביי מאַרסעי און זייערע פּאַסאַזשירן מיט דער מער־וויניקער זעלבער פאַרגאַנגענהייט וואָס נתנס האָבן נישט געוואָלט אַראָפּ צוריק אויף דער פראַנצויזישער ערד:

2. 8. 1947.

ליבע פּאַרוואַלטערין!

מיר געפינען זיך ביי מאַרסעי אין זייער שווערע באַדינגונגען. מיר זיצן הינטער קראַטעס פּונקט ווי אין לאַגערן. אָבער עס מאַכט נישט אויס, מיר וועלן אַלץ איבערלעבן און מיר האָפן, אַז מיר וועלן דאָך דערגרייכן צו אונזער פאָטערלאַנד.

האָט נישט קיין עגמת נפש צוליב אונז. מיר זענען געזונט און שטאַלץ מיט אונזער קאַמף. זייט נישט בייז, איך בעט אייך, וואָס איך שרייב אַזוי נישט זאָרגפעלטיק, דאָס שרייב איך אויף די קני. זייט געזונט. ווען איך וועל זיין אויפן אָרט, וועל איך באַשרייבן אונזער גאַנצע רייזע. איצט אייל איך זיך זייער.

אַ גרוס פאַר אַלע קינדער און פאַרן פּערסאָנאַל.

איך קוש אַלעמען.

עטאַכט נתן

# וואָס דערציילט שימעק העלער

געבוירן דעם 12־טן אָקטאָבער 1935 אין קראָקע
(בעתן שמועס 11 יאָר אַלט)



שימעק זיצט מיט מיר ביים אויוון, פאַרזונקען טיף אין פאָטעל. אויפן גרויען פּאָן פון באַצוג גלאַנצן זיינע גרינע אויגן. דאָס פּנים איז, ווי געוויינלעך, בלייך; אויף די ליפּן — אַ גרימאַסע. ביי יעדער אָנשטרענגונג פון געדאַנק ווערן טיפער די קנייטשן אַרום זיינע ליפּן.

איך פרעג צי געדענקט ער עפּעס וועגן זיין פריער קינדהייט.

שימעק ווערט לעבעדיקער און דערציילט:

— ווען איך טראַכט וועגן דעם, וואָס איז געווען, דערמאָן איך זיך אַלץ אויסגעצייכנט.

איך געדענק אַלע נעמען און פאַמיליע־נעמען. דעם טאַטן האָט די מאַמע גערופן ראָמעק, די מאַמע האָט געהייסן יאַדוויגאַ, איך וויים אפילו, אַז פון דער היים האָט זי געהייסן מאַנטאַג.

איך האָב אַלע אויפגנאַמעס. איך געדענק אויך ווי מיר זענען נאָך געווען אין קראָקע, וויאַזוי דער טאַטע פלעגט גיין אין ביוראָ

אריין און וויאַזוי צו אים פֿלעגן קומען אַ סך קליענטן, ווייל ער איז געווען אַן אַדוואָקאַט. דאָס איז גאָר נישט געווען קיין לייכ־טע אַרבעט צו גיין מיט די קליענטן אין געריכט!

דערנאָך זענען מיר שוין געווען אין אַ דאָרף. דאָרטן האָט דער טאַטע אויך געאַרבעט. ער איז געווען אַ באַאַמטער אין דער יידי־שער קהילה. וואָס ער האָט דאָרט געטון ווייס איך נישט גוט. אָבער איך האָב געזען, אַז ער האָט פֿיל געשריבן און שרייבן האָט ער געקענט זייער שנעל...

איך פֿלעג זיך שפּילן מיט די קינדער. איך האָב געהאַט אַ סך חברים. אין דאָרף איז מיר געווען זייער אַנגענעם. איך האָב געטרוימט וועגן האָבן גליטשערס. ווייל דאָרט איז געווען אַ ריזיקע גליטש. אַלע קינדער פֿלעגן זיך אויף איר גליטשן און איך פֿלעג זיך נאָר צוקוקן...

לסוף האָב איך באַקומען שניי־שיך פֿון טאַטן, אָבער זיי זע־נען געווען צו גרויס אויף מיינע שיכלעך און זיי האָבן געהאַלטן אין איין אַראָפּפֿאַלן. איינע אַ מיידעלע האָט מיך געוואָלט אויס־לערנען גליטשן זיך, זי האָט אָבער נישט געקענט, ווייל די שניי־שיך האָבן נישט געטויגט, — זיי האָבן זיך נישט געוואָלט האַלטן אויף די פֿיס.

צום גליק איז געקומען מיין געבורטסטאָג און אַ באַקאַנט מיי־דעלע האָט מיר געשענקט אירע שניי־שיך, — אויף איר זענען זיי געווען צו גרויס, און אויף מיר אויסגעצייכנט.

דאָס זעלבע מיידעלע האָט מיך אויך אויסגעלערנט גליטשן זיך, מיר פֿלעגן זיך האַלטן פֿאַר די הענט, זי האָט זיך געגליטשט אויף צוריק און איך פֿאָרויס. זי האָט זיך אויפֿן גליטש געטראָגן זייער שנעל און איך פֿלעג זי כסדר מוזן נאָכיאָגן. דאָס איז מיר געווען זייער אָנגענעם.

איינמאָל האָט זיך דער טייך צעגאָסן זייער ברייט און פֿאַר־פֿלייצט די פֿעלדער, ווייל דאָרטן איז געווען אַ מיל. דאָס אַלץ איז שפּעטער פֿאַרפֿרוירן געוואָרן און ס'איז אַנטשטאַנען אַ ריזיקע גליטש. דעמאָלט האָב איך שוין גוט געקענט גליטשן זיך אַזוי ווי אַנדערע קינדער, און איך פֿלעג טאָג איין טאָג אויס זיין אויפֿן אייז.

דאָרטן איז שטענדיק געווען פֿול מיט קינדער. מיר פֿלעגן איינאָרדנען געוועט־לויפֿן און טאַנצן אויפֿן אייז. איך האָב שוין געקענט דורכלויפֿן איבערן גאַנצן סטאַוו מיט איין אָטעם; אַלע מיידלעך האָבן שוין איצט געוואָלט מיט מיר זיך גליטשן.

דער ווינטער איז אַריבער און ס'איז געקומען דער זומער. דער טאַטע האָט מיך געוואָלט אויסלערנען שווימען, האָט ער מיך ווי גרויס איך בין אַריינגעזעצט אין וואַסער. לכתחילה האָב איך מורא געהאַט און געשריען, אָבער דערנאָך האָב איך זיך צום וואַסער צוגעוווינט. אַמאָל מיט די הענט, אַמאָל מיט די פֿיס און איך בין שוין געשוווּמען נאָכן טאַטן. ס'איז גאָרנישט געווען שווער; איך האָב בלויז נישט ליב געהאַט צו זיין אָן דעם טאַטן.

איך האָב זיך געשפּילט מיט יינגלעך אין מיליטער, כ'בין אָפֿט געגאַנגען צו דער באָבען. דער זיידע מיט דער באָבען האָבן גע־וווינט אין צווייטן עק דאָרף. ווען איך פֿלעג קומען, פֿלעגט מיר דער זיידע שטענדיק עפּעס אויסזוכן צום שפּילן זיך.

דערנאָך האָבן אַלע יידן געמוזט ערגעץ אַרויספֿאָרן, איך ווייס נישט וווהין, אפֿשר אין אַ לאַגער. זיי האָבן באַקומען אַן אויסווייז.

איך געדענק ווי אַלע זענען געפֿאָרן אין וועגענער. דער וועג איז געווען פֿול מיט פֿורן, איינע נאָך דער צווייטער. אויף די פֿורן זענען געלעגן עפּעס פּעק.

אויף איין וואָגן זענען געזעסן אַלע צוזאַמען: דער טאַטע, די מאַמע, דער זיידע און די באָבע. די מאַמע האָט אונטערגעהאַלטן דער באָבען, אַז זי זאָל נישט אַראָפּפֿאַלן, ווייל די באָבע איז געווען אַן אַלטע.

אַלע האָבן אויסגעזען אַזוי טרויעריק און דערשלאָגן. די מענטשן פֿון דאָרף האָבן אויף זיי מאָדנע געקוקט.

אויך איך האָב געוואָלט פֿאָרן און געוויינט, אַז מען זאָל מיך מיטנעמען. זיי האָבן אָבער נישט געוואָלט, און איך בין פֿאַר־בליבן ביי די פּויערים. לכתחילה האָב איך זייער געבענקט נאָך דער מאַמען, איך האָב בסדר געוויינט. דערנאָך אָבער האָב איך זיך צוגעוווינט. איך בין נאָך געווען אַ קליינטשינקער.

דערנאָך האָבן מיך צוגענומען עפּעס מענטשן פון אַ צווייטן דאָרף. איך בין מיט זיי אַוועקגעפאָרן קיין קראָקע, ווייל זיי האָבן שטענדיק געוווינט אין קראָקע, אין דאָרף האָבן זיי נאָר געהאַט אַ קליין גוט.


די לעצטע טעג מיט דער מאַמע

און די פרוי, ביי וועלכער איך בין געווען, האָט מיר אַזוי געזאָגט:

— ווען דו וועסט זען, אַז ס׳גייען צו אונז דייטשן, זאָלסטו באַלד ארויסגיין פון שטוב און זיין אויף דער גאַס. זאָלסט נישט אַריינקו־מען צוריק ביז די דייַ־טשן וועלן נישט אַרויס־גיין.

אַנטקעגן אונזער הויז איז געווען אַ גרוי־סער גאָרטן אַרומגע־רינגלט מיט אַן אייזערנעם פּלויט, אַזויווי ביי אונז אין קאָמבאַ. איך פלעג אַהין שטענדיק גיין און ריידן מיט איינער אַ מיידעלע, ווייל מיר אַליין איז געווען אומעטיק, און זי האָט אויך נישט גע־האַט מיט וועמען זיך צו שפּילן.

איינמאָל זענען צו אונז געקומען דייטשן, און איך האָב מיט איר דעמאָלט פּונקט גערעדט. בין איך שוין אַהיים נישט געגאַנ־גען, נאָר געבליבן אויף דער גאַס. דערנאָך איז זי אַוועקגעגאַנגען, האָב איך זיך אַרומגעדרייט אַליין און נישט געוווסט וווהין צו גיין.

איך בין שטענדיק געווען אומרויק און אַרומגעגאַנגען אַ בייזער אַזאַ. איך פלעג אַלץ טראַכטן וועגן דעם, ווו איז אַהינגעקומען מיין טאַטע און ווען וועט ער צוריקקומען. איך האָב געטראַכט

וועגן דער מאַמען און איך געדענק שוין אַליין נישט וועגן וואָס נאָך איך האָב געטראַכט.

דערנאָך איז צו מיר געקומען אַ פעטער פון וואַרשע און האָט מיך צוגענומען צו מיין טאַטנס שוועסטער. מיר האָבן געוווינט אויף פראַגע ווי פּאָליאַקן, ווייל מיין פעטער איז געווען אַן אמתער פּאָליאַק.

איך האָב די נאָז נישט אַרויסגעשטעקט אין גאַס. איך האָב געפירט אַ שרעקלעך איינטאָניקן לעבן, כסדר איינס און דאָס זעלבע, איינס און דאָס זעלבע.

אויפשטיין פלעג איך אַרום מיטאָג־צייט (איך פלעג געוויינלעך וועלן אויפשטיין פריער, אָבער די מומע פלעגט מיר נישט דער־לויבן). דערנאָך פלעג איך עסן פרישטיק. דערנאָך פלעגט מיך די מומע לערנען לייענען. דערנאָך פלעג איך ווידער עסן. נאָכן עסן פלעג איך זיך אַביסל שפּילן און ווידער גיין שלאָפן. מיר איז גע־ווען שרעקלעך נודנע...

קיין פּיפּס האָב איך נישט געטאָרט טון. אַרומגעגאַנגען זענען מיר אין לאַפּציעס. ווי איך פלעג זיך נאָר אַ ריר טון, פלעגט די מומע שרייען אויף מיר. ערשט אינאָוונט, ווען דער פעטער פלעגט צוריקקומען פון דער אַרבעט, האָט מען זיך געמעגט אַביסל באַ־וועגן. רעדן אָבער האָט מען אויך דעמאָלט נישט געטאָרט.

דער פעטער פלעגט ברענגען פון דער פאַבריק אַביסל קוילן, און די מומע פלעגט הייצן אין אויוון.

די טיר איז געווען שטענדיק געשלאָסן. ווען עמיצער פלעגט קלאַפּן, פלעג איך צוזאַמען מיט דער מומען זיך באַהאַלטן אין קלאָזעט (דער קלאָזעט מיטן באַד־צימער זענען געווען צוזאַמען), און ווען דער פעטער פלעגט אינדערפרי גיין צו דער אַרבעט, פלעגט ער אונז פאַרשליסן אויפן שליסל.

אָבער זעלטן וועל עס פלעגט אַריינקומען צו אונז.

געדויערט האָט עס זייער לאַנג, אפשר אַ חדשים ניין. גענוי געדענק איך נישט.

שפּעטער איז געוואָרן אַביסל פרייַלעכער. דער פעטער האָט געהאַט איינעם אַ חבר אויף זשיעליאַנע, זעקס קילאָמעטער פון פּראַגע. געהייסן האָט ער פלאַיטאַס און געווען איז ער אַ ליט־

ווינער. דער דאזיקער חבר האט געהאט צוויי שוועסטער און אן אלטיטשקע מאמע, וועמען איך האב זייער ליב געהאט. איך פלעג זי גערווינלעך רופן „פאני מאמא" (פרוי מאמע) און זי פלעגט לאכן.

איך האב זייער ליב געהאט גיין צו זיי. ווען זיי פלעגן קומען נאך מיר, פלעג איך זיין גליקלעך. איך פלעג ביי זיי קענען שטיפן וויפיל דאס הארץ געלוסט, איך האב אויך געקענט ארומלויפן און ארומשפרינגען. איך האב זיך דארט געפילט פריי און נישט גע־מוזט ארומגיין אויף די שפיץ פינגער.

דערנאך האבן מיר באקומען א ידיעה וועגן דעם טאטן. א צווייטער פעטער האט מיר געשריבן, אז מיינע עלטערן, דעם זיידן און דער באבען האט מען צוגענומען אויף עפעס א צוג. מיין טאטע האט נישט געוואלט פארן מיטן דאזיקן צוג און איז ארויס־געשפרונגען דורכן פענצטער. דארטן זענען געשטאנען מענטשן מיט ביקסן, אבער ער האט פאר זיי קיין מורא נישט געהאט. ער האט זיך ארייננגעכאפט אין אן אנדערן צוג, וואס איז געגאנ־גען אין א לאגער, און איז אנגעקומען קיין פלאשוו, הינטער קראקע.

דערנאך האט ער שוין געמוזט פארבלייבן אין דעם דאזיקן לאגער.

איינמאל האט ער איבערגעקויפט דעם קאמענדאנט פון לאגער און אים צוגעזאגט, אז אויב ער וועט אים געבן א פאסיר־שיין אין שטאט אריין, וועט ער אים ברענגען א הערלעכן פאטא־אפא־ראט.

דער קאמענדאנט האט אים ארויסגעלאזט אין שטאט, אבער געקויפט האט דער טאטע נאר א פילם. ער איז צוריקגעקומען אין לאגער און געזאגט דעם קאמענדאנט, אז ער האט נאך דעם אפא־ראט נישט געקענט קריגן, ער מוז דעריבער פארן א צווייט מאל. האט דער קאמענדאנט געזען, אז דער טאטע איז אן ארנטלעכער מאן, ער איז צוריקגעקומען — נעמט ער און גיט אים א צווייטן פאסיר־שיין. דעמאלט איז דער טאטע ארויסגעפארן און שוין מער נישט צוריקגעקומען.

שפּעטער איז דער טאַטע געקומען קיין וואַרשע און האָט עס מיר אַלץ דערציילט.

ווען דער טאַטע איז געווען אין וואַרשע, האָט ער זייער גע־בעטן די עלטערע פרוי פּלאַיטאַס, אַז זי זאָל מיט מיר אַרויספאָרן אויף זומער־וווינונג אויף אַ דריי חדשים.

די עלטערע פרוי האָט אָבער נישט געקענט פאָרן — נישט געהאַט קיין צייט צי וואָס — איז מיט מיר אַרויסגעפאָרן די יינ־גערע שוועסטער אירע, לידיע. דער טאַטע האָט איבערגעלאָזט געלט פאַר מיר.

געהייסן האָט דאָס דאָרף, וווּהין מיר זענען אַרויסגעפאָרן, בינטשיצע און איז געלעגן 43 קילאָמעטער ווייט פון קראָקע.

לידיע האָט צוגעזאָגט צו זיין מיט מיר אויף זומער־וווינונג דריי חדשים, און אָפּגעווען איז זי מיט מיר דאָרט גאַנצע צוויי יאָר, ביזן רעכטן סוף.

זי האָט נישט געקענט צוריקקומען מיט מיר.

לכתחילה פלעגט זי פאַר מיר קריגן געלט, שפּעטער אָבער האָט זי מיך געמוזט אַליין אויסהאַלטן פון איר אַרבעט אויף דראָטן. זי האָט געקענט שטריקן פּרעכטיקע סוועטערלעך, אָבער די דאָר־טיקע מענטשן פלעגן איר נישט אָפּגעבן דאָס געלט פאַר זיי און מיר פלעגן דעריבער אָפט נישט האָבן קיין ברויט.

אַ חוץ דעם האָט זי מיך דריי שעה אין טאָג געלערנט. איך האָב מיט איר דורכגעמאַכט איבער דריי קלאַסן. איך האָב שוין געלערנט וועגן פּראָצענטן, וועגן דעם כלל פון דריי, וועגן דריי־עקן — אַלץ וואָס איך לערן איצט אין דריטן קלאַס. איך האָב אויך געלערנט גראַמאַטיק, געשיכטע און געאָגראַפיע. זי וואָלט מיך אויך געקענט לערנען דייטש — זי האָט די דאָזיקע שפּראַך גוט געקענט — אָבער זי האָט נישט געוואָלט, פאַרוואָס ווייס איך נישט.

די איבעריקע צייט פלעג איך אַרומלויפן אין וואַלד און זיך שפּילן מיט קינדער. מערסטנטייל פלעג איך אַרומגיין מיט ייִנג־לעך. געהייסן האָב איך דאַן וואַיטעק באַרקעוויטש.

איך האָב זייער גוט געלעבט מיט מײַנע חברים. מיר פלעגן זיך פאַרקלייבן הינטער אַ סטויג מיט היי און דאָרטן דרייען פאַ־

פּיראָסן. איינער אַ ייִנגל האָט געהאַט טאַבאַק־בלעטער, פּלעגט ער זיי פּעסט צונויפדרייען און מיר פּלעגן זאַלבאַזעקסט רויכערן איין פּאַפּיראָס. מען האָט דערביי געדאַרפט טיף פאַרציען דעם רויך,דערנאָך פּלעגט מיר דערפון ווערן אַזוי נישט גוט, אַז מיר



לידיאַ פּלאַיטאַס

האָט זיך נאָר געוואָלט ברעכן, אָבער מודה זיין זיך דערין האָט מיר נישט געפּאַסט. צייטנווייז פּלעג איך קוים צוריקקומען אַהיים.

אינדערהיים פלעגט מיך פרוי לידיע באַלד אַוועקלייגן אין בעט אַריין, אַזוי בלייך האָב איך אויסגעזען.

לכתחילה האָט זי געוואָלט אַז איך זאָל זי רופן „מאַמע". איך האָב זיך אָבער דערצו נישט געקענט צוגעוויינען און זי גערופן „פּראַשע פּאַני".

אנגענעם איז געווען אין דאָרף — שטיל, רויק...

דערווייל האָט זיך פרוי לידיע דערוווּסט זייער נישט קיין גוּטע זאַכן וועגן מיין טאַטן. מען האָט דערציילט, אַז ער איז צופיל אַרומגעפאָרן איבער קראָקע מיט דאָראָזשקעס, האָבן אים דייטשן געכאַפּט. ער איז דורכגעגאַנגען אַ דאָקטוירים-קאָמיסיע און מען האָט אים אַוועקגעשיקט קיין אָשוויענצים.

מיין פעטער, דער, וועלכער האָט זיך געהאַט צוזאַמען מיט מיר אויסבאַהאַלטן — איז שוין אויך געווען אינגאַנצן גרוי פון עגמת־נפש און צרות, ווייל ער האָט שוין נישט געהאַט קיין שום אָרט, ווו אויסצובאַהאַלטן זיך.

שפּעטער זענען פלוצלינג געקומען די רוסן. דאָס איז פאָרגעקומען אינגאַנצן אומגעריכט. פריער זענען דורכגעפאָרן עטלעכע דייטשע אויטאָס, און באַלד נאָך זיי — פול אַנדערע. האָבן מיר געמיינט, אַז דאָס זענען נאָך אַלץ דייטשע קאַמיאָנען, צום סוף זענען דאָס גאָר געווען רוסישע, וואָס האָבן זיך געיאָגט נאָך די דייטשע.

מיר זענען פּונקט געווען גוט אָנגעטון, ווייל מיר האָבן געזאָלט גיין אין וואַלד אַריין, כדי אויסצובאַהאַלטן זיך פון אַנטלי — און דאָ פאָרן פלוצלינג אָן די אויטאָס.

מיר זענען אַלע אַרויסגעגאַנגען כדי אָנצוקוקן די מאָדנע אויטאָס, האָבן זיך מיט אונז די רוסן פונאַנדערגערעדט און אונז אָנגעהויבן מכבד צו זיין מיט פאַרשיידענע זאַכן, ווייזן זייערע מעדאַלן. זיי האָבן אונז אַלץ פונאַנדערגעפרעגט ווו זענען די דייטשן.

אין דאָרף איז געוואָרן אַ גרויסע באַוועגונג. אַלע מענטשן האָבן זיך אָנגעהויבן צו באַקלאָגן אויף די דייטשן און זיך געפרייט, וואָס די מלחמה וועט זיך גיך ענדיקן.

דערווייל האָבן זיך די יינגלעך אין דאָרף דערוווּסט, — איך

ווייס נישט פונוואַנען — אַז איך בין נישט קיין פּאָליאַק, נאָר אַ ייד. פון דעמאָלט אָן האָבן זיי זיך נישט געוואָלט שפּילן מיט מיר און האָבן מיך כסדר געערגערט. זיי פלעגן זיך יאָגן נאָך מיר, שרייען „מוישע" און באַוואַרפן מיך מיט שטיינער.

צום ערשטן מאָל איז לידיאַ פּלאַיטאַס דאַן אַוועקגעפאָרן אין נאָענטסטן שטעטל (זי האָט זיך דאָרט באמת אַרויסצוקריגן אַ דערלויבעניש אויף אַרויסצופאָרן קיין וואַרשע) און איך בין אַליין פאַרבליבן אין שטוב. האָבן דאָס די יינגלעך דערשמעקט און גע־נומען וואַרפן אויף מיר שטיינער דורכן פענצטער. האָב איך לאַנג נישט געטראַכט, צונויפגעקליבן די שטיינער, וואָס זיי האָבן אַריינגעוואָרפן, און גענומען צוריקוואַרפן אויף זיי.

דאָ איז אַריינגעקומען דער בעל־הבית און האָט מיך גענומען זידלען.

— נאָך וואָס ביסטו געקומען צו מיר, דו „זשיד פּאַרשיווי"? — האָט ער זיך צעשריען. געכאַפּט אַ שטעקן און אָנגעהויבן מיך נאָכיאָגן.

איך האָב זיך זייער דערשראָקן און גענומען אַנטלויפן. איך בין אַרויסגעלאָפן אויפן שאָסיי און זיך פונאַנדערגעוויינט.

אין בין דאָרט געשטאַנען אַ לענגערע צייט און געוואַרט. אפשר וועל איך דאָ באַגעגענען לידיע פּלאַיטאַס, — האָב איך זיך גע־טראַכט, ווייל מיטן דאָזיקן שאָסיי, האָב איך געוווּסט, קומט מען פון שטעטל. לסוף האָב איך זי טאַקע דערזען צוריקקומען אויף אַ פור. באַלד ווי זי האָט מיך דערזען, איז זי אַראָפּגעשפּרונ־גען פון וואָגן און מיך געפרעגט, וואָס איז געשען.

איך האָב איר אַלץ דערציילט און געבעטן זי, זי זאָל מיך צו־נעמען פון דעם דאָזיקן דאָרף, ווייל די מענטשן זענען דאָ זייער שלעכט צו מיר.

זי האָט מיך באַרויקט און מיך אַוועקגעפירט צום בעל־הבית. איך האָב אים געמוזט איבערבעטן.

ווען איך בין צוריק אַריין אין דער וווינונג, האָב איך באַ־מערקט, אַז אויפן טיש איז געבליבן בלויז אַ קליין שטיקעלע ווייס־ברויט, איך האָב דאָס ברויט נישט אויפגעגעסן — איך האָב אי־בערגעלאָזט אַ גאַנצן לעבל ברויט אויפן טיש.

אין דעם דאָזיקן דאָרף זענען מיר אָפּגעווען נאָך דריי חדשים, ווייל מיט דער באַן, האָט מען נאָך אַלץ נישט געקענט פאָרן. לי־דיע איז כסדר געגאַנגען אין שטעטל צו פוס און האָט דערפון באַ־קומען שרעקלעכע ווונדן אויף די פיס. ווען זי פלעגט אראָפּנעמען די שיך, — פלעגט פון די ווונדן רינען אַ שוואַרצער אייטער. דער סוף איז געווען, אַז זי האָט זיך געמוזט אַריינלעגן אין בעט אויף עטלעכע טעג.

נאָך לאַנגע מאַטערנישן איז איר דאָך געלונגען אַרויסצובאַקו־מען דאָס פּאַפּירל און מיר זענען אַוועקגעפאָרן קיין וואַרשע. מיר האָבן געהאַט פיל צרות מיטן באַגאַזש, ווייל ער איז אונז אויפן וועג פאַרלאָרן געגאַנגען, און דער סטאַציע־הויפּט האָט אונז גע־זאָגט, אַז דאָס גייט אים נישט אָן — אַלע קומען צו אים מיט פּרעטענסיעס וועגן זייער באַגאַזש, יעדער מוז היטן זיינע זאַכן אַליין. אַלעמען האָט זיך פאַרוואָלט פאָרן מיטאַמאָל און די באַן האָט דערפון אויסצושטיין צרות. מיר האָבן זיך געמוזט אומקערן און אַרומזוכן די פאַרלוירענע זאַכן אויף פאַרשיידענע סטאַציעס. לסוף האָבן מיר אונזער באַגאַזש אָפּגעפונען און מיר זענען מיט אים אַ צווייט מאָל געקומען קיין וואַרשע.

אין וואַרשע האָט מיך פרוי לידיע אָפּגעגעבן אין אַן אינטער־נאַט קיין זאַטשעמב, ווייל זי איז געווען זייער אָרעם און נישט געהאַט מיט וואָס מיך צו שפּייזן. זי האָט נאָר געקענט מיר מאַכן סוועטרען.

אין זאַטשעמב בין איך קראַנק געוואָרן, און דער דאָקטאָר האָט געזאָגט, אַז איך מוז פאָרן אין די בערג. האָט מיך דאַן די פרוי פון דאָרטן געפרעגט, צי איך וויל פאָרן, האָב איך געענט־פערט אַז יאָ.

און איך האָב גוט געטון, וואָס איך האָב אַזוי געזאָגט, ווייל אַ דאַנק דעם בין איך איצט אין פראַנקרייך, ווען איך זאָג דאַן, אַז כ׳וויל נישט פאָרן, וואָלט איך ביזן היינטיקן טאָג געזעסן אין פוילן.

---

# באַמערקונגען וועגן שימעק העלער

וועגן שימעק העלער האָב איך קיין זאַך נישט געוווסט, אויסער דאָס, אַז ער איז צו מיר געקומען פון דעם קינדערהיים אין זאַטשעביע. ער האָט געהאַט פאַרגרעסערטע לונגען-דריזן און דעריבער האָט ער זיך גענויטיקט אין אַ באַרג-קלימאַט.

שימעק האָט ביים אָנקומען צו אונז אויסגעזען ווירקלעך נעבעכדיק, בלייך, דאַר און אויסגעצערט. ער איז געווען און פאַרבליבן ביזן היינטיקן טאָג איינער פון די שוואַכסטע און אַמערגסטן אויסזעענדיקע קינדער אין הויז.

זיין געשיכטע האָב איך אַבסאָלוט נישט געקענט.

איינמאָל, ווען איך בין געווען אין וואַרשע, האָט מען מיר געזאָגט אַז אַ געוויסע פרוי פלאַיטאַס, וויל זיך מיט מיר זען, ווייל זי וויל עפּעס איבערשיקן איינעם פון מיינע קינדער. זי איז שוין, האָט מען מיר דערציילט, עטלעכע מאָל געווען אין קאָמיטעט, אָבער זי האָט מיך קיינמאָל נישט געקענט טרעפן.

איך האָב זיך דערפילט שולדיק לגבי איר און מיר איז געוואָרן נישט אַנגענעם, וואָס איך צווינג עמיצן צו גיין אַזויפיל מאָל אומזיסט.

לסוף האָב איך זי באַגעגנט אין דער טיר; דאָס באַגעגעניש איז געווען אַ קורצע און אַ צופעליקע, ווייל איך האָב שוין געהאַלטן אין אָפּפאָרן. זי האָט זיך מיר פאָרגעשטעלט אַלס שימעקס שיצערין און האָט מיך געבעטן, אַז איך זאָל מיטנעמען פאַרן קינד אַ סוועטערל, סקאַר-פעטקעלעך און אַנדערע קלייניקייטן, וואָס זי האָט אייגנהענטיק אויס-געשטריקט, ווייל זי האָט מורא, אַז דאָס קינד וועט אין זאַקאָפּאַנע דער-פרוירן ווערן. זי האָט מיך אויך אויסגעפרעגט וועגן דעם קינד, דער-ציילט וועגן איר עגמת נפש, וואָס דאָס קינד שרייבט איר אַזוי ווייניק און וואָס זי קען אַזוי ווייניק טון פאַר אים. זי איז אָרעם און לעבט פון דער אַרבעט, וואָס די פרויען פון קאָמיטעט גיבן איר אַהיים.

איך בין דערפון געווען אַזוי גערירט, אַז איך האָב קיין וואָרט נישט געקענט אויסרעדן. איך האָב פשוט נישט געוווסט וואָס צו ענט-פערן איר.

איך האָב איר פאַרזיכערט, אַז דאָס קינד האָט אַלץ, וואָס עס באַ-דאַרף. איך האָב איר געוואָלט בעטן, אַז זי זאָל נישט פטרן די נעכט אויף שטריקן סוועטערלעך פאַרן קינד, ווייל עס נויטיקט זיך נישט דע-רין, אָבער איך האָב דאָס איר נישט געזאָגט, און די מתנה פאַרן קינד צוגענומען.

פון דעמאָלט אָן פיל איך זיך כסדר שולדיק לגבי איר און איך וויים נישט וויאַזוי דעם דאָזיקן חוב צו באַצאָלן. זי איז נויטן קינד ספּעציעל אַרויסגעפאָרן אין אַ דאָרף כדי אָפּצוהיטן אים. זי האָט עס אויסגעהאַלטן, געלערנט, געשיצט. זי האָט געשענקט דעם קינד דריט-האַלבן יאָר פון איר לעבן. זי האָט געשענקט דער וועלט דאָס לעבן פון אַ קינד, וואָס גיט זיך אַפילו נישט אָפּ קיין חשבון דערפון.

קען מען דען דערפאַר באַצאָלן?

# וואָס דערציילט מאַניוש קליינמאַן

געבוירן דעם 17טן דעצעמבער 1936 אין קראָסנע
(בעתן געשפּרעך 10 יאָר אַלט)



מיין מאַמע און מיין טאַטע האָבן זיך געמוזט כסדר באַהאַלטן און אַריבערטראָגן, און די ניאַניע איז אומעטום געגאַנגען מיט אונז. ניאַניע איז שוין געווען אַן אַלטע. זי איז אַלט געווען אפשר אַ יאָר 60, און אפשר נישט — איך ווייס נישט אויף זיכער. ביי קינדער קען מען לייכט טרעפן, און ביי דערוואַקסענע איז שווער.

לכתחילה זענען מיר געווען אין קראָסנע. דערנאָך זענען מיר אַרויסגעפאָרן קיין בזשאָזוו. שפּעטער איז דער טאַטע אוועקגעפאָרן קיין סטרי און איז אַ לאַנגע צייט נישט געווען. מיר האָבן זיך אַריבערגעצויגן פון איין הויז אין צווייטן, דערנאָך ווידער אין דאָרף אַריין און שפּעטער אין געטאָ.

אַ שרעקלעכע פּאַרדרייעניש איז דעמאָלט געווען. איך געדענק שוין נישט, וואָס איז געווען פריער און וואָס שפּעטער.

און ס'איז טאַקע שווער צו וויסן, ווייל אַלץ דרייט זיך אין קאָפּ.

ווען איך האָב זיך שפּעטער גענומען דערמאָנען צוזאַמען מיט דער ניאַניע די פֿריערדיקע צייטן, האָבן מיר נישט געקענט דער־גיין קיין טאָלק. די ניאַניע האָט געטענהט, אַז פֿריער איז אַרויס־געפֿאָרן דער מאַמע, און דערנאָך מיר, און איך האָב געזאָגט פֿאַר־קערט.

איך מיין, אַז דאָס, וואָס עס געדענקט זיך גוט, האָט געמוזט זיין פֿריער. איך ווייס אפֿילו נישט פֿאַרוואָס מיר האָבן זיך אַזוי־פֿיל מאָל אַריבערגעצויגן.

איך ווייס, אַז מיר האָבן געהאַט אַ מאַנופֿאַקטור־געשעפֿט אויפֿן מאַרק (אין קראַסנע) און באַלד ביים געשעפֿט — אַ וווינונג. אָבער מען האָט ביי אונז אַלץ אָפּגענומען און מיר האָבן זיך געמוזט אַריבערציען אין אַ קליין צימערל אַזאַ, אַזוי ווי אַ העלפֿט פֿון אונ־זער איזאָליר־צימער.

דער טאַטע מיט דער מאַמען זענען אַוועק, כּדי אויסצובאַהאַלטן זיך אין אַ דאָרף, און איך האָב זיך אַזוי אַרומגעוואַלגערט און אַרומגעוואַלגערט און נישט געהאַט וווּ צו שלאָפֿן.

דערנאָך האָט מיך גענומען עפּעס אַ פֿרוי און ביי איר האָב איך איבערגעשלאָפֿן אַ פּאָר נעכט אויף דער פּאָדלאָגע.

דערווייל איז דער טאַטע צוריקגעקומען פֿון דאָרף און מען האָט זיך געדאַרפֿט רעגיסטרירן. פֿאַר אונזער הויז האָט מען אַוועקגע־שטעלט אַ טיש און מען האָט רעגיסטרירט אַלע יידן. וועמען מען האָט אָנערקענט פֿאַר אַ פֿעיקן צו דער אַרבעט, יענעם האָט מען געלייגט אַ שטעמפּל און דער מאַמען — נישט. האָט מען דעם טאַטן געשיקט צו דער אַרבעט, און די מאַמע האָט מען ערגעץ אַרויסגעפֿירט מיט אַן אויטאָ. וואָס מיט זיי איז געשען, האָב איך נישט געוווּסט.

מיין טאַטע איז געווען אַ נידעריקער און האָט געהאַט בלויע אויגן. אַלע האָבן געזאָגט, אַז איך בין ענלעך צו אים.

די מאַמע האָט געהייסן ערנעסטינאַ.

איך האָב געהאַט זייער פֿאָטאָגראַפֿיע, אָבער שפּעטער האָב איך מורא געהאַט צו האַלטן זי ביי מיר, ווייל מען האָט דאָרט אומע־טום אונדז געקענט, האָב איך זי אַוועקגעגעבן דער ניאַניע, אַז זי זאָל עס באַהאַלטן. די ניאַניע האָט זי אָבער מסתּמא נישט. ביי

איר זענען געווען אַזויפיל רעוויזיעס, אַז זי האָט זיכער געמוזט פאַרברענען.

שפּעטער בין איך געגאַנגען מיטן טאַטן צו דער אַרבעט.

איך אַליין האָב נישט געאַרבעט. ס'איז מיר געווען זייער לאַנג־ווייליק, אָבער פאַרבלייבן אַליין אין שטוב האָב איך נישט גע־קענט, ווייל איך בין נאָך געווען אַ קליינטשינקער. און אפשר האָט דער טאַטע מורא געהאַט מיך איבערצולאָזן, ווייל דעמאָלט האָבן די דייטשן אַלע יידישע קינדער פאַרנומען אין די אויטאָס.

אַזוי בין איך געווען מיטן טאַטן אין געטאָ 6 טעג. שפּעטער האָבן די יידן געמאַכט אין דער געטאָ־וואַנט אַזאַ מין לאָך און זיי פלעגן דורך איר זיך דורכגנבענען. זיי פלעגן אַרויסגיין, הייסט עס, פון געטאָ און צוריק אַריינגיין. מיין ניאַניע פלעגט אויך אויף אַזאַ אופן צו מיר קומען.

איין מאָל, געדענק איך, איז זי צו מיר געקומען און מיך מיט־גענומען צום פּריזיער אין שטאָט אַריין.

שפּעטער אָבער איז געוואָרן וואָס אַמאָל ערגער.

מיר האָבן געוווינט אין אַ הויז אַזאַ אויף פּאָטשיען. דאָס איז געווען מיין פּאָטערס הויז. געוווינט האָבן דאָרטן נאָר יידן. דער־נאָך האָט מען פון דאָרטן אַרויסגעוואָרפן אַלע יידן און כ'האָבן זיך אַריינגעצויגן פּאָליאַקן.

מיין ניאַניע איז געווען אַ פּאָלקע, האָט זי דאָרט געקענט פאַר־בלייבן, אָבער מען האָט איר נישט דערלויבט צו וווינען אין אונ־זער וווינונג. האָט זי געוווינט דעריבער אין אַ שכנותדיקער דירה אויפן זעלבן שטאָק.

די וווינונג האָט געהאַט באַקומען איינע אַ פּאָלקע פון קראָקע, אַ געוויסע פּרוי נאָיואַק. זי איז אָבער אַרויסגעפאָרן אויף אַ גאַנצן זומער קיין וואָלקאָווי; האָט זי צייטווייליק דערלויבט צו וווינען דאָרט מיין ניאַניע. אַזוי ווי איך האָב זיך דאַן שטאַרק אַרומגעוואַלגערט, האָט די ניאַניע דאָס נישט געקענט צוקוקן און זי האָט מיך גענומען צו זיך, אין יענער וווינונג. אָבער די שכנים אינם הויז האָבן געוווּסט, אַז די ניאַניע באַהאַלט מיך אויס, און זענען דערפאַר אויף איר געווען אין כעס.

איך ווייס נישט פאַרוואָס זיי האָבן נישט געוואָלט, אַז איך

זאָל זיין צוזאַמען מיט דער ניאַניע. אפשר האָבן זיי געטראַכט, אַז די ניאַניע מוז ליב האָבן נאָר פּוילישע קינדער.

איין מאָל האָט איינע אַ שכנה געזאָגט מיין ניאַניע, אַז זי זאָל איר געבן מיין ווייס בעטעלע און מיין קאָלדרעלע, ווייל זי דער־פאַר מיך אַריינגעבן אין אַן אינטערנאַט. זי האָט מיך אָבער אין



די ניאַניע מאַריאַ פּאָפּסט

ערגעץ נישט אַריינגעגעבן און אפילו נישט געטראַכט וועגן דעם. זי האָט אַזוי בכיוון געזאָגט, כדי אַרויסצובאַקומען פון אונז וואָס מער זאַכן.

ווען מיין ניאַניע איז דערפון געוווּיר געוואָרן, איז זי געוואָרן בייז אויף איר און איר מער נישט געוואָלט גאָרנישט געבן. דאַן האָט די שכנה געשיקט איר זון אין געסטאַפּאָ צו די דייטשן, אַז זיי זאָלן קומען און צונעמען מיך.

מיר האָבן דאַן וועגן גאָרנישט געוווּסט און איך בין זיך געזעסן, ווי געוויינלעך, ביי דער ניאַניען אין צימער. מיטאַמאָל האָט די ניאַניע דערזען, ווי צוויי דייטשע זשאַנדאַרמען גייען אַריין אין טויער פון אונזער הויז. האָט זי זיך באַלד געכאַפּט און מיר געהייסן אַראָפּלויפן אין גאַס אַריין און באַהאַלטן זיך ערגעץ אַזוי לאַנג, ביז זיי וועלן נישט אַוועקגיין..

ס'איז נאָך אַ גליק, וואָס יענע זשאַנדאַרמען זענען פריער אַוועק אין דער וווינונג פון אונזער שכנה און ערשט דערנאָך געקומען צו דער ניאַניע, ווייל ווען זיי גייען גלייך צו אונז, וואָלטן זיי מיך זיכער געכאַפּט.

נאָך דער דאָזיקער געשעעניש האָב איך שוין נישט געקענט צוריקקומען מער צו דער ניאַניע און איך האָב געמוזט גיין אין געטאָ. די ניאַניע האָט מיר שוין נישט געקענט העלפן.

שפּעטער זענען די נאָוואַקס געקומען פון וואָלקאָווי, כדי צוצונעמען זייערע זאַכן. האָט זיי מיין ניאַניע זייער געבעטן, אַז זיי זאָלן מיך מיטנעמען אין דאָרף. זיי האָבן דערויף מסכים געווען. דעמאָלט איז די ניאַניע געקומען אין געטאָ און מיך צוגענומען. די ניאַניע האָט זיך צונויפגערעדט מיט די נאָוואַקס, אַז מיר וועלן זיך מיט זיי באַגעגענען אויפן וואָקזאַל און צוזאַמען אָוועקפאָרן. אָבער די נאָוואַקס האָבן געהאַט פיל פּעק און זיי זענען אַוועק זיבן אַ טרעגער. דערווייל האָבן מיר מיט דער ניאַניע אויפן וואַקזאַל געוואַרט און געוואַרט און גאָרנישט.

אַזוי ווי מיר האָבן זיך נישט געקענט דערוואַרטן, זענען מיר אַליין אַוועקגעפאָרן.

מיר האָבן זיך אַרויסגעזעצט אויף דער לעצטער סטאַציע און

אַוועק צופּים. אַזוי זענען מיר געגאַנגען ביז אָוונט און געמוזט איבערנעכטיקן ביי איינעם אַן אוקראַינער.

אויפן צווייטן טאָג האָבן מיר אויך געמוזט גיין צופוס, אָבער אויפן וועג האָבן מיר, צום גליק, באַגעגנט איינעם אַ פורמאַן, וואָס איז געפאָרן צו דער סטאַציע נאָך די נאָוואַקס. האָט זיך מיט אים די ניאַניע צונויפגערעדט און ער האָט געהייסן צוּוואַרטן אויף אים. ווען ער וועט צוריקפאָרן מיט די נאָוואַקס — האָט ער געזאָגט — וועט ער אונדז מיטנעמען. אַזוי האָבן מיר זיך צוגעקריגן ביז וואָלקאָווי.

דאָס איז געווען אַ זייטיק דערפל ביי דער אונגאַרישער גרענעץ.

אויפן צווייטן טאָג איז די ניאַניע אַוועקגעפאָרן און מיר איז געוואָרן זייער אומעטיק. איך האָב געוויינט און געבעטן, אַז זי זאָל נאָך נישט אָפּפאָרן, אָבער די ניאַניע האָט געזאָגט, אַז זי קען נישט פאַרבלייבן און אַז מיר וועט דאָ זיין גוט.

איך האָב די ניאַניע זייער ליב געהאַט. אָבער די פרוי נאָוואַק איז אויך געווען גוט צו מיר.

מיר האָבן געוווינט ביי אַן אָרגאַניסט. די קיך איז געווען אַ בשותפותדיקע, פאַרן אָרגאַניסט און פאַר אונדז.

ס'איז געווען זייער אָנגענעם. אַהין פלעגן זיך צונויפקומען די יינגלעך פון גאַנצן דאָרף, מען פלעגט זיך מאַכן אַ שאָך־ברעטל פון טעקטור און מען פלעגט שפּילן אין אַ וואָלף מיט שעפּסן.

דער ברודער־זון פון אונדזער לאָקאַטאָרקע איז געווען מיינער אַ חבר. מיר האָבן זיך באַפריינדעט און צוזאַמען געשפּילט. מיר פלעגן גיין אויפן גליטש און זיך דאָרט גליטשן.

פרוי נאָוואַק האָט נישט געהאַט קיין זון, נאָר דריי טעכטער. אַלע עלטער פון מיר. זיי זענען געווען זייער ליב און גוט צו מיר. באַטש זיי זענען געווען עלטער פון מיר, פלעגן זיי זיך פונדעסט־וועגן, נאָכן מאַכן די לעקציעס, מיט מיר שפּילן.

זיי זענען געגאַנגען אין דריטן און פערטן קלאַס. און פאַר דער עלטסטער, האַלינקע, איז שוין אַפילו נישט געווען קיין קלאַס אין יענער שול — אַזויפיל האָט זי געקענט.

איך בין אין שול נישט געגאַנגען, ווייל די פרוי נאָוואַק האָט מורא געהאַט מיך צו שיקן. אָבער נישט געקוקט דערויף, האָב איך

זיך אויסגעלערנט לייענען און שרייבן. איך האָב זיך אַליין אויסגעלערנט. איך האָב זיך צוגעהערט ווי די מיידלעך לערנען זיך און כ'האָב זיך אויך אויסגעלערנט.

גערופן האָט מען מיך דעמאָלט מאַניעק מאַרקעוויטש (אינדערעמתן הייס איך מאַניעק קליינמאַן). אָבער לכתחילה איז געווען אַ גאַנץ פאַרדרייעניש, ווייל די פרוי נאָוואַק האָט מיר פון אָנהייב געגעבן בלויז אַ נאָמען און וועגן אַ פאַמיליע־נאָמען האָט זי פאַרגעסן.

איין מאָל בין איך אַוועק מיט די מיידלעך צו גאַסט צום גלחס ווירטין. זי איז געווען זייער העפלעך מיט אונז און האָט אונז גענומען אויספרעגן וועגן פאַרשידענע זאַכן. מיך האָט זי געפרעגט, ווי איך הייס, האָב איך איר געזאָגט: מאַריאַן. האָט זי מיך דאַן געפרעגט:

— און ווי איז דיין פאַמיליע־נאָמען? — האָב איך נישט געוווסט, וואָס צו ענטפערן. האָט זי אַ קוק געטאָן אויף מיר און געזאָגט:

— אַזאַ גרויסער בחור, און ווייס נישט זיין פאַמיליע־נאָמען!...

מיר איז געוואָרן זייער נישט אַנגענעם און אויך די מיידלעך האָבן נישט געוווסט, וואָס צו זאָגן, האָבן מיר זיך אַלע פאַרשעמט און אַנטלאָפן.

דערנאָך, ווען מיר זענען צוריקגעקומען אַהיים און דערציילט דאָס דער פרוי נאָוואַק, האָט זי אונז געזאָגט, אַז מיר האָבן געדאַרפט אויסטראַכטן אַבי־וואָס פאַר אַ פאַמיליע, אַז דאָס איז אַלץ איינס. אָבער דעמאָלט האָבן מיר נאָך דאָס נישט פאַרשטאַנען.

שפּעטער איז די פרוי נאָוואַק אַוועק צו איר און ווי עס איז, די זאַך איר אויפגעקלערט. איך ווייס אַליין נישט וויאַזוי, אָבער נישט איז אופן אויפגעקלערט. איך ווייס אַליין נישט וויאַזוי, אָבער די ווירטין איז שוין אויף מיר נישט בייז געווען.

איינמאָל האָט זיך פרוי נאָוואַק צעקריגט מיט דער אָרגאַניסטקע און מיר האָבן זיך געמוזט איבערציען. מיר האָבן געוווינט ביי אַן אַנדער ווירט. דער דאָזיקער ווירט האָט געהאַט זייער פיל זין. איינעם האָט ער געהאַט אַזאַ קליינעם זבישעק און דעם צווייטן — אַ גרויסן זבישעק. ביי אים איז געווען אַ וויטעק און אַ יאַנעק;

אַ מיעטעק, וואָס האָט געפּיטערט די קי, און אַ סטאַשעק, וואָס האָט שוין אַליין געאַרבעט אין פעלד. אחוץ זיי האָט ער נאָך געהאַט אַזאַ קליינטשיקן וויטוש, וואָס האָט נאָך נישט געקענט רעדן.

צו דעם אַלעם איז אים נאָך געבוירן געוואָרן אַ טעכטערל. ער האָט איר אַ נאָמען געגעבן קלעמענטינאַ, אָבער באַלד נאָכן הייליקן קרייצן זי, איז זי געשטאָרבן. וואָס ווייסט איר, וואָס ווייסט איר, וואָס פאַר אַ לוויה מען האָט איר געמאַכט!

אַלע גלחים פון די אַרומיקע דערפער האָט דער ווירט גערופן. נאָך יעדן פון זיי האָט ער געשיקט אַ ספּעציעלע פור. אפילו אַ מניך האָט ער אַראָפּגעבראַכט. זעקס גלחים זענען נאָכגעגאַנגען איר טרומנעלע און דערצו נאָך אַ מניך.

ס'איז געווען אויסערגעוויינלעך שיין. דאָס גאַנצע דאָרף איז געווען אויף דער לוויה.

אונזער ווירט האָט אויך געהאַט פיל קי און פערד. יעדע קו האָט אַנדערש געהייסן, דאָס זעלבע די פערד. איינע האָט געהייסן קראַסוליאַ, איינע סיווּליאַ, איינע לאַציאַטאַ... און נעבן אונז, האָט געוווינט איינער אַ יונגער ווירט, וואָס האָט ערשט נישט לאַנג חתונה געהאַט, האָט ער אַ נאָמען געגעבן זיין קו — ווייסט איר ווי? — „פּאָקאָיוווקאַ" (שטוב־מיידל)!

דאָס לעבן איז געווען נודנע. מען איז כסדר געגאַנגען אין קאָשציאָל און איך בין נאָך געווען אַ קליינער.

שפּעטער איז באַשלאָסן געוואָרן צו פאָרן קיין וויעליטשקי, ווייל די פרוי נאָוואַק האָט דאָרט געהאַט עלטערן. אין יואָלקאָווי איז קיין לעבן נישט געווען. די פרוי נאָוואַק האָט זיך געמוטשעט פייניקן, און די קינדער האָבן זיך נישט געקענט לערנען, ווייל די שול איז געשטאַנען אויף אַ נידריקער מדרגה.

אין וויעליטשקי איז געווען אַ גרויסע, געמויערטע שול אויף די זאַבאָרעס און אפילו אַ גימנאַזיום.

אין דער צווישן־צייט, ווען מיר זענען נאָך געווען אין וואָלקאָווי און דער הער נאָוואַק פלעגט פאָרן קיין קראָסנע, האָט ער מיר דריי מאָל געבראַכט אַ בריוו פון טאַטן. מיר איז דאָס געווען זייער אַנגענעם, ווייל איך האָב שוין געקענט אַליין לייענען. און איך האָב באַלד דעם טאַטן אָפּגעשריבן. דער טאַטע האָט דאַן געאַרבעט

אין קראָסנע און פלעגט מיר כסדר שרייבן: „זיי נישט טרויעריק, קינד מיינס".

אָבער איך האָב געפילט פון די בריוו, אַז ער, דער טאַטע, איז טרויעריקער פון מיר. ווען דער מאַמען פלעגט ער קיינמאָל קיין וואָרט נישט שרייבן און איך האָב פון אים וועגן איר גאָרנישט נישט געקענט דערגיין.

ערשט שפּעטער, נאָך דער באַפרייונג, ווען די ניאַניע איז שוין נאָך מיר געקומען קיין ווילעליטשקי, האָט זי מיר דערציילט אַלץ, וואָס עס איז געשען מיטן טאַטן און דער מאַמען.

דער מאַמען האָבן די דייטשן דאַן אַרויסגעפירט מיטן אויטאָ הינטער דער שטאָט און אַוועקגעשטעלט דעם אויטאָ אין מיטן פעלד. דערנאָך האָט מען אַלע מענטשן אַרויסגעזעצט און געהייסן גראָבן פאַר זיך אַ קבר. און אַז דער קבר איז שוין געווען פאַרטיק, האָט מען אָנגעהויבן שיסן אויף די מענטשן ווו עס האָט זיך גע־לאָזן. איינעם האָט מען געטראָפן אין פוס, איינעם אין דער האַנט, איינעם אין קאָפּ — און מען האָט אַלעמען אַריינגעוואָרפן אין גרוב אַריין.

מיין מאַמען האָט אַ דייטש אַ האַק געטאָן מיט דער ביקס אין קאָפּ אַזוי, אַז דער מוח האָט פון אים אַ שפּריץ געטאָן — אַזוי האָט מיר די ניאַניע דערציילט.

איך ווייס שוין אַליין נישט, צי אַזעלכע זאַכן קענען אמת זיין. איך האָב זיך געפרעגט איינעם אַ גרויסן יינגל: וואָס געשעט מיט אַ מענטש, ווען עס שפּריצט אים אַרויס דער מוח? האָט ער גע־ענטפערט, אַז אַזאַ מענטש קען בשום אופן נישט לעבן, ווייל דער מוח איז דאָס וויכטיקסטע.

איך האָב זייער לאַנג וועגן דעם געטראַכט, אָבער גלויבן דערין האָב איך נישט געקענט. די דייטשן, אָבער, האָב איך געהערט, זע־נען געווען אַזעלכע שלעכטע, אַז זיי האָבן געקענט טאָן אַזעלכע שרעקלעכע זאַכן.

דעם טאַטן ווידער האָט מען אַרויסגעפירט קיין זשעשווו. דאָרטן איז געווען אַ שרעקלעכער הונגער. דער טאַטע האָט געאַרבעט אין לאַגער צוזאַמען מיט אַנדערע יידן, אָבער קיין עסן האָט מען זיי נישט געגעבן. איז דער טאַטע, האָט מען מיר דערציילט, אַרומגע־

גאַנגען איבער די שמיעטניקעס און וואָס די הינט פלעגן נישט דערגריזשען, פלעגט ער אויפקלויבן און עסן. די ניאַניע פלעגט אַהינפאָרן צו אים, זי פלעגט זיך דורכגנבענען צום לאַגער און פלעגט אים שטענדיק עפּעס ברענגען.

שפּעטער איז געווען נאָך ערגער, ווייל דער טאַטע האָט געאַרבעט אין אַזעלכע קאַנאַלן, וואָס האָבן זייער געשטונקען, און די ניאַניע האָט זיך נישט געקענט דערקלייבן צו אים. איינמאָל, ווען די ניאַניע איז צו אים אַהין געקומען מיט עסן, האָט זי אים געזוכט און נישט געקענט געפינען. האָט זי געפרעגט אַנדערע יידן. האָבן זיי בלויז געשאָקלט מיט די קעפּ און גאָרנישט נישט געענטפערט. דערנאָך האָבן זיי זיך אויסגעדרייט און אַוועק. ערשט דעמאָלט האָט די ניאַניע פאַרשטאַנען, אַז ער לעבט שוין נישט.

אַזעלכע שרעקלעכע זאַכן האָט מיר די ניאַניע דערציילט וועגן מיינע עלטערן. און איך האָב עס גוט פאַרגעדענקט, ווייל איך טראַכט כסדר דערפון, אָבער איך קען בשום אופן נישט גלייבן, אַז דאָס זאָל זיין אמת, אַז זיי זענען אומדערשאמתן נישטאָ.

אין זוילעטשקע בין איך ווייטער געווען ביי דער פרוי נאָוואַק און איך האָב געמוזט זיין זייער פאָרזיכטיק, ווייל דאָרטן זענען געווען פיל מענטשן, וואָס האָבן געזוכט און געשניטערט.

די מיידלעך זענען געגאַנגען אין שול אַריין, דאָס הייסט: אויף געהיימע קורסן פון ערשטן און צווייטן גימנאַזיאַל-קלאַס. איך בין אין שול נישט געגאַנגען, ווייל די פרוי נאָוואַק האָט מורא געהאַט איך זאָל נישט אַריינפאַלן.

איך פלעג איר טראָגן האָלץ, וואַסער און קוילן פון קעלער. איך פלעג קויפן גרינס און גרויפן אויפן מאַרק, איך פלעג ברענגען ברויט אויף קאַרטלעך פון דער פרוי וויאָנזאָווניצקאַ.

שפּעטער האָט פרוי נאָוואַק אָנגעהויבן באַקן קיכלעך צום פאַרקויפן. פלעג איך איר העלפן פונאַנדערצוטראָגן איבער די געוועלבער. די דייטשן האָבן זייער ליב געהאַט היימישע קיכלעך, פלעגן זיי זייער פיל זיי קויפן ביי דער פרוי נאָוואַק און פרעסן.

איך האָב דאָרטן פיל געלייענט. צייטנווייז פלעג איך מיר מיט־

נעמען אַ ביכל אין גערטנדל. מיר האָבן געהאַט אַזאַ שיין גערטנדל פול מיט בלומען.

און אַזוי איז עס געווען ביזן סוף פון קריג.

„באָזשע נאַראָדזיעניע“ איז נאָך אַריבער רויק. אָבער באַלד נאָך די חגאות (מיר האָבן נאָך געהאַט זאַפּאַכן פון דעם פּאַרטיקן געבעקס אין שטוב) — האָט זיך אָנגעהויבן די באָמבאַרדירונג. מיר האָבן זיך באַהאַלטן אין שוץ־ערטער, אָבער דאָס איז נישט אינטערעסאַנט צו דערציילן.

דערנאָך זענען געקומען די רוסן.

איך בין ווייטער אָנגעגאַנגען אַלס פּאָליאַק. דאָרטן האָט געוווינט אַרום אונז איינע אַ שכנה, אַזאַ הויכע און אַ דאַרע, איז זי געווען זייער אַ נייגעריקע, ווי נאָר זי פלעגט מיך ערגעץ פּאַקן, פלעגט זי האַלטן אין איין אויספרעגן מיך וועגן אַלץ.

— מאַניוש, וויפיל ביסטו אַלט? ווו ביסטו געבוירן געוואָרן? וואָס איז געשען מיט דיינע עלטערן? און ווי האָט געהייסן דיין מאַמע? און ווו ליגט זי באַגראָבן? און פאַרוואָס גייסטו נישט אין שול אַריין? און וואָס מראָגסטו דאָרט? אַך, ווי דאַר דו ביסט עס, אָרים קינד! גיט מען דיר עפּעס עסן? א. א. וו. א. א. וו.

ווען דאָס וואָלטן געווען נאָרמאַלע צייטן, וואָלט עס מיך נישט געאַרט. אָבער דעמאָלט האָט עס מיך געפּייניקט און איך האָב מורא געהאַט. איך האָב נישט געוווסט, וואָס איך זאָל ענטפערן. אחוץ דעם האָב איך מורא געהאַט, אַז איך וועל זאָגן איינס און די פרוי נאָוואַק וועט זאָגן עפּעס אַנדערש, וועט ווידער זיין אַ „גראַנדע“.

שפּעטער האָבן די נאָוואַקס געזאָלט פאָרן קיין דאַנציג, האָבן זיי געוואָלט מיטנעמען מיך שוין אויף שטענדיק, ווי זייערן אַ זון. איך האָב דאָס איבעריקס נישט געוואָלט, אָבער וואָס האָב איך געקענט טאָן, אַז איך האָב אויך איצט נישט געקענט אָנגיין אַלס ייד, כאָטש די מלחמה האָט זיך שוין געענדיקט.

אַ גליק, וואָס ס'איז געקומען די גיאַניע און האָט מיך צוגענומען צו זיך. דאָס איז געווען דער בעסטער אויסוועג. זי האָט מיך אוועקגעפירט אין יידישן קאָמיטעט און אָפּגעגעבן אין אַן אינטערנאַט אין קראָקע.

דאָרט איז מיר אַבסאָלוט נישט געפעלן. ס'איז נישט געווען נישט קיין רעגולאַמין, נישט קיין אָרדנונג, פול קינדער. איך וואָלט שוין בעסער געוואָלט זיין ביי דער פרוי נאָוואַק.

אין גאַנצן אינטערנאַט איז געווען איין איינציקע פריילן זאַ־שיע. עס קען דאָך נישט זיין איין פערזאָן אי אַ פאַרוואַלטערין אי אַ דערציערין ביי אַזוי פיל קינדער. שפּעטער אָבער האָט זיך אַלץ געענדערט צום גוטן.

אין זאַקאָפּאַנע האָב איך זיך באַלד דערפילט גוט. דאָרטן איז געווען אַן אָרדנונג און אַ באַזונדער הויז פאַר די קינדער. איך האָב זיך דאָרט באַלד אויסגעזוכט חברים. דער בעסטער חבר מיינער איז געווען סאַלעק. אַ שאָד, וואָס ער איז נישט געקומען צוזאַמען מיט אונז קיין פראַנקרייך.

מיין ניאַניע געפינט זיך איצט אין קראָסנע און איך האַלט אין איין שרייבן צו איר. איך האָב פיל בריוו פון איר. איך ווייס אַליין נישט פון וואָס מיין ניאַניע לעבט. זי האָט אַ גאַנץ לעבן געדינט און איז אַ גאַנץ לעבן געווען אָרים.

## באַמערקונגען וועגן מאַניוש קליינמאַן

מאַניוש — אַ קינד פון אַ דורכשניטלעכער קליינשטעטלדיקער פאַמי־ליע, צו וועמען מען האָט פאַרן קריג צוגענומען אַן אָרישע ניאַניע, וואָס זאָל אים דערציען — איז ווייט נישט קיין דורכשניטלעך יינ־געלע.

מען וואָלט געקענט מיינען, אַז ער ליגט נישט אויף זאַכן קיין באַ־זונדער אויפמערקזאַמקייט; אַז ער הערט זיך אַפילו נישט צו ווי גע־העריק, ווען מען ווענדט זיך צו אים; אַז די איינדרוקן לאָזן אויף אים נישט איבער קיין שפּורן (ער איז זייער קינדיש, שטיפט און לעבט זיך אויס זייער אינטענסיוו אין קינדער־קאָלעקטיוו) — אינ־דערעמתן איז אָבער נישט אַזוי.

מאַניוש באַזיצט אַ פרישן, לעבעדיקן גייסט, וואָס אַרבעט אויסגע־צייכנט. זיין וווּנדערלעכער זכרון ווידערשפּיגלט מיט דער גרעסטער ליובט־קייט אַלץ, וואָס ער האָט געהערט און געלייענט. ער איז פלייסיק, אַרבעטזאַם און פלייסיק. ער איז דער בעסטער תּלמיד אין דער שול. די אינטעליגענץ שטייגט איבער זיין עלטער מיט אַ דריי יאָר, לכל הפּחות.

ווייניק דאָס, איז מאַניוש אַ קינסטלער. ער האָט אַ מוזיקאַלישן

טאַלענט, וואָס זאָגט אים צו אַ צוקונפט. אַחוץ דעם שרייבט ער זייער שיין און האָט אַן אויסזען פון אַ גריכישן עפעב.

ער איז אַ וווּנדערלעך ייִנגל מיט אַ בלאָנדער טשופּרינע און בלויע אויגן.

אָט אַזאַ איז מאַניוש!

פאַרשטייט זיך, אַז דאָס אַלץ שטערט אים נישט צו שלאָגן זיך מיט



מאַניוש קליינמאַן
אין יאָר 1947 ביי זיין
באַליבטן אינסטרומענט
אין קינדערהיים אַ.נ.פון
נאָמען פון ראָזע גוטענ-
שטיין אין בעלווי

ייִנגלעך, צו טון פון צייט צו צייט אַן עוולה זייער אַ ייִנגערן חבר און כאַפּן דערביי אַן אָפּשניט פון זיין דערציערין (אין קינדערישן קאָלעקטיוו זעען קיין אויסנאָמען נישטאָ).

מען מוז אָבער צוגעבן, אַז ער איז אַ קליינער נישוּפּמאַכער. ער פאַרנישופּט אַלעמען. איינציקע — מיט זיין פּיאַנאָ-שפּילן, אַנדערע מיט זיין אייגענער אָדער פרעמדער פּאָעזיע, און נאָך אַנדערע — מיטן בליק פון זיינע וווּנדערלעכע אויגן.

און אַזאַ קינד האָט זיך אַרומגעוואַלגערט ווי אַ הפקר-הונט אין פאַרשידענע דערפער און שטעטלעך, אַ הונגעריקס, אַ קראַנקס, אַ דארס און אַ טרויעריקס...

ער פלעגט טראָגן וואַסער און קוילן פון קעלער. אין שול אַריין איז ער נישט געגאַנגען, כדי אויסמיידן קאָנטאַקטן און סכנות...

דאָס דאָזיקע קינד איז געווען פאַרורטיילט צום טויט, ווי הונדער-טער טויזנטער אַנדערע, וואָס זענען געווען שיין און פעיק ווי ער.

ער איז לעבן געבליבן, ווייל מיט אים האָט זיך פאַרנומען זיין דער-ציערין, די נאַניע מאַריאַ פּאַפּסט, — אַ פרוי אַ פּשוטע, אָבער מיט

אַ גרויס האַרץ, וואָס איז איבערפולט מיט ליבשאַפט און קרבנות־גרייטקייט.

אויך אַזעלכע מענטשן זענען געווען אין די יאָרן פון פינצטערניש און פאַרברעכן.

זי האָט ווי אַ גוטער מלאך אומעטום דאָס קינד באַגלייט. איר האָט עס צו פאַרדאַנקען זיין לעבן, זיין קעגנוואַרט און זיין צוקונפט. דאָס קינד ווייסט דאָס אויסגעצייכנט און האָט זי ליב מער ווי אַלע מענטשן אויף דער וועלט. ער וועט עס איר זיכער קיינמאָל אין לעבן נישט פאַרגעסן און וועט זי צונעמען צו זיך, אַז די זאָל שוין „מער נישט דינען און נישט זיין אָרים".

אַ גרויסע ליבשאַפט פאַרייניקט זיי ביידן, מאַניושן און זיין ניאַניע. דאָס באַווייזן די בריוו פון דער ניאַניע צום קינד און פאַרקערט.

אָבער דערווייל, — ביז מאַניוש וועט אויסוואַקסן און וועט אָפּדאַנקען זיין שיצערין, — זאָל זי דערווייל פאַרנעמען די דאָזיקע ווערטער און זיך איבערצייגן, אַז אַזעלכע ניאַניעס ווי זי ווערן נישט פאַרגעסן, אַז זייער טאַט לעבט ווי אַ גאָלדן־האַריקער נס כדי אויסצולייזן דאָס שלעכטס און די פאַרברעכנס פון אַנדערע.

# אינהאַלט

פאַרלאַג פונם יידישן פאָלקס־פאַרבאַנד אין פראַנקרייך

מרדכי שטריגלער

# אין א פרעמדן דור

## לידער און פאָעמעס

(1947)

אינהאַלט:



256 זייטן גרויס־פאָרמאַט מיטן בילד פון מחבר

EDITIONS U.P.J., 10 bis, rue Elzévir, Paris-3e

פאַרלאַג פונם יידישן פאָלקס-פאַרבאַנד אין פראַנקרייך

ד"ר מארק דווארזשעצקי

# ירושלים דליטא
# אין קאמף און אומקום

## זכרונות פון ווילנער געטאָ

(1948)

516 זייטן גרויס-פאָרמאַט מיט צאָלרייכע רעפּראָדוקציעס לויט פאָטאָס, דאָקומענטן, אַפישן, צייכענונגען, מאַפּעס און פּלענער.

מיט אַן אויספירלעכן רעגיסטער פון נעמען, זאַכן און געשעענישן, און מיט אַ ליכטיקער פון אַלע וויכטיקע דאַטעס פונם ערשטן טאָג פונם געטאָ ביז צום אונטערגאַנג.

ד"ר מארק דוואָרזשעצקיס בוך איז דער
דערשיטערנדיקסטער
דאָקומענטירטסטער
אויספירלעכסטער
באַריכט וועגן ווילנער געטאָ

EDITIONS U.P.J., 10 bis, rue Elzévir, Paris-3e

פארלאג פונם יידישן פאלקס־פארבאנד אין פראנקרייך

חיים גראדע

# פארוואקסענע וועגן

לידער און פּאָעמעס

(1947)

אינהאלט:



154 זייטן

הילע פון ב ע ן

שער־בלאט און ציקל־צייכענונגען פון א. קאָ ל נ י ק.

EDITIONS U.P.J., 10 bis, rue Elzévir, Paris-3e

פאַרלאַג פונם יידישן פאָלקס־פאַרבאַנד אין פראַנקרייך

מרדכי שטריגלער

# די ערשטע ליבע פון קאפל מאטש

ראָמאַן

(1948)

172 זייטן

EDITIONS U.P.J., 10 bis, rue Elzévir, Paris-3e

